דר. ח. זשיטלאָווסקי

# געזאמלטע שריפטן

## אַכטער באַנד

# אין שווערע צייטען

פארלאַג ה. בּזשאָזאַ

וואַרשע 1932

# אינהאַלט.

## אין שווערע צייטען



## די אינטערעסען פון אידישען פאָלק



## פּראָגרעס און פּראָגרעסיווער נאַציאָנאַליזם

## נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע

# די ערשטע טעג

... שווייצאריע האט זיך גוט פערבאריקאדירט פון אלע זייטען, — געווים א שכל גדול. דייטשלאנד און פראנקרייך האבען אפילו געלאזט אפיציעל מעלדען, אז זיי וועלען רעספעקטירען איהר נייטראליטעט, אבער דער יצר־הרע אין קריעג איז אזוי גרוים... „גאט היט אב דעם וואס היט זיך אליין".

מומחה'ס זאגען, אז קיינעם פון די קריעג־פיהרענדע צדדים וועט זיך ניט געלוסטען א שפיעל צו טהאן מיט דעם בעוואפענטען שווייצערישען פאלק. שווייצאריע איז באמת דאס איינציגע לאנד, וואו די מיליטערישע מאכט איז ניט אבגעריסען פון די מאסען; וואו די גאנצע וואפען־טויגליכע בעפעלקערונג האט די כלי־זיין ביי זיך אין דערהיים און דעם פעסטען מוטה ביי זיך אין דער ברוסט — אוועקצוגעבען דעם לעצטען טראפען בלוט פאר דער זעלבסטשטענדיגקייט אין דרויסען און פאר דער פרייהייט אינוועניג אין לאנד.

„ניט דייטשלאנד, ניט פראנקרייך וועט זיך לוינען אנצוהויבען מיט אונז", זאגען די שווייצער. הלואי! זאל לפחות אט דאס ווינקעלע פון דער אמת'ער אייראפעאישער קולטור בלייבען בעשירעמט פון יענער בארבאריי, וואס האט איצטער פארפלייצט גאנץ אייראפא.

דאס שווייצערישע פ א ל ק קוקט פול מוטה און צוטרוי אין זיין פאליטישער צוקונפט. אבער דער שווייצערישער ע ו ל ם האט אין די ערשטע טעג פון דער מאביליזאציע פערלארען דעם קאפ: ער האט זיך א ווארף געטהאן אין די באנקען ארויסנעהמען זיינע דעפאזיטען. פרויען האבען זיך א לאז געטהאן אין די שפייזקראמען איינקויפען פראוויאנט אויף וואכען און חדשים. נארישע, נישט געשטויגענע ידיעות האבען זיך ארומגעטראגען אין דער לופט,

זוי ערגעץ־וואו אין אַן איישישאָק, און עס האָט געדוכט, דאָס לאַנד וועט אינוועניג אין זיך צונויפברעכען פון לויטער שרעק.

אָבער די אָרגאַניזאַציאָן פון פ אָ ל ק איז באַלד געוואָרען דער אויבערהאר איבער דעם צושראָקענעם ע ו ל ם. די רעגיערונג און די פאָרשטעהער פון אַלע פּאַרטייען האָבען שנעל אריינגענומען די קעהר־רימענס אין די הענד, און אין אַ פּאָר טעג ארום זיינען די איבערגעשראָקענע ווידער געקומען צו זיך. שטרענגע געזעצען אנטגעגען די, וואָס העכערען די פּרייזען אויף לעבענס־מיטעל; קאָמיטעטען אויסצוהעלפען אין דער נויטה; אַ רעכט־שטילשטאַנד (מאָראַטאָריום) אויף אַ געוויסער צייט פאַר די, וואָס קענען נים פּאַרטיג ווערען מיט די צאָהלונגען פון זייערע חובות: אַ קאָנטראָליע איבער דער גאַנצער פּראָדוקציע פון אַלע לעבענס־מיטלען אין דעם לאַנד, — אָט דאָס אַליין, אָט דער בלאָסער שוץ פון אַ סאָציאַליסטישער באַלעבאַטישקייט, — איז געוועזען גענוג, כדי אריין צו פליעסען ז י כ ע ר ה י י ט אין די אויפגערודערטע געמיטהער און צו פערטרייבען די פּאַניק.

דאָס טאָג־טעגליכע לעבען האָט אָנגעהויבען ווידער צו געהן זיין געוועהנליכען גאַנג אין דער שווייץ. דער עולם איז רוהיג. מעהר נישט דאָס פּאָלק איז אין טיפער זאָרג: וואָס וועט זיין ווייטער? ווי ווערט מען פאַרטיג מיט דעם פאַרפרעסטען עקאָנאָמישען קריזיס, וואָס שטעהט שוין ביי דער טהיר? און אויב ער איז נים אויסצומיידען, — ווי שוואַכט מען אָב זיין ווירקונג?

וועד וויים, צו וועלכע געדאַנקען דאָס פּאָלק וועט זיך דער־טראַכטען! נישט שוין וועט עס ווידער דערגעהן נאָר צו אַ פּאָר נייע רעפאָרמערישע לאַטעס אויף דעם אַלטען בגד? אָדער וועט אפשר דער „אריינפיהר אין דעם עקספּערימענטאַלען סאָציאַליזם", וועלכען די געשיכטע האָט איצטער אין פּאָרלייגען דעם פּאָלק, אוועקשטעלען זיין געדאַנק אויף אַ גאַנץ אַנדער וועג, וואָס פיהרט צו אַ גאַנץ אַנדער ציעל? זיכער קען מען זיין, אַז די סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי וועט זיך נים פערזאַמען אויסצונוצען די לעקציעס, מיט זייערע העכסט אינטערעסאַנטע עקספּערימענטען, וואָס דאָס לעבען אַליין לייענט צוליעב דעם סאָציאַליזם.

דער עולם איז רוהיג. אָבער דאָס איז נאָר בנוגע צו זיך

און צו דער צוקונפט פון דער שווייץ. דערפאַר איז מען פון דער־
וועלטלאַגע און פון דער קריעג אויפגערודערט ביז צום העכסטען
גראַד. מען פאַלעמיזירט אויף וואָס די וועלט שטעהט. מען קאָ־
מענטירט די בעריכטען פון די צייטונגען און עס ווארפט זיך אין
די אויגען, אַז די קינדער פון איין לאַנד, די שווייצער, זייגען פאָרט
נאָך ניט צונויפגעוואַקסען אין איין פאָלק: די דייטש־שווייצערישע
פרעסע, ווי די דייטש־שווייצער בכלל, האַלטען מיט דייטשלאַנד; די
ראָמאַנישע שווייץ, מיט איהר פרעסע, ציהט צו פראַנקרייך. אין
די עפענטליכע אַרויסטרעטונגען איז מען אָבער זעהר פאָרזיכטיג.
מען ווענדט אָן די גרעסטע מיה צו האַלטען זיך נייטראַל, ניט דער־
לאָזען, אַז אין דער סימפּאַטיע פון׳ם פאָלק זאָל איין צד אריבער־
וועגען דעם אַנדערן.

נאָר א דאַנק דער סאָציאַליסטישער פרעסע פון דער שווייץ,
וואָס האָט וועניגער פאַר אַלעמען פערלאָרען קאָפּ און האַרץ! ווע־
ניגסטענס האָט זיך פון צייט צו צייט אין דעם וויכער פון מיינונגען
און ווידעראַנאַנדען געלאָזט הערען די שטים פון צאָרן אַנטקעגען
דעם קריעג בכלל, די שטים פון צער איבער דעם גרויסען בראָך,
וואָס האָט געטראָפען די גאַנצע מענשליכע קולטור...

און די פאַסירונגען יאָגען שנעל איינע די אַנדערע. צייטונגען
גיעבען אַרויס, — אָן אומדערהערטע זאַך אין דער שווייץ, — עט־
ליכע מאָל א טאָג „עקסטראַס". רויטע, גרינע, בלויע, ווייסע. פאַר
א טאָג קלייבט זיך אָן אויף מיין טיש א היבשער פעקעל פון פיעל־
פאַרביגע בלעטלעך, פול מיט שקרים פון פערשיידענע פאַרבען.

דער מיליטערישער געפילדער אין דעם געוועהנליך אזוי פריעד־
ליכען בערן; די ותיקין־מוזיק אין דער פריה, אָקאָרשט בעגינען, די
מעריב־מוזיק אין שפעטען אָוועגד, אין פרעהליכע, צום קאַמף
אַרויסרופענדע טענער; דאָס שטענדיגע מוסטירען־זיך כמעט ביי
יעדען שול־הויז (מען האָט די שול־הייזער אין קאַזאַרמעס פערוואַנ־
דעלט); די שווערע, הילכיגע טריט פון די טרופען, וואָס מאַרשירען
איבער די גאַסען; די רעדלעך אומעטום, וואו עס איז אויסגעהאַנ־
גען א נייע דעפּעשע; דער גאַנצער נערוועזער הו־האַ, מיט וועלכען
עס איז איצטער אָנגעפילט די לופט, און על כולם דער פ א ק ט
א ל ע י ן, אַז דער גרויסער וועלט־קריעג האָט זיך אָנגעהויבען,

דער פּאַקט, וואָס שטעהט אַ לעבעדיגער, אָן אָנגעוואָפּענטער פאַר די אויגען, בעת דער מוח וויל איהם נאָך אַלץ ניט אריינגעהמען אין זיך, וויל נאָך אַלץ ניט צוגעבען זיין אומגעהויערע, שיקזאַל־שווערע בעדייטונג פאַר אַלע ערשיינונגען פון דעם געשיכטליכען לעבען, — דאָס אַלץ רודערט איינעם אויף, אַזוי אַז אפילו די זוויטע שטילקייט פון דער נאַכט ברענגט ניט קיין רוה, און דער שלאָף קען קוים וואָס צוקלעפּען די אויגען.

נאָך צוויי „שיטערע", כמעט אין גאַנצען דורכגעוואַכטע נעכט, איז דער שלאָף האָט זיך נאָר פון אויבען אויף געוויעגט איבער מיר, ווי כוואַליעס פון דונקעל־גראָהען נעפּעל. לעג איך מיך אויף דער דריטער נאַכט אין בעט מיט דעם פעסטען בעשלוס, דאָס מאָל — ניט אנדערש ווי איינצושלאָפען.

איך לעש אויס די עלעקטריע. אין אַ ווײַלע צינד איך זי ווידער אָן און לעש זי ווידער נאָך אַ מאָל אויס. איך פּרעס צונויף די אויגען און הויב אָן צעהלען פון איינס ביז... לאָז זיין ביז הונדערט טויזענד, ביז אַ מיליאָן, אַבי וועגען קיין זאַך ניט טראַכטען!

באַלד הויב איך אָן מיט פרייד צו בעמערקען, אַז מיין מיטעל נעהמט ווירקען. אין רעכטען מיטען צעהלען שווימט פון ערגעץ וואו ארויף אין דמיון אַ פּייזאַזש, — צוויי באַרג־קייטען, מיט אַ שמאָלען טהאָל צווישען זיי, און מענשען ציהען זיך, איינער נאָך דעם אנדערן איבער דעם שמאָלען טהאָל.

איך פערשטעה, וואָס דאָס איז. דאָס הויבט דער בעל־חלום אָן, נאָך איידער איך בין אין גאַנצען איינגעשלאָפען, צו וועבען זיין געוועב, ווער ווייס פון וועלכע מאַטעריאַלען. איך דרעמעל שוין, און אין דער משונה'דיגער לאָגיק פון'ם דרעמעל וואַקסט אויס אַ מורא, טאָמער וועט מיך דער בעל־חלום „פערוויקלען" אין קריעג, מיך, וואָס האַלט זיך אויף אין אַ נייטראַלען לאַנד...

איך פרוב איהם דעריבער אונטערזאָגען אַן אנדער טהעמאַ. די זיך ציהענדע מענשען־מאַסען (עס זיינען שוין געוואָרען מאַסען) פערוואַנדעל איך אין אַ רעליגיעזע פריעדליכע פּראָצעסיע. דער בעל־חלום פאָלגט מיך און אין דעם ליכטיגען שיין פון דער זון ציהען זיך פרעהליכע מאַסען, געקליידט אין פורפור און ווייס, מיט

גרינגע לולבים אין די הענט, און ווינדען זיך צווישען די בערג אלץ העכער און העכער ארויף...

איך געדענק ניט, ווי אזוי דאס בילד איז מיט א מאל פערוואנדערלט געווארען. אבער פלוצלונג שטעהט אויף פאר מיר קלאר אזא מין פאנאראמע: ס'איז נאכט. די גאנצע ערד איז אן אומגעהויער גרויסער שווארצער בארג, וואס ענדיגט זיך מיט א טיעפען קעסעל. דער הימעל־געצעלט איז דוקא העל־בלוי, בעזעעט מיט שטראהלענדע, שארף־פינקלענדע שטערען, און נאר דער מיטען הימעל, וואס איבער'ן קעסעל, איז רויטליך ווי בעת א שרפה.

פון אלע זייטען פון דעם בארג ציהען זיך ארויף לאנגע געשלענגעלטע מחנות ס א ל ד א ט ע ן, מיט די ראנצען אין צונויף געוויקעלטע מאנטלען אויפ'ן רוקען. ביים ברעג פון דעם קעסעל שטעלען זיי זיך אב, און זייערע פנים'ער ווערען בעלויכטען פון א פייער. טיעף אונטען אין קעסעל וויעגט זיך אין שווערער אומרוה א ברענענדיגע רויטליכע מאסע, וועמעס גלאנץ עס שלאגט זיך אב אין די געשליפענע שווארץ־מארמארנע ווענד פון דעם קעסעל.

אנטקעגען מיר, שארף ביי דעם ראנד פון דעם פייער־אבגרונט, שטעהט א יונגער סאלדאט. קלאר זעה איך זיין געזיכט מיט די בלאנדע וואנצעס, ליעבליך גערינגעלט ביי די עקען. ער טהוט צו מיר א שמייכעל ווי ער וואלט זאגען: „אט וועסטו זעהן, וואס פאר א שפיצעל איך וועל זיי אבטהאן!" ער דערלאנגט זיך א הויב, און א שפרונג אין די פלאקערענדע גלוטה. און נאך א סאלדאט א לאנגער, א מאגערער, מיט א קורץ געשארענער שווארצער בארד, דערלאנגט זיך א הויב און א שפרונג, אבער ער בלייבט הענגען אין דער לופטען, מיט צונויפגעקראמפטע פיס צו דעם גוף, צונויפגעקראמפטע הענד צו דער ברוסט. ער בלייבט אזוי הענגען א רגע, אבער באלד שטרעקען זיך אויס זיינע פיס, און ער לאזט זיך אראב שטיל און פאמעלעך אין דעמזעלביגען פייער פון קעסעל. און דערנאך הויבען אן אויפ'ן שטעל צו שפרינגען און צו פאלען פון אלע זייטען מחנות נאך מחנות פון מענשען און די פלאמען הויבען אן ע'לאנגען אין דער הויך.

א דערשראקענער כאפ איך מיך אויף. דער חלום האט מיך פאראינטערעסירט.

וואָס האָט מיר דער בעל־חלום געוואָלט ווייזען? האָט ער אפשר געהאַט בדעה אויסמאָלען אַ סימבאָל פון דעם קריעג? אויב יע, האָט דאָס איהם געבעך גאָר ניט געראָטען. אָנשטאַט אַ סימ־באָל, וואָס זאָל פאַר'ן חוש אויפדעקען די אינווענינסטע בעדייטונג פון דער גרויסער וועלט־טראַגעדיע, וועלכע מיר לעבען איצטער דורך, האָט ער מיר געגעבען כמעט ניט מעהר ווי אַ פשוט'ע אילו־סטראַציע צו דעם איינפאַכען פ א ק ט פון דעם קריעג, אַ צייַ־טונגס־קאָרעספּאָנדענץ אין אַ פאַרביגען בילד.

קען מען איבערהויפּט סימבאָליזירען דעם קריעג?

איך דערמאָהן מיך אָן שטוקס בילד, דעם רייטער מיט די צו־זויפנגעפּרעסטע ליפּען, מיט דעם פערגליווערט ווילדען בליק, וואָס טרעט אונטער די פיס פון זיין פערד טויזענדער און טויזענדער לייבער. איך דערמאָהן מיך אָן ווערעשצאַגינס „דער אפּאָטעאָז פון דעם קריעג", — אַ גרויסע פּיראַמידע פון מענשליכע שאַרבענס, מיט אַ שווארצען ראָב אויף'ן שפּיץ, — אָן זיין „פערוואונדעטען", דעם צושראָקענעם סאָלדאַטעל, וואָס האָט אַ וואָרף געטהאָן דעם ביקס, און לויפט, זיך האַלטענדיג מיט איין האַנד פאַר דער פער־וואונדעטער ברוסט. עס דוכט, אַז זיינע ליפּען טרייסלען זיך אין רחמנות און געוויין און מורמלען: „אָי, מיינע ליעבינקע!" איך דערמאָהן מיך אָן דעם גרויסאַרטיגען, ווירקליך טיעפען בילד זיי־נעם: „אויף שיפּקאַ איז אַלעס רוהיג", — אַ ברייטע פעלד, בע־דעקט מיט שנעע און וואו ניט וואו שטאַרצט פון אונטער דעם שנעע אַרויס אַ קניע אין סאָלדאַטען־הויזען. און נאָך אַנדערע גע־זעהענע בילדער אויף דער טהעמאַ „קריעג" שווימען אַרויף אין זכרון, — אָבער קיינער פון זיי בעפריעדיגט ניט. עס איז נאָך אַ פּנים, איבער דער קראַפט פון דער מענשליכער קונסט, סיי אין בילד, סיי אין וואָרט פאַרטיג צו ווערען מיט דעם ענין אַזוי, אַז עס זאָל אַרומגענומען ווערען פון אַלע זייטען און עס זאָל אויפגעדעקט ווערען זיין אינווענינסטע בעדייטונג.

עס קען זיין, דאָס קומט דערפון, וואָס אונזער שטעלונג צו דעם קריעג האָט זיך נאָך ניט אויסגעקריסטאַליזירט גענוג קלאָר. ווי לאַנג איז עס, ווען די פעלקער האָבען בעטראַכט דעם קריעג ווי אַ יום־טוב? און וויפיעל זייגען נאָך עד היום דאָ מענשען, פאַר

ווען דער קריעג איז ניט די גרעסטע משוגעת פון דער מענש־הייט, אפילו ניט א שיקזאלס־אומגליק פון אייזערנער נויטווענ־דיגקייט, אפילו ניט א סטיכישע קאטאסטראפע, ווי אן ערד־ציטער־ניס אדער א מגפה, נאר א מיסטישע חתונה, א מיסטישער זיווג מיט דער העלדישקייט און דעם אייביגען רוהם?

*

* *

ווי שטעלט זיך דאס פאלק צום קריעג? אט די אלע מחנות פון יונגע, קרעפטיגע, לעבענספולע לייבער, וואס ציהען זיך פון מזרח און מעריב, צפון און דרום צו דעם ראנד פון דעם קעסעל און ווארפען זיך אין זיין גלוטיגען רויט, נישט שוין געהן זיי נאר אונטער דער בייטש פון דעם בעפעהל? נישט שוין ליעגט דער איצטיגער קריעג אין קיין שום פארם ניט אין זייער אייגענעם ווילען? א טראגעדיע פון דער מענשהייט, וואס שפיעלט זיך אב להיפך דעם ווילען פון דער מענשהייט?

דאס וויל זיך ניט לעגען אויפ'ן שכל!

דער איצטיגער קריעג וועט אונז צווינגען איבערצוקוקען אויפ'ס ניי א סך און א סך פון אונזערע ביזאהעריגע מיינונגען. אויך יענע מיינונגען אונזערע, אין וועלכע מיר האבען אלע ביז אהער אזוי פעסט געגלויבט, אז די פעלקער ווילען ניט קיין קריעג, אז דעם קריעג ווילען נאר די הערשענדע קלאסען, — אויך דער פראגרעסי־ווער אני־מאמין אונזערער נויטיגט זיך אפנים אין א קריטישער רעוויזיע.

א טהעמע, גענוג אויף צו טראכטען, ביז צום ותיקון־טרומייט...

„טאג“, 5־טען נאוועמבער, 1914.

# דער קריעג און דער ווילען פון פאלק

„די פעלקער ווילען נים קיין קריעג. יעדער איינער פון פאלק האם אדער זוכם א פריעדליכע בעשעפטיגונג אין מלאכה אדער מסחר, אין לאנד־ווירטשאפט אדער געלערנטע פראפעסיעס, און לעבצט נאך זיכערקיים און פריעדען. מעהר נישט קליינע גרופען פון דער אלטער אריסטאקראטיע, דאס רוב מיט א קיסר אויפ׳ן שפיץ, און קליינע גרופען פון דער הויכער פינאנץ, דאס רוב מיט א אידישען באנקיר בראש, — זיי און נאר זיי זיינען דאס, וואס רופען ארויס דעם קריעג, און די רעגירונגען פיהרען אוים זייער ווילען.“

— אזוי אדער אין ד ע ם ערך האבען מיר אלע געגלויבט — מיר, וואס שטעהען פאר דעם אייביגען פריעדען פון פעלקער.

פלעגט מען אונז פרעגען:

— היינט פאר וואס געהן די פעלקער אין קריעג? און נים נאר די דערשלאגענע פעלקער פון מזרח, וואס האבען קיין ברעקעל אייגענעם ווילען נים, נאר די אויפגעקלעהרטע פעלקער פון מעריב, מיט וועמעס ווילען עס מ ו ז ע ן זיך רעכענען די קיסרים און הארן? פאר וואס געהן דיענען די הונדערטער־טויזענדער סאציאליסטען, וואס לייקענען שוין פרינציפיעל אב דעם קריעג?

פלעגט דער ענטפער דערויף זיין:

— זיי אלע, אפילו די געבילדעטסטע און אויפגעקלערטעסטע, געהן דיענען אונטער דעם שמיץ פון דער בייטש. אך! איהר האט נאר קיין השגה נים, וואס פאר א ווירקונג עס האט די מילי־טערישע דיסציפלין, וואס פאר א כשוף־בייזע קראפט עס שטעקט נאך אין איהר! קוים טהוט איינער אן דעם „קיסר׳ס ראק“, קוים עטהעמט ער איין די לופט פון דער קאזארמע, אזוי ווערט דער אייגענער ווילען פאראליזירט; ווי אין א היפנאז פאלגט ער אלץ, וואס מען הייסט איהם, און דער טרייעסטער סאציאל־דעמא־

קראַט איז קאַפּאַבעל צו שיסען אין דעם אייגענעם פאָטער אין די צייטען פון אַ סטרייק.

הייסט עס, די רעגירונגען און די מיליטערישע דיסציפּלין זיי־נען שולדיג אין דעם קריעג, די פעלקער אָבער זיינען ריין פון זינד.

– נו, און דער אויסברוך פון דעם פאָלקס־ענטהוזיאַזם אין די צייטען פון מלחמה, ווי דערקלערט איהר דאָס?

— אַך, ווער ווייס דאָס ניט, ווי דאָס ווערט ג ע מ אַ כ ט! די פערקויפטע פרעסע, דער באַפעהל פון אויבען און די מורא פאַר דער בייטש...

אזוי פלעגען מיר פערטיידיגען די ג ו ט ס ק י י ט און פריעדליכקייט פון פאָלק און פלעגען גאָר ניט מערקען, אַז אין דעם ליעגט די גרעסטע בעליידיגונג פאַר איהם. דאָס פאָלק — אַ גוט־מוטיג, רעכטשאַפען לעמעלע, וואָס ווערט פערוואַנדעלט אין אַ רייסענדען טיגער אונטער דעם בעפעהל פון אַ פּאָר הערען מיט לאַנגע בייטשען!...

דעם אמת גערעדט, ניט גאָר קיין שעהנער אטעסטאַט פאַר דאָס פאָלק, ד. ה. פאַר דער מ ע נ ש ה י י ט, פאַר יענער מענש־הייט, אין וועלכע מיר אַלע גלויבען, צוליב וועלכער מיר אַלע לעבען.

גאַנץ זיכער, וואָלט יעדער איינער פון אונז אַלע מאָל מיט פרייד פערביטען אַ רעכטשאַפען פריעדליך לעמעלע, וואָס קען ווע־רען אַ ווילדע חיה לויט דעם פרעמדענס בעפעהל, אויף אַן אמת ווילדע טיגער־נאַטור, וואָס האַלט, ווען מען דאַרף, זיך אַליין אין צוים אונטער דער מאַכט פון דעם אייגענעם זיטליכען ווילען.

אָבער דאָ געהט גאָר ניט אין דעם, וואָס איינער וואָלט געוואָלט, דאָס פאָלק זאָל זיין. עס שטעהט פאַר אונז די פראַגע, וואָס דאָס פאָלק א י ז, וואָס איז דער טיעפסטער אינהאַלט פון זיין ווילען? געהט באמת דער קריעג להיפך צו דעם פאָלקס־ווי־לען? איך מיין דאָ, פערשטעהט זיך, ניט דוקא דעם איצטיגען קריעג, נאָר דעם קריעג בכלל.

ווען זיינען די פעלקער געוואָרען אַזעלכע פריעדליכע לעמע־לעך? פון געבורט אויס, דאַכט מיר, האָט זיי נאָט בעשענקט מיט גאַנץ שאַרפע נעגעל און צייהן. איך רעד שוין דאָ ניט פון יענער פעריאָדע פון ווילדקייט אין דער מענשליכער געשיכטע, ווען די

פעלקער, נאָך קאַניבאַלען, פלעגען זיך לאָזען אין קריעג מיט דער לײדענשאַפט פון הונגער, מיט דעם ענטהוזיאַזם פון שמחה פאַר א גרויסער, פעטער סעודה. נאָך איצטער וואַרפען זיך אין קריעג די מענשען־פרעסערישע ניאַם־ניאַם־שבטים פון אפריקא מיט דעם פריידיגען אויסגעשריי: „פלייש! פלייש!"

לאָמיר אויך לאָזען די פעריאָדע פון באַרבאַריי אָן א זייט, הגם מען טאָר ניט פערגעסען, אז זי ליעגט נאָך זעהר־זעהר נאָהענט צו אונז, און אז די שפורען פון באַרבאַריי האָבען נאָך פשוט קיין צייט ניט געהאַט — און נאָך וועניגער געלעגענהייט — אין גאַנ־צען צו פערשווינדען פון דעם מענשענס נשמה.

לאָמיר בלייבען ביי דעם פעריאָד פון דער ציוויליזאַציע, ביי יענער קליינער, קורצער צייט פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג, וואָס איז אַלט ערשט א פינף־זעקס טויזענד יאָהר.

דאַרף איך מיך דאָ אָבשטעלען באריכות אויף די פעלקער פון דער אַלטער וועלט? איז נאָך נויטיג צו דערמאָהנען, מיט וואָס פאַר א היילינגער פרייד די אַלטע וועלט האָט זיך גע־צויגען צום קריעג? נעהמט אפילו די אידען, דאָס פריעדליכסטע פאָלק פון דער וועלט, דאָס פאָלק, וואָס האָט בעשאַפען דעם העכ־סטען מענשליכען אידעאַל, — דעם אידעאַל פון אייביגען וועלט־פריעדען.

ניט נאָר אין די צייטען פון דוד און שאול, ווען פרויען (פרויען פון פאָלק!) פלעגען בעזינגען די גבורות פון די העלדען אין מלחמה און אויף אזא אופן אָנפייערן יעדען איינעם צו קריעגערישען מוטה; ווען דאָס פאָלקס־ליעדעלע: „שאול האָט געשלאָגען זיינע טויזענ־דער און דוד — זיינע מיריאַדען" האָט אַרויסגערופען אזא קנאה אין שאול'ס ברוסט צו דוד'ס רוהם: אפילו אין דער שפּעטערער צייט פון די נביאים, ווען דער אידעאַל פון דעם וועלטליכען פריע־דען איז שוין אָנגעזאָגט געוואָרען דער מענשהייט, אָטהעמט אויך נאָך פון די אידישע הייליגע שריפטען דער הייסער אָטהעם פון מלחמה־דרויש, פון מלחמה־דאָרשט.

נופא ביי ישעיה'ן, ביי דעם ערשטען און גרעסטען נביא פון אייביגען שלום, געפינען מיר ניט נאָר שטעלען, וואָס בעטראַכטינען דעם קריעג ווי גאָטס א שטראָף און וואו די קריעגערישע מעכטינע

פעלקער ווערען געשילדערט ווי שווערדען אין גאַנס האגד, נאָך אויך אַזוינע שטעלען, פון וועלכע עס לויכט ארויס דעם נביא'ס בעוואונדערונג פאַר דער קריעג־פיהרענדער מאכט, זיין עטמהעטישע פרייד מיט דער שעהנקייט פון דעם זיעגער.

לייענט נאָך אַ מאָל איבער זיין שילדערונג פון אַשור'ס אַרמעען!

„...אַט קומט ער אַזוי לייכט, אַזוי פלינק!
נישטאָ ביי איהם קיין מיעדער, קיין שטרויכלענדער;
ניט געשלאָפען, ניט געדרימעלט;
פעסט זיצט דער גארטעל ארום זיינע לענדען;
עס רייסט ניט דער ריעמען פון זיינע שיך.
און די פיילען זיינען פערשפיצט און אַלע בויגענס אָנגעשפּאַנט.
די הופען פון זיינע פערד, ווי קיזעל־שטיין שטאַרק,
זיינע רעדער ווי אַ ווירבעל־ווינד.
און אַ געבריל האָט דאָס, ווי אַ לייב.
ווי די יונגע לייבען ברילט ער און ברומט,
און כאַפּט זיין רויב און טראָגט אַוועק
און קיינער קען ניט אָבנעהמען."

(ישעיה קאַפּ. 5. 26-29.)

נאָך אַ סך שפּעטער פון ישעיה'ן האָט דער מחבר פון „האזינו", — איינע פון די פּאָעזי־רייכסטע אָדען פון דער וועלט־ליטעראַטור, — געקענט אין די ליפּען פון דעם רבונו־של־עולם אריין לעגען אַזעלכע קריעג־שכור'ע, בלוט־טריפענדע רייד:

„אַז איך שאַרף אָן מיין בלאַנקען שווערד,
אַז איך הויב אויף צום משפט מיין האנד,
כדי צו ברענגען נקמה דעם פיינד,
כדי צו צאָהלען דעם האסער זיין חוב, —
שיכור איך אָן מיינע פיילען מיט בלוט
און מיין שווערד ווערט געפיטערט מיט פלייש,
מיט דעם בלוט פון דערשלאָגענע און פון געפאַנגענע,
מיט די קעפּ פון די פיהרער פון פיינד.

(האזינו ל"ב, 40-43.)

און אז ביי די אידען איז אזוי, קען מען זיך שוין משער זיין, וואס פאר א ראָלע דער קריעגס־ענטהוזיאַזם האָט געשפּיעלט אין דער פּאָעזיע פון מצרים, בבל, אשור, רוים, גריעכענלאַנד און דער גאַנצער ציוויליזירטער אַלטער וועלט; און אז מיר לייענען וועגען די זיטען און מנהגים, וואָס האָבען געהערשט אין די קריעגען פון יענער צייט, — ווי מען פלעגט זיך בעגעהן מיט די בעזיעגטע און געפאַנגענע, מיט קינדער און פרויען, פריהרט דאָס בלוט אין אונזערע אָדערן: אונזערע נערווען קענען שוין דאָס ניט איבערטראָגען, סיידען די דייטשען פון דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט וועלען אונז ווידער געוואוינען דערצו...

דאָס מיטעל־אַלטער... דאַרף מען נאָך א וואָרט פערלירען וועגען דער שטעלונג פון יענער צייט צו קריעג און פריעדען? אָבער די זעלבינע שעצונג פון קריעג, ווי פון דעם ערהאַבענסטען מאָמענט אין דעם לעבען פון דעם פאָלק, פון דער קריעגס־פּראָפעסיע, ווי פון דער נאָבעלסטער בעשעפטיגונג, פון דער קריעגס־העלדישקייט, ווי דעם חשוב'סטען הערואיזם, געפינען מיר סיי אין דער צייט פון דער רענעסאַנס און דער רעפאָרמאַציע, סיי גאָר אין די שפּעטערע יאָהרהונדערטען ביז צו די קריעגס־צייטען פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען.

7־טער נאָוועמבער, 1914.

---

# דער קריעג און די אייראָפּעאישע קולטור

דער איצטיגער וועלט־קריעג איז א יום־הדין אויף אונזער גאַנצען אייראָפּעאישען פּראָגרעס. דערפאַר אַליין האָט ער א שייכות ניט נאָר צו די פעלקער און לענדער, וואָס זיינען פאַרוויקעלט אין איהם, נאָר אויך צו יעדען איינעם פון אונז. פאַר יעדען איינעם פון אונז איז ער אַן אינווענינסטע בלוטיגע אַנגעלעגענהייט, ווייל אין קאַן שטעהט דאָ אונזער גלויבען אין דער מענשהייט, וואָס איז ניט אָבצוזייסען פון דעם גלויבען אין דעם אייראָפּעאישען פּראָגרעס.

די צוויי־און־פּערציג סענטימעטער קוילען פון די דייטשע „הויז־וויטצער" האָבן נים נאָר צושטערט בעלגישע און פראַנצויזישע פעסטונגען. זיי מאַכען אַן אַ חורבן אין נאָך וויכטיגערע פעסטונגען, וואָס בעלאַנגען צו דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט: אין די האָפענונגען אויף אַ מענשליכע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט, אויף די הומאַניזירענדע ווירקונג פון אונזער מאָדערנער קולטור, אויסגעוואַקסען פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע.

עס איז אַ יום־הדין אויף אונזער אייראָפּעאישער קולטור, און זי מאָר קיין פּעראיבעל ניט האָבען, ווען מען רעכענט איהר איצטער אוים דעם לאַנגען „על חטא" איהרען. און מיר דאַרפען זיך ניט וואונדערן, ווען ביי איינינע פּעסימיסטען פּערגעהט דער יאוש אזוי ווייט, אַז זיי זעהען פּאָראוים דעם גאַנצען חורבן פון אייראָפּאַ און זוכען זייער טרייסט אין דעם בודהיזם פון דעם „געלען" אָריענט. איך פערשטעה גאַנץ גוט זייער שטימונג. זייער קריטיק פון דער קולטור וואַקסט ארוים פון דער גרויסער ליעבע צו איהר און זיי לייקענען זי איצטער אָב נאָר דערפאַר, ווייל זי איז ביי זיי ארומגענומען געוואָרען מיט וואָלקענס פון ספק און צער.

פאַרהאַן אָבער אַ גאַנצע מחנה אַנדערע קריטיקער, ביי וועמען דער גלויבען אין דער אַלמענשליכער קולטור האָט זיך לכתחילה געהאַלטען אויף צופוילטע שטריקלעך. דערהויפּט זיינען זיי פּערשפּרייט צווישען אונז, אידען.

צוליעב זיי לאָזט מיר דאָ זאָגען אַ פּאָר ווערטער.

עס זיינען דאָ צווישען אונז אַ סך „פּראָגרעסיסטען", וואָס גלויבען אויך, ווי מיר, — אָדער וואָס זאָגען, אַז זיי גלויבען, — אין דער אייביגער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט, אין איהר שטענדיגען שטרעבען צו פערפאַלקאָמונג, אפילו אין די גרונד־פעסטען פון דער אייראָפּעאישער קולטור. אָבער זיי זאָגען ארוים דעם דאָזיגען גלויבען אין אַזאַ טאָן, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען אונז אַ טובה געטהאָן דערמיט. און דעם ערשטען בעדינג שטעלען זיי אוועק, אַז דער פּראָגרעס און די מענש־ווערונג פון דעם מענשען זאָלען אין יעדען מאָמענט פון דער מענשליכער געשיכטע בעווייזען זייער גלאַנציע און קראַפט. קומט אָבער אַן עת צרה, און עס רייסט זיך ארוים

פון די מיעסעניסען פון דער מענשהייט א פייער־שטראָם פון אמת'ער באַרבאַריי, און זיי יעמאָלט זיך נאָר ניט אויסצוצאָהלען!...

— אָט ד אָ ס איז אייער קולטור און פראָגרעס? אָט דאָס איז די הויך־געלויבטע ציוויליזאַציע פון די איראָפּעאישע פעלקער? אַ קלאָג צו אַזאַ קולטור! אַז אָך און וועה צו אַזאַ פראָגרעס מיט אַזאַ ציוויליזאַציע!...

קודם כל ווילט זיך ביי זיי, ווי אויך ביי אַלע קריטיקער פון דעם אייראָפּעאישען פראָגרעס, אַ פרעג טהאָן:

האָט א י ה ר אַ בעסערע קולטור, אַ בעסערע ציוויליזאַציע? איך מיין דאָ, פערשטעהט זיך, ניט די פּאָר איידעלע געדאַנקען פון די פּאָר איידעלע מענשען וועגען אַ פיינעם איידעלען לעבען אויף דער וועלט, וואָס מען קאָן מיר דאָ ציטירען. איך האָב אין זין די קולטורעלע ווירקליכקייטען פון דער מענשהייט אין זייער נאַטירער געשיכטליכער ענטוויקלונג.

איך געפעלט ניט די אייראָפּעאישע קולטור פון דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, ווייל אייראָפּעאישע ציוויליזירטע פעלקער צורייסען איינס דאָס אַנדערע אויף שטיקער, ווי ווילדע חיות... גוט! גוט! ו ו ע מ ע ס קולטור און פון ו ו ע ל כ ע ן יאָהר־הונדערט וואָלט איהר אונז אַוועקשטעלען פאַר אַ מוסטער? איז אפשר דאָ א י י ן קולטור־אַרט פון א י י ן יאָהר־הונדערט, אין וועלכער און אין וועלכען די באַרבאַריי פון קריעג האָט נ י ט געהערשט איבער דעם מענשען?

איהר וועט מיך געוויס אָבשיקען צו די נביאים, צו יענע גיגאַנטען פון דער מענשהייט, וואָס האָבען פון זונען־שטראַהלען אויסגעפלאָכטען דעם אידעאַל פון פעלקער־פריעדען פאַר דער וועלט. מסכים! לאָמיר געהן צו די נביאים.

אין די נביאים האָט זיך די מענשהייט דערהויבען צו דעם אידעאַל פון דער העכסטער מאָראַלישער הויך. די מענשהייט האָט אין זיי פערקערפערט, ווי אין אַ מוסטער, די געשטאַלט פון דעם אידעאַלען מענשען און האָט דורך זייערע הייליגע ליפּען אַנגעזאָגט די בשורה פון דעם העכסטען מענשליכען אידעאַל. די נביאים האָבען געפאָדערט פון זייער פאָלק אַ נ י י ט ר אַ ל ע פריעדענס־פּאָליטיק אין די גרויסע, קריעגערישע צוזאַמענשטויסען פון זייער

צייט: צווישען אשור און מצרים אין ישעיה'ס צייטען, צווישען בבל און מצרים אין די צייטען פון ירמיהו.

האָבען אָבער די נביאים פּ ר אָ ט ע ס ט י ר ט אַנטקעגען דעם קריעג פון זייער צייט, אַנטגעגען דער „באַרבאַריי פון דעם קריעג"? בשום אופן ניט! אין די ערָאָבערונגס־קריעגען פון אשור און בבל האָבען זיי געזעהן ניט דאָס שפּיעל פון איינצעלנע הערשער, ניט די בייזע געלוסטען פון אַ טיראַן. זיי, וואָס אין זייער ברוסט האָט די מענשהייט צום ערשטען מאָל דערשפּירט די זיכערקייט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען אַלע פעלקער וועלען איבערשמיעדען זייערע שווערדען צו אַקער־אייזענס און זייערע שפּיעזען צו שניט־מעסערס, — זיי האָבען געקוקט אויף די שלאַכטען פון זייער צייט, ווי אויף אַ פּראָדוקט פון דער העכסטער קאָסמישער נויטווענדיג־קייט. אין זייער געדאַנק האָבען די נביאים צוריקגעפיהרט דעם קריעג צו דעם לעצטען יסוד פון דעם וועלטליכען זיין, צו דעם גע־רעכטען, שכל'דיגען ווילען פון דעם וועלט־גאָט, יאהווע, אין וועמעס הענד בבל און אשור זיינען געוועזען ניט מעהר ווי געצייג.

וואָלטען די נביאים געלעבט אין אונזער צייט, וואָלט זייער געדאַנק געפּלייסט זיך צו בעגרייפען יענע קרעפטען פון דער גע־שיכטליכער נויטווענדיגקייט, וואָס שטעהען העכער איידער דער ווילען פון די איינצעלנע מאָנאַרכען און אפילו פון די איינצעלנע פעלקער און וואָס האָבען אַרויסגערופען דעם איצטיגען וועלט־קריעג. דאָס דאַרפען אויך מיר טהאָן, אין וועמעס הארצען עס לעבט דער נביאים'שער גלויבען אין אייביגען וועלט־פריעדען.

קודם כל פ ע ר ש ט ע ה ן. דערנאָך ערשט וויינען אָדער לאַכען.

און איידער מיר נעהמען זיך וויינענדיג לאַכען פון דעם מהות פון אונזער אייראָפּעאישער קולטור (דער א י י נ צ י ג ־ מענשלי־כער, פּראָגרעסיווער קולטור!), אָדער לאַכענדיג וויינען אויף איהר פּלוצליכען חורבן, דאַרפען מיר פערשטעהן, אַז דער גאַנג פון דעם מענשליכען פּראָגרעס איז ניט קיין שפּאַציער־דרייט אויף אַ ברוקיר־טען שאָסע: מיר דאַרפען שטענדיג האָבען אין זינען, אַז דער וועג פון דער מענשליכער קולטור, דער וועג „מעבדות לחירות

ומאָפילה לגור גדול" אין אַ קאָלאָסאַל־טראַגישער וועג און אַ שטיק פון דער דאָזיגער טראַגיק לעבען מיר איצטער איבער.

די געשיכטע פון דער מענשהייט איז אפשר ווי די געשיכטע פון אונזער ערד־באַל. פאַרהאַן אַ סברה, אַז די ערד איז פריהער באַשטאַנען פון הייסע גלוט און בראַנד און אַז איהר ענטוויקלונג איז דער קאַמף, וואָס דער שווערער ערד־צודעק, בעשאַפען פון דער זעלביגער גלוט, האָט געפיהרט מיט דעם שטענדיג לאָדערנדען פייער. ערשט ווען דער ערד־צודעק איז געוואָרען גענוג פעסט און שטאַרק, האָבען זיך געקאָנט בעוויזען אין איהם די גרינע פלעינען, די פעלדער און וועלדער און די לעבעדיגע בעשעפעניסען, — די קינדער ניט אזוי פון דעם העלישען פייער אין דער טיעף, ווי פון די בעלעבענדע, לייכטענדע און וואַרעמענדע זון־שטראַהלען אין דער הויך. און עד היום איז דער קאַמף, נאָך אפשר מיליאָנען פון יאָהרען, ניט צו ענד. נאָך עד היום בעפאַלען וואולקאַנישע ספּאַזמען די ערד און שטראָמען פון גלוט און בראַנד רייסען זיך ארויס פון איהר טיעף און ברעכען דורך דעם שווערען צודעק.

די וואולקאַנישע טעאָריע ווערט איצטער שטאַרק אָבגעפרעגט אין דער וויסנעשאַפטליכער געאָלאָגיע. אָבער אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט קאָנען מיר ניט אויסקומען אָהן דער „וואולקאַניסטישער" סברה.

די מענשהייט אין איהר נאַטור־צושטאַנד איז אויך געוועזן — און דער נאַטור־מענש איז דאָס נאָך עד היום — הייסע גלוט און בראַנד און די קולטור איז דער צודעק, וואָס צוימט איין די העלישע טיעף און ברענגט פריעדליכע פרוכטען פון די זון־שטראַהלען אין דער הויך: פון וויסענשאַפט, קונסט, אינדוסטריע און מאָראַלישע פערפאָלקאָמונג. דער צודעק איז נאָך אָבער יונג און דין. אפילו די נשמה פון דעם איינצעל־מענשען איז נאָך ניט אין גאַנצען ארומגענומען פון דעם קולטור־פאַנצער. ווער האָט אין זיין לעבען ניט דורכגעלעבט מאָמענטען, ווען דער העלישערליידענשאַפטס־פייער פון דער טיעף, האָט וואולקאַניש דורכגעריסען — אָדער שיער דורכגעריסען — דעם קולטור־צודעק, ווי שטאַרק און דיק ער זאָל ניט זיין, געמאַכט צו אַש, אָדער שיער געמאַכט צו אַש דעם מענ־

שען, וואס וואקסט תמיד ארויס פון דער חיה און בעצווינגט די חיה אין זיך!

נאך שטארקער לאדערט אויף דער העלישער פייער אין דעם צווישען־לעבען פון די פעלקער. נאך דינער איז יענער קולטור־צודעק, וואס דארף ארומנעהמען אלע אומות אין איין איינציגער מענשהייט, נאך שרעקליכער און פערוויסטענדער זיינען די וואולקאנישע אויסברוכען אין צווישען־פעלקערליכען לעבען. איז אין דעם די קולטור שולדיג? אדער דער פאקט, וואס זי האלט ערשט אין וואקסען און ווערען, און איז נאך ניט מעכטיג גענוג צו האלטען די בלוטיגע סטיכיע אין צוים?

אבער זי וואקסט, די קולטור! מיט יעדען דור ווערט זי קרעפטיגער און שטארקער, סיי אין דעם לעבען פון דעם איינצעלמענשען, סיי אין דעם לעבען צווישען מענש און מענש, סיי אין דעם לעבען צווישען פאלק און פאלק; אלץ שוואכער ווערט די ווירקונג פון דער פינסטערער גלות אין דער טיעף, אלץ מעכטיגער דרינגען אריין די ליכטיגע זון־שטראהלען פון דער הויך.

אט זעהט!

מיר האבען אויבען גערעדט פון די נביאים, ווי פון דער העכסטער פערקערפערונג פון דעם מענשליכען אידעאל. דאס איז אמת אין גרויסען און גאנצען, אבער אין די פרטים זיינען זיי אויך געווען ניט מעהר, ווי קינדער פון זייער צייט און האבען אבגעשפיגעלט דעם נידעריגען קולטור־ניוואו פון יעמאלט. איך האב שוין געזאגט: זיי האבען ניט פראטעסטירט אנטגעגען דעם קריעג. געווים, זיי האבען איינגעזעהן זיין אונפערמיידליכקייט; אבער די אונפערמיידליכקייט פון דעם קריעג שאפט ניט אב די אונפערמיידליכקייט, לפחות די נויטווענדיגקייט, פון דעם פראטעסט. דער פראטעסט אנטגעגען דעם קריעג, דאס איז דער קאמף פון קולטור אנטגעגען בארבאריי. די נביאים האבען ניט פראטעסטירט, ווייל אויך אין זייער נשמה איז נאך ניט געווען דער געפיהל פון פראטעסט אנטגעגען קריעג. זיי האבען בעוויינט דעם חורבן פון דעם אייגענעם פאלק, געפרעהט זיך אויף דער מפלה פון די, וואס האבען, לויט זייער מיינונג, די מפלה פערדיענט, און ערגעץ וועט איהר ביי זיי ניט געפינען יענעם געפיהל פון דעם איבערמענש־

ליכען עקעל, פון דער פראָסטיגער אימה, וואָס נעהמט ארום אונזער הארץ, ווען מיר טראכטען וועגען דעם בלוטיגען צוזאמענשטויס פון פאָלק און פאָלק.

דאָס — די נביאים! ווער רעדט שוין וועגען דער איבעריגער מענשהייט! ביי וועלכען פאָלק איז דער קריעג ניט געווען קיין יום־טוב? וואו איז ער ניט בעזונגען געוואָרען, וואו ניט געקרוינט געוואָרען מיט דעם העכסטען לויב, וואָס די מענשהייט פערמאָגט? און מיט וואָס פאר אן ענטוזיאזם די מענשהייט האָט זיך געוואָרפען אין קריעג (און טהוט עס נאָך, דאָס רוב, עד היום!). ווי צו דער חופה איז מען געגאַנגען אין איהם!

און מיר? מיר זיצען מיט הערצער — שטיקער אייז, מיט צונויפגעביסענע ליפען, מיט א נשמה פול פערגליווערטען שרעק, ניט פאר אונזער גורל, — מיר זיינען בעשיצט און געשירמט. — נאָר פאר דעם גורל פון די אונז פרעמדע מענשען, וועמען דאָס אומגליק האָט פלוצלונג דערגרייכט.

מיר און — די נביאים! פליעגען לגבי ריעזען! און פון רעסטווענען האָבען די ריעזען ניט געקאָנט יעמאָלט שטעהן אויף יענער הויך פון עטישען געפיהל, וואָס איז שוין אזוי נאַטירליך פאר אונז, פשוט'ע בשר ודם'ס, סאָלדאַטען אין דער ארמיי פון דעם פראָגרעס.

פון וואַנען קומט דאָס צו אונז, אויב ניט א דאנק דער אייראָפּעאישער קולטור, אויף וועלכער איהר פאָלט איצט אזוי אָן? יענער געפיהל, אין וועמענס נאָמען איהר פראָטעסטירט אנטגעגען אונזער ציוויליזאַציע — איז ער דען אליין ניט א פראָדוקט פון יענער ציוויליזאציע?

גאַנץ זיכער! און נאָך איינער פון איהרע בעסטע און טייערסטע פראָדוקטען!

יע, — לאָמיר האַלטען הייליג דעם דאָזיגען געפיהל. לאָמיר ניט אויפהערען צו פראָטעסטירען און קעמפען אנטקעגען דעם קריעג בכלל, מיט דער גאַנצער קראַפט, וואָס מיר פערמאָגען, ניט קוקענדיג דערויף וואָס מיר זעהן איין זיין איצטיגע אונפערמיידליכקייט.

אָבער לאָמיר דערביי ניט פערגעסען איינס: ניטאָ און ניט

געוואָן אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענשהייט אונז קול־טור, — אַ תוך דער אייראָפּעאישער, דער קולטור פון דער ציוויליזירטער וועלט, — אין וועמענס נאָמען קאָנען מיר אויפהויבען דעם פּראָטעסט און דעם קאַמפּף אַנטגעגען דעם קריעג!

דער איצטיגער קריעג וועט אונז אפשר שמיעדען נייע וואפען פאַר דעם קאמפּף צוליעב אייביגען פריעדען. לאָמיר פיהרען דעם קאַמפּף, אָבער לעסמערט דערביי ניט אונזער קולטור! פערזינדיגט זיך ניט אַנטגעגען אַלגעמיין־מענשליכען, ד. ה. אייראָפּעאישען פּראָ־גרעס!

ער, דער אַלגעמיין־מענשליכער פּראָגרעס, לעבט איצט איבער איינעם פון די וויכטיגסטע און טראַגישסטע מאָמענטען אין זיין שיקזאַל. עס וועלען זיך געפינען גענוג בעלנים אַנצופאַלען אויף איהם און מאַכען די מענשהייט אַבשפּענסטיג פון זיין גייסט. מיר טאָרען דאָס קיינעם ניט דערלאָזען. קיין איין פּאָזיציע טאָר ניט אויפגעגעבען ווערען, קיין איין שריט צוריק!

איך זאָג נאָך אַמאָל: דער איצטיגער קריעג האָט אַ שיכות ניט נאָר צו די, וואָס פיהרען איהם, אָדער ליידען פון איהם: ער איז אַן אינגוועניגסטע, „בלוטיגע״ אנגעלעגענהייט פון יעדען דענ־קענדען מענשען.

לאָמיר קוקען ערנסט אין די אויגען פון דער ערנסטער צייט.

דער אידעאַל פון דעם אייביגען פריעדען, וואָס די קריסטליכע וועלט האָט איבערגענומען בירושה פון די אידישע נביאים, איז גאָר אַן עופה׳לע, וואָס האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו ווירקען אויף די הערצער און דעם ווילען פון די פעלקער, בפרט אז מען לאָזט איהם נאָך ניט אַרויס פון די בלוטיגע ווינדעלעך, אין וועלכע דאָס מאָדערנע קריסטענטום האַלט איהם אין זיין וויעגעלע.

איך וויל בשום אופן ניט לייקענען, אַז אין דעם משך פון דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט איז די בלוט־דאָרשטיגקייט פון דער חיה אין אונז אַ ביסעל שטילער געוואָרען, — דער עיקר ביי די אַרבייטענדע שיכטען פון די ציוויליזירטע פעלקער. איך קען מיר איצטער ניט פאָרשטעלען קיין איין פויער פון קיין איין ציווי־ליזירטען פאָלק, וואָס זאָל נאָך גלויבען, ווי דאָס גלויבט דער אַראַ־בישער פ ו י ע ר פון די היינטיגע טעג, אַז יענער מענש איז

קיין מענש ניט, וואָס האָט נאָך קיין מענשליך בלוט ניט פערגאָסען. געוויס, זיינען שוין איצטער דאָ מיליאָנען און מיליאָנען פון מענשען, וואָס וואָלטען לגמרי מסכים געווען, דער קריעג זאָל אָבגעשאַפט ווערען, אויב זיי וואָלטען געגלויבט, אז דאָס קען ווען עס איז געשעהן. אָבער לאָמיר ניט איילען ארויסצודרינגען דערפון, אז דער קריעג געהט שוין להיפך צו דעם ווילען פון יענע מיליאָנען און מיליאָנען. זיי בעטראַכטען איהם ווי אן אומגליק, — דאָס יע. אָבער ניט ווי א סטיכישע קאַטאַסטראָפע, ווי אן ערד־ציטערניש. צ. ב., וואָס האָט א ברעקעל ניט צו טהאָן מיט אונזער ווילען און אונזער יושר, נאָר ווי א טראַגישען שיקזאַל, וואָס לעגט ארויף אויף אונזער געוויסען דעם הייליגסטען, און אפילו דעם שוידערהאַפטסטען חוב, מקריב צו זיין דעם אייגענעם לעבען, כדי אוועקצורויבען דעם לעבען פון דעם אנדערן.

אויב עס איז דאָ א ברעקעל ספק אין דעם, פּרובט, שטעלט אָב דעם פריעדליכסטען פּויעריל פון דעם פריעדליכסטען פאָלק, — וואָס זאָג איך — דעם פּויער? — שטעלט אָב דעם ערשטען א י ד ע ן אין גאַס, — שוין געוויס דער פריעדליכסטער נפש פון דער וועלט! — און טהוט איהם א פרעג:

— דאַרף מען האָבען סאָלדאַטען?

אויב ער וועט אויפ'ן שטעל פערשטעהן דעם זין פון אייער שאלה, וועט ער אייך גאַנץ זיכער ענטפערן, אפשר מיט א זיפץ דערצו:

— אַך, ליידער — ליידער קען מען נאָך אָהן סאָלדאַטען ניט אויסקומען... סיידען אין משיח'ס צייטען...

היינט עס, אז אויך דעם אידען'ס פריעדליכער ווילען איז מסכים דערצו, אז סאָלדאַטען זאָלען זיין.

אָבער פון דער צושטימונג פון זיין ווילען ציעהט זיך שוין א גלייכע ליניע צו — דער נויטווענדיגקייט פון קריעג.

אויף וואָס דאַרף מען סאָלדאַטען? געוויס ניט אויף צו טומ־מירען זיך און צו שפּיעלען מיליטערישע מאַרשען: אויף צו פערטיידיגען דאָס לאַנד, ווען דער שונא וועט אנפאַלען דאַרף מען זיי. ד. ה. אויף צו פירען קריעג!

לאָמיר דאָ ניט אריינפאַלען אין יענעם פעהלער, וועלכען דער־

סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט געמאַכט אין זיינע אַנטימיליטאַריסטישע רעזאָלוציעס. לאָמיר דאָ ניט מאַכען אין איינעם מיט איהם דעם נאַאיווען חלוק צווישען אַ פערטיידיגונגס־קריעג און אַן אַנפאַל־קריעג, און אַרויסגעבען אַ היתר אויף דעם צווייטען. ווי וויכטיג יענער חלוק זאָל ניט זיין פון אַ סטראַטעגישען שטאַנדפּונקט, האָט ער קיין ברעקעל בעדייטונג ניט פאַר דער מאָראַלישער זייט פון דער זאַך.

בעלגיע פיהרט אַ פערטיידיגונגס־קריעג אַנטקעגען דעם אַנפאַלס־קריעג פון די דייטשען, ווייל די דייטשען זיינען פריהער אַנגעפאַלען אויף איהר. אָבער ווי וואָלט למשל געווען, ווען בעלגיע וואָלט מיט דער צייט פריהער זיך דערוואוסט אויף קלאָר, אַז דייטשלאַנד איז שוין גרייט אויף איהר אָנצופאַלען און אַז מיט אַ ראַשען, ענערגישען איבערפאַל איבער דייטשלאַנד קען זי פערהיטען דעם אַנפאַל, אָדער אָבשוואַכען זיין ווירקונג, אָדער פערשטאַרקען די אייגענע פּאָזיציע אין דער פערטיידיגונג? וואָלט בעלגיענס קריעג אויפגעהערט דערפון צו זיין אַ פערטיידיגונגס־קריעג, וואָס מען געפיהרט ווערען לכל הדעות?

אויב מיר גיעבען אַ הכשר דעם סאָלדאַט, ער זאָל פערטיידיגען דאָס לאַנד, ווען דער שונא וועט אַנפאַלען, גיעבען מיר דערמיט אַרויס אַ הכשר דעם גענעראַל, ער זאָל פיהרען אַן אַנפאַלס־קריעג, אויב ער זעהט איין, אַז אויך דאָ ווי כמעט אומעטום איז די בעסטע פערטיידיגונג דער אַנפאַל.

„מען דאַרף האָבען סאָלדאַטען. מען דאַרף זיי האָבען, זיי זאָלען שיעסען און שטעכען מענשען, און זיך לאָזען דערשיסען און דערשטעכען פון מענשען. און וואָס מעהר „שונאים” זיי וועלען אוים׳הרג׳ענען, וואָס רייכער זיי וועלען אָנשכור׳ן זייערע שפּיזען מיט בלוט, וואָס זאַטער זיי וועלען אָנפּיטערן זייערע שווערדען מיט פלייש, — אַלץ בעסער: דאָס איז דער לאָגישער אימפּעראַטיוו פון קריעג. און ווײַלע סאָלדאַטען און קריעג דאַרף האָבען דאָס גאַנצע פאָלק, ליעגט אויך אויף מיר, ווי אַ טייל פון דעם פאָלק, דער חוב צו טראָגען די אחריות פאַר דעם קריעג, צו געבען איהם יענע מסירת־נפש, וואָס ער פערלאַנגט, און נעהמען אויף מיין געוויסען יענע

רציחות, און בלוט־פערגיסונגגען, וואָס וועלען אויספאַלען אויף מיין חלק".

אזוי מוזען פיהלען און דענקען די פריעדליכסטע פון די פריעד־ליכע אין דעם פאָלק. ווער רעדט שוין פון יענער נאָך גרעסערער צאָהל פון מיליאָנען און מיליאָנען, ביי וועמען די אַלטע קריעגס־פסיכאָלאָגיע האָט זיך נאָך גאָר ניט אויסגעוועבט פון פלייש און בלוט און האָט נאָר געוואַרט אויף א געלעגענהייט, כדי לוסטיג ארויס צו רייסען זיך, ווי גאָר אין די אַלטע צייטען!

מיר וועט נאָך מסתמא אויסקומען צו רעדען וועגען דער קריעג־שכרות ביי די ציוויליזירטעסטע פעלקער פון דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. דערווייליגע לאָמיר פאַרמולירען דעם „היוצא מדברינו". דער „היוצא מדברינו" איז — אז דער איצטיגער קריעג איז ניט עפּעס אזוינס, וואָס איז לחלוטין פרעמד צו דעם ווילען פון די פעלקער: מעהר אָדער ווענינער טיעף ליעגט ער אין זייער אַלע־מענס ווילען...

— הייסט דאָס, אז מיר, די בני ישעיהו־הנביא, די טרעגער פון דעם פריעדענס־אידעאַל, דאַרפען בוינען די קניע פאַר דעם ווי־לען פון פאָלק?

— אָה, בשום אופן ניט! דאָס הייסט נאָר, אז מיר דאַרפען וויסען, אויף וואָס פאַר א וועלט מיר לעבען און וואו מיר האַלטען מיט די פעלקער אין דער וועלט.

דאָס מוזען מיר וויסען, כדי ריכטיג צו פערשטעהן די טראַגע־דיע, וואָס שפּיעלט זיך איצטער אָב, דעם כאַראַקטער פון די קרעפ־טען, וואָס שטויסען זיך אין איהר צונויף, אפשר וועלען מיר דורך דעם שטודיום פון דעם קריעג און פון די מאָמענטען וואָס האָבען איהם מעגליך געמאַכט, ארויסגעפינען בעסערע מעטהאָדען, ווי אַזוי צו פיהרען קריעג אַנטקעגען דעם קריעג.

12־טער נאָוועמבער, 1914.

# איז דאָס אונזער קריעג?

פיער און פערציג יאָהר נאָכאנאנד האָט אייראָפּא געלעבט אין א פריעדענס־טעמפּעל. דער טעמפּעל איז געוועזן געבויט, — אָדער ריכטיגער: קונציג צונויפגעשטעלט, — פון קאַנאָנען, מיטראַליעזען, ביקסען, באָמבעס, פּאַנצער־שיפען, פעסלעך פּולווער, „האָביצער" און כל המינים כלי־משחית. א שטאָלצען און שעהנעם נאָמען האָט דער טעמפּעל געטראָגען: „דער בעוואפענטער פריעדען". עס זיי־נען, ווייזט אויס, געוועזן געניג נאאיווע מענשען, וואָס האָבען נאָך געגלויבט אין דעם אַלטען רוימישען ווערטעל: „אויב דו ווילסט פרי־דען, זאָלסטו אנגרייטען דעם קריעג", און אז דער בעסטער פריעדענס־טעמפּעל איז אזא, וואָס ווערט צונויפגעשטעלט פון ביקסען און האַר־מאַטען.

פיעלע רעגירונגען האָבען פון פערשיידענע זייטען געפיהרט דעם בוי פון דעם קונציגען טעמפּעל, און דער גאַנצער שכל איז בע־שטאַנען אין דעם, אז זיין גלייכגעוויכט, — דאָס בעריהמטע „איי־ראָפּייאישע גלייכגעוויכט", — זאָל ניט ווערען צושטערט. האָט א רעגירונג, אין איהר גרויסער ליעבע צו וועלט־פריעדען, ארויפגעלייגט אויף איהר זייט אַן איבריגען האַרמאַט, אזוי האָבען פון אַלע זייטען זיך דערהערט אויפגערודערטע געשרייען:

— דאָס אייראָפּעאישע גלייכגעוויכט איז אין סכנה!

און פון אַלע זייטען האָט מען זיך גענומען אויסגלייכען די וואָג מיט נייע כלי־זיין. נאָר אזוי ווי יעדע רעגירונג האָט תמיד געשפּיהרט אין איהר הארצען א ברענענדיגע ליידענשאַפט צום פרי־דען, האָט יעדע פון איהר זייט צוגעלייגט אַן איבעריגען האַרמאַט, רעם, ביז... ביז אַן איבעריגער כלי־משחית איז ערגעץ־וואו אוועק־בדי דערמיט אנצופייערען אַלע אנדערע, זיי אַלע זאָלען טרייבען דעם פרידענס־טעמפּעל אַלץ ווייטער און ווייטער אין דער הויך.

און דער טעמפעל איז אויסגעוואַקסען צו אַ מורא'דיגען מהר־רעם, ביז... ביז אַן איבעריגער כלי־משחית איז ערגעץ־וואו אוועק־געלייגט געוואָרען אונבעמערקט, — אַ שפּאָגעל־נייע הויביטץ־באָמ־בע, — אָדער אַ ברענענדיגע שוועבעלע איז ערגעץ מוטוויליג אַריינ־געוואָרפען געוואָרען אין אַ פולווער פעסעל, — און דער גאַנצער טעמפעל האָט פּלוצים אַ קראַך געטהאָן און איז צונויפגעפאַלען.

דער וועלט־קריעג איז געקומען אומגעריכט, ווען אפילו יעדער איינער, וואָס האָט נאָר מיט אָפענע אויגען צוגעקוקט, מיט וואָס פאַר אַ התמדה די רעגירונגען בויען דעם וועלט־פרידען, האָט זיך געדאַרפט ריכטען אויף דער מלחמה פון טאָג אויף טאָג.

מען האָט ניט געגלויבט אין דעם וועלט־קריעג, ווייל מענשען האָבען זיך נאָך ניט אָבגעוועהנט צו גלויבען אין וואונדער; ווייל אפילו די, וואָס האָבען זיך שוין לאַנג בעפרייט פון דעם וואונדער־גלויבען אין דער נאַטור, קאָנען זיך נאָך אַלץ ניט אָבזאָגען פון דער האָפענונג אויף ניסים אין דער וועלט פון פּאָליטישע און סאָציאַלע פּאַסירונגען. צוליעב וואָס דען אַנדערש האָט מען אויסגעגעבען די מילי־מיליאָנען פון דעם פאָלקס פערמעגען, אויב ניט צוליעב דעם קריעג? נישט שוין צוליעב דער ארכיטעקטאָנישער שעהנקייט פון דעם טעמפעל, נישט שוין צוליעב דעם, אַז דער פריעדענס־טהורעם זאָל אייביג וואַקסען אין דער הויך?

יאָהר אויס, יאָהר איין פלעגט דער אשמדאי אַרומגעהן אַרום די איהם ליעבע צונויפשטעלעכץ און פלעגט אין פריידינער אומגע־דולד רייבען זיינע הענד, ביז עס האָט געמוזט קומען זיין טאָג, ביז מען האָט געמוזט אָנצינדען די פלאַקערס צו זיין יום־טוב.

דאַכט זיך, אַז דער קריעג איז דעם טייוועלס קריעג. ווי קומט ער צו זיין „אונזערער"? לאָזט זיך אויס, אַז ניט נאָר די בירגער־ליכע ראַדיקאַלען, נאָר אויך די גאַנצע סאָציאַליסטישע וועלט, — ביז אויף אַ פּאָר אָרעמע אויסנאַהמען אין די נייטראַלע לענדער, — האָט אַרויסגעגעבען די פּאַראָלע, אַז דער קריעג איז „אונזער" קריעג, ניט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אונז נוגע אין לעבען אַריין, נאָר ווײַלע אין איהם ווערט אויסגעפאָכטען אונזער שלאַכט, — דער קאַמף פון פּראָגרעס אַנטגעגען רעאַקציע.

במעט אַלע סאָציאַליסטען פון דער גאַנצער וועלט פאָדערען פון

אונז, מיר זאָלען אַנגורטען אונזערע לענדען און שטעלען זיך אין פראָנט. מיר טאָרען ניט זיין נייטראַל, טענה'ן זיי, דער פּראָגרעס פערלאַנגט פון אונז, מיר זאָלען זיך אוועקשטעלען אויף זיין זייט און העלפען איהם נובר זיין „די פינסטערע מאַכט".

ווי פּאָלגט מען ניט דעם פּראָגרעס? ווי האָט מען דאָס אַ האַרץ ניט אריין צו וואַרפען זיך אין קאַמף פאַר איהם, אויב ניט מיט לייב און לעבען, איז לכל הפּחות מיט דעם גאַנצען פייער פון אונזער סימפּאַטיע?

איז אָבער די צרה, וואָס דאָס פרעהליכע בילד פון דער סאָציאַליסטישער פּרינציפּיעלער איינינקייט ווערט געשטערט דורך אַ קליינינקען פּראַקטישען ספק. מיר זיינען אַלע נאָך ניט מושוה געוואָרען, אויף וועלכער זייט איז דער פּראָגרעס און וואו האָבען מיר צו זוכען די רעאַקציע. אַ טייל סאָציאַליסטען טענה'ן, אַז די רעאַקציע, — דאָס איז דער צאַריזם; דעריבער דאַרפען מיר קעמפען אויף דער זייט פון דייטשלאַנד און עסטרייך, אָדער סימפּאַטיזירען מיט זיי. אַנדערע ווידער בעווייזען אייך קלאָר, ווי דער טאָג, אַז די „מאַכט פון דער פינסטערניס" איז איצטער דער דייטשער מיליטאַריזם, און דעריבער איז אונזער חוב צו געהן האַנד אין האַנד מיט דעם „צאַר־באַטיושקאַ".

און אַ חידוש נפלא! קוקט איהר זיך איין אין די פּנים'ער פון די, וואָס רייד'ען צו אייך מיט אַזאַ התלהבות אין דעם נאָמען פון דעם מענשליכען פּראָגרעס און דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, אַזוי בעמערקט איהר צו אייער פערוואונדערונג אויפ'ן שטעל, אַז דער ענטפער אויף דער שאלה, וואו איז פּראָגרעס און וואו איז רעאַקציע, שטעהט דאָ אין אַ געוויסער „פונקציאָנעלער" צוזאַמענשטימונג מיט די שטריכען פון דעם געזיכט.

די רוסישע, פראַנצויזישע און ענגלישע סאָציאַליסטען בעווייזען אייך מיט אותות און מופתים, אַז דער פּראָגרעס בכבודו ובעצמו איז דער פעלד־מאַרשאַל אין דעם לאַגער פון דעם דריי־פערבאַנד. און פונקט דערזעלביגער קונץ, נאָר נאָך מיט מעהר פרישקייט, גיט זיך איין די סאָציאַליסטען פון דייטשלאַנד און עסטרייך.

ווי איז דאָס צו דערקלעהרען? פאַר וואָס זעהען אַ פּליעכאַנאָוו און אַ קראָפּאָטקין, ווי דער פּראָגרעס רייט פאַר זייערע רוסי-

שע אַרמעען? פאַר וואָס זעהען די וויקטאָר אַדלערס און די קאַרל ליעבקנעכטס בחוש, ווי דערזעלביגער פּראָגרעס פיהרט די עסטרייך־דייטשע אַרמעען אין שלאַכט? איהר ווערט דאָך מיך ניט וועלען איינשמועסען, אַז דאָ שפּיעלען אַ וועלכע עס איז ראָליע נאַציאָנאַלע פניות און סימפּאַטיען. סאָציאַליסטען און נאַציאָנאַלע געפיהלען!! געהט! דערצעהלט דאָס וועמען אַן אַנדערען!

אָבער — שפּאַס אָן אַ זייט.

שוין דער פאַקט אַליין, וואָס יעדער סאָציאַליסט רייסט זיך פון דער הויט צו בעווייזען, אַז דער ראָגרעס און דער יושר און די אינטערעסען פון דעם סאָציאַליזם ליעגען אויף דער זייט פון זיין פאָלק און זיינען פערבונדען מיט דעם זיעג פון זיין פאָלק, און אַז אויב זיין שונא וועט, חלילה, טריאומפירען אין קריעג, וועלען יענע דריי היילינסטע געטער פון דער מענשהייט געטראָטען ווערען מיט די פיס, — שוין דער פאַקט אַליין, זאָג איך, דאַרף פאַר יעדען בר־דעת זיין אַ בעוויז, אַז אינ׳ם סאָציאַליסט רעדט דאָ ניט דער פּראָגרעס און ניט דער סאָציאַליזם, נור אַז אין זיינע בלוטען קאָכט דאָ אַ גאַנץ אַנדער ליידענשאַפט: דער פּאַטריאָטיזם, די הייסע טרייע איבערגעבענקייט צו דעם אייגענעם פאָלק און צו דעם אייגענעם לאַנד. די שאָוויניסטישע פערבלענדעניס, — אַ קלעפּיגע אויגען־קראַנקהייט, נאָך ערגער, איידער די טראַכאָמע, — האָט צו־שטערט אויף דעם סאָציאַליסט׳ס קלאָרען בליק, און אויב זי האָט ניט אין גאַנצען אָוועקגערויבט דאָס ליכט פון זיינע אויגען, האָט זי איהם לכל לפּחות בלינד געמאַכט אויף איין אויג. ער זעהט נאָר איין זייט פון דער זאַך, נאָר די זייט, אין וועלכער עס זיינען פער־אינטערעסירט זיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסען און פניות.

בעפרייט מען זיך אָבער פון דער קלעפּיגער אויגען־קראַנקהייט, —דער „שאָוויניטיס“, — און מען וואַרפט אַראָב פון חשבון די בעוואוסטע אָדער אומבעוואוסטע נאַציאָנאַלע סימפּאַטיען, איז יע־מאָלט אסור אויב מען הויבט אָן צו פערשטעהן, ווי אַזוי אַ סאָציאַ־ליסט קאָן אין זיך געפינען דעם קוראַזש רופען אונז צו־צושטעהן צו אַ וועלכען עס איז צד פון די איצט קעמפענדע צדדים.

די ווידער־נאַטירליכע ביגאַמיע אין וועלכע דער רוסישער צאַ־ריזם איז אַריין מיט דער פראַנצויזישער רעפּובליק און דער ענגלי־

שער דעמאקראטיע, א מאוס'ער געלד־און־מאכט שדוך, וואס האט אויף אויביג פערדארבען די רעפוטאציע פון יענע צוויי שעהנע פריי־הייטס־פרינצעסינס, — האט בעשאפען אזא לאגע, אז איהר קאנט ניט סימפאטיזירען מיט פראנקרייך און ענגלאנד, איידער איהר צו־קושט זיך ניט פון גאנצען הארצען מיט דעם רוסישען זשאנדאר, און איהר קאנט ניט פערלאזען פראנקרייך און ענגלאנד, סיידען ביי אייך איז רעכט, דער פרייסישער הוסארען־שטיוועל זאל צוטרעטען אין שטויב אויף דאס ביסעלע פרייהייט, וואס איירא[?]פא פערמאגט נאך.

ווי איהר זאלט ניט דרעהען און ווענדען די לאגע, — און מיר וועלען זי שפעטער נאך ארומריידען באריכות, — תמיד וועט איהר אין דער לעצטער ליניע קומען צו איין־און־דעמזעלבינען רעזולטאט:

אין דעם איצטיגען וועלט־קריעג קעמפט די בייטש פון דעם דייטשען מיליטאריזם אנטגעגען דעם קנוט פון דעם רוסישען צא־ריזם. ווער עס זאל ניט זיעגען, וועט זיין אן אומגליק; ווער עס זאל ניט פערלירען, וועט זיין א גליק.

א שד ראנגעלט זיך מיט א רוח. ס'איז א פאראדנע־פארשטע־לונג פון מחבלים צוליעב דעם אשמדאי.

ווי קומען מיר, סאציאליסטען, אהער?

15טער נאוועמבער, 1914.

---

# מיט וועמען דארפען מיר האלטען?

דער צארישער קנוט און די דייטשע מיליטאריסטישע בייטש זיינען פון אלע מאל געווען א גלייכער שידוך. אבער אויב ביידע וואלטען זיך אפען צונויפגעפארט אין א פאליטישען בונד, וואלט דאס אויפגעהויבען אזא שטורעם אין דער גאנצער וועלט, אז פון דעם געבענשטען פאר־פאלק וואלט קיין זכר ניט געבליבען. פאלט דער אשמדאי אויף א המצאה. ער רייצט זיי אן איינס אויף דאס אנדערע. איז — אט דער, וואס איז אין כעס אויף דעם קנוט, ווארפט זיך העלפען דער בייטש, און דער, וואס קאן ניט אריבער־טראגען די בייטש, זוכט די ישועה ביי דעם קנוט. אויף אזא אופן

זוערען בעשאַפען מחנות פון מענשען, וואָס ארבייטען אויף דער דערהאַלטונג פון ביידען, ביידען זאָל חלילה נישט געקרימט ווע־רען א האָר. איך מוז מודה זיין: דאָס איז א געניאַלע המצאה, ווירדיג פאר דער רעפּוטאַציע פונ'ם „פירסט פון חשך", א המצאה, וועלכע הויבט נאָך העכער אויף די מיינונג, וואָס איך האָב תמיד געהאַט וועגען איהם.

די געניאַלקייט פון דער המצאה בעשטעהט אין דעם, וואָס זי האָט איהם, דעם טייוועל, מיין איך, מעגליך געמאַכט קומען צו זיינע ביטערסטע פיינד, צו די אײדעלסטע, קליגסטע און בעסטע קינדער פון דער מענשהייט, און אָהן שאלות און מענות א זאָג טהאָן זיי מיט דער גאַנצער מאַיעסטעטישער ברייטקייט:

— א־נו, רבותי, וואו זיינען אייערע בכבוד'ע נעז? שטעקט זיי, זייט מוחל, אריין אין די פינגער פון מיינע מחבלים און לאָזט זיך פיהרען אהין, וואו איהר וועט איינער דעם אנדערן איבערדריי־הען דעם גאָרגעל.

און זיינע ערגסטע דם־שונאים, מענשען מיט קלאָרע קעפּ און וואַרעמע מענשליכע הערצער, האָבען אריינגערוקט די נעז אין די אויסגעבויגענע פינגער פון די מחבלים און זיך געלאָזט פיהרען אהין, וואו זיי בייסען איינער דעם צווייטען די גאָרגלען.

מיר דוכט, עס איז געקומען די צייט, ווען מיר מעגען זיך א פרעג טהאָן. אפשר גענוג זיך לאָזען פיהרען פאר'ן נאָז? אפשר גענוג שוין געשפּיעלט פאר'ן טייוועל?

לאָמיר דורכקוקען, ווי דער סדר איז, די טעמים, פאר וואָס מען וויל אונז „אנטהאָן אין די יונ'ישע קליידער". אפשר וועט זיך ארויסווייזען, אז מיר האָבען א סך וויכטיגערע זאכען צו טהאָן, איידער צו פיהרען דעם קאַמף פון דעם קגוט, אדער שאַפען דעם טריאומף פאר דער בייטש, אז עס איז דאָ אן אנדערע ארמעע, צו וועמען מיר זאָלען צושטעהן, — אן ארמעע, וואָס האָט זיך דערווייל נאָך ניט אריינגעוואָרפען אין קריעג, וואָס מוסטירט ערשט און זאמעלט איהרע קרעפטען, און וואָס וואַרט אויף אונז, מיר זאָלען ארויסטרעטען אין איינעם, ווען אונזער צייט וועט קומען. איך מיין דאָ די ארמעע פון קריעגער אנטקעגען דעם קריעג...

וואס זיינען די טעמים, וואס דארפען אונז מאכען טייערער איין צד פון די איצטער קריעג־פיהרענדע צדדים פאר דעם אנדערן?

הערט זיך צו צו אלע ארגומענטען, מיט וועלכע די פיהרער פון דא און דארטען, האבען פערענטפערט זייער קריעגערישע שטעלונג און איהר וועט געפינען, אז זיי, — די ארגומענטען, מיין איך, — לאזען זיך איינטיילען אין פיער אדער פינף קלאסען.

קודם דארף מען האבען אין זין די אורזאכען, וואס האבען ארויסגערופען די מלחמה אדער וואס האבען געצוואונגען די פעלקער זיך ארייןווארפען אין פייער. אויב די, וואס האבען געצויגען דעם שווערד פון דער שייד, קעמפען פאר א זאך, וואס דארף זיין הייליג און טייער דער מענשהייט, זיינען מיר מענשען געוויס מחויב, צו־צושטעהן מיט אונזער גוט און בלוט פאר זיי.

דערנאך קומען די פרינציפען און אידעאלען, וואס זיינען איינגעוויקעלט אין דעם קריעג. די שלאכט ווערט געפיהרט פון ארמען אנטקעגען ארמעען, אבער אין דער־זעלביגער צייט שפיעלט זיך אב הינטער זייערע רוקענס א קאמף פון אידעאלען און פרינציפען: פון פאליטישע פרייהייט אנטקעגען צארישען דעספאטיזם, פון דעמאקראטישע רעגיערונגס־פארמען אנטקעגען פרייסישען יונקערטום, פון פעלקער־פרייהייט (בעלגיען) אנטקעגען ברוטאלע פערגוואלטיגונג (דייטשלאנד). מיר דארפען, זאגט מען אונז, אננעהמען זיך פאר די, אויף וועמעס זייט עס זיינען די אונז טייערע אידעאלען.

ווייטער קומען ארגומענטען און בעטראכטונגען וועגען די רעזולטאטען פון דעם קריעג. וואס וועט די וועלט געווינען אדער פערלירען, ווען דייטשלאנד וועט זיעגען? וואס וועט צוקומען אדער אבקומען, אויב דער טריאומף וועט זיין ביי דעם צד שכנגד? לאמיר קעמפען אנטקעגען דעם, פון וועמעס מפלה מיר דערווארטען מעהר גוטס פאר דער מענשהייט.

מיר קאנען ניט לאזען אן א זייט אויך יענע סברות און הקירות, וואס האבען אין זיך דעם גורל פון אונזער אידישען פאלק נאכ׳ן קריעג. אלץ קאן מען מקריב זיין צוליעב דער מענשהייט, נאר ניט די לעבענס־אינטערעסען פון א גאנצען פאלק. אונזער לאגער דארף זיין דער. — אזוי וויל מען

פון אונז, — וועמעס זייג עס וועט ברענגען מעהר נוצען און פריי־הייט פאַר אונזער פאָלק.

און לסוף דאַרף מען נאָך בעטראַכטען, וואָס פאַר א ווירקונג עס וועט מוזען האָבען דער אויסגאַנג פון דעם קריעג אויף דעם פראָ־גרעסיווען גייסט און די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון די מאַסען, וואָס קעמפען, יעדערע אין זיין לאַנד, פאַר א בעסערער און א ליב־מיגערער צוקונפט.

א גאַנץ היבשער פעקעל פון פּראָבלעמען! און אז מען זאָל זיי אַלע גוט דורכקייען, פערזיכערט מען אונז, וועלען מיר יעמאָלט איינזעהן, אז אין דעם איצטיגען קריעג שטעהט צופיעל גרויסעס און וויכטיגעס אין קאָן, מיר זאָלען מעגען, ווי אמאָל חוני המעגל, בעטען ביי דעם רבונו־של־עולם, אז ער זאָל די תפילות פון איין צד ניט שעצען העכער פאַר די תפילות פון דעם אַנדערען...

גוט, לאָמיר זיך צוהערען צו די טענות! מילא מיט די אַרגו־מענטען פון דעם ערשטער קלאַס, די אָפיציעלע ערקלעהרונגען פון די קריעג־פיהרענדע שטאַאטען, פאַר וואָס זיי פיהרען דעם קריעג, קאָ־נען מיר פאַרטיג ווערען אין איינס און צוויי.

מען דאַרף שוין זיין גאָר א בן־פקוע אין דער פּאָליטיק, כדי צו גלויבען אויפ׳ן וואָרט די אַלע שעהנע רעד, מיט וועלכע די „מלכיות" בעפוצען פאַר דער וועלט זייערע אמת׳ע מאָטיוועןן: רוסלאַנד קאָן ניט פערטראָגען דעם צער פון זיין אָרימען קרוב, סער־ביען; דעם דייטשען קיסר געהט שוין איבער די גאַל די חוצפּה פון דעם רוסישען צאַריזם; פראַנקרייך וויל מאַכען א סוף צו דעם דייטשען מיליטאַריזם און ענגלאַנד ברענגט אין דעם היילינגסטען גרים־צאָרן פאַר דער עולה, וואָס דייטשלאַנד האָט בעגאַנגען בנוגע דעם אומשולדיגען בעלגיען...

מען קען זיי צו גוט, די אַלטע הינער־פרעסער,—ריכטיגער: פעלקער־פרעסער, — מען זאָל א רגע קאָנען גלויבען אין זייער א וואָרט. מען ווייס, אז די אַלע שעהנע רייד זיינען ניט מעהר, ווי די הגהה, און אז מען האָט אין זין ניט די שעהנע הגדה נאָר די פעטע קניידלעך: די דאָרשט צו וועלט־מאַכט, צו דער אויבער־הערשאַפט איבער׳ן ים, אָדער אויף דער יבשה, צו נייע פרעמדע לענדער און פעלקער, וואָס זאָלען איינעם געבען נאָך מעהר מענשען פאַר׳ן חיל.

נאָך מעהר פעטע שטעלען פאַר דעם בעאַמטען און פּערוואַלטער, נאָך מעהר מאַרק־פּלעצער פאַר דעם האַנדעל און דער אינדוסטריע, נאָך מעהר קלינגענדע מטבעות פאַר דעם מלוכה־אוצר.

פון די אמת'ע מאָטיווען, וואָס האָבען אַרויסגערופען דעם קריעג, קאָן קיינער ניט געווינען אונזער האַרץ: זיי שטעקען אַלע מיט זייערע וואָרצלען אין די אַלטע פערשימעלטע אידעאַלען פון דער פאַר־קאַפּיטאַליסטישער וועלט, אָדער אין די מגושם'דיגע מאַטעריעלע אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען, און יעדער טראָפּען מענשליך־בלוט, וואָס ווערט פערגאָסען צוליעב זיי, איז אַ קרבן, וועלכען די ארבייטער־מאַסען ברענגען אויף דעם מזבח פון זייערע אונטערדריקער און פיינד.

קאָנען מיר נעהמען אויף זיך די אחריות פאַר'ן בלוט, וואָס ווערט פערגאָסען צוליעב אַזעלכע מאָטיווען ?

— אָבער, — זאָגט מען אונז, — עס מאַכט גאָר ניט אויס, וואָס די „מלכיות" מיינען ווען זיי פיהרען דעם קריעג. צוליעב וואָס מען זאָל איהם ניט האָבען אַרויסגערופען, ריהרט ער אָן גאָר־גאָר אין די הויכע עולמות פון פּרינציפּען און אידעאַלען, וואָס זיינען אונז טהייער, און זייער קריוודע מוזען מיר זיך אָננעהמען.

אויך אויף דער טענה, וועלכע ווערט געשאַפּט פון דער „אינוועניגסטער לאָגיק", וואָס שטעקט אין דעם איצטיגען קריעג, דאַרף מען ניט פערלירען קיין סך רייד. געוויס, שטעקט „אין דער לאָגיק פון די פאַקטען", אַז דער קאַמף פון פראַנקרייך אַנטקעגען דייטשלאַנד איז אַ קאַמף פון אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק געגען אַ יונקערשער מאָנאַרכיע, און מיט דעם גאַנצען האַרצען וואָלטען מיר געמוזט שטעהן אויף דער זייט פון פראַנקרייך, ווען מיר וואָלטען ניט געפיהלט, אַז בשעת מעשה נעהמט אונז אונטער'ן אָרעם דער בלוט־דורשטיגער „בער פון צפון" און אַז אויך ער ליאַסקעט מיט זיינע צייהן אין אונזערע אויערן: „פאָראויס, אין קאַמף פאַר פרייהייט און רעכט !"

געוויס, איז דער קריעג וואָס דייטשלאַנד פיהרט אַנטקעגען רוסלאַנד, אַ קאַמף פון אַן אייראָפּעאישער קאָנסטיטוציע אַנטקעגען אַן אַזיאַטישען דעספּאָטיזם, אַ קאַמף פון פערזענליכער פרייהייט און בירגערליכען שוץ אַנטקעגען באַרבאַרישע אונטערדרי־

קונג און שכור'ן ווילדמוטה. גאנץ זיכער וואלטען מיר אלע געווען אויף דייטשלאנד'ס צד, ווען דאס וואלט אין דער זעלבינער צייט ניט בעטייט דעם קאמף אנטקעגען דער פראנצויזישער רעפובליק און דער ענגלישער דעמאקראטיע און נאך דערצו א הסכמה צו דער מיליטאריסטישער בייטש.

דאס זיינען אלע אלף־בית־אמת'ען, און אויך אלע אנדערע ארגומענטען, וואס ווערען געשעפט פון דער „אינוועניגסטער לאגיק", קאנען ניט פיהרען צו קיין אנדער רעזולטאט, ווי נאר צו דעם אז „גוט" און „שלעכט" האבען זיך אין דעם קריעג אזוי צונויפגעפלאכטען אין איינעם, אז ווען איהר העלפט דעם „גוט", וואס אויף איין זייט, העלפט איהר אין דערזעלבינער צייט דער „שלעכט" וואס אויף דער אנדערער.

ניט די אפיציעלע מאטיווען, ניט די „אינוועניגסטע לאגיק" פון דעם קריעג וואלטען ניט געקאנט פערבלענדען די אויגען פון דער סאציאליסטישער וועלט, ווען אויף דער סצענע וואלטען ניט ארויף די פלפולים וועגען די רעזולטאטען, וואס מיר האבען צו ערווארטען פון דעם קריעג.

צו זיי לאמיר איבערגעהן.

17טער נאוועמבער, 1914.

---

# די קלענערע צרה

נאך אין די ערשטע וואכען פון דעם קריעג בין איך דורך א גליקליכען צופאהל בעקאנט געווארען מיט די דעבאטען וועגען איהם, וואס זיינען פארגעקומען אויף א זיצונג פון רוסישע סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען אין מעריב אייראפע. דארטען, איז ווי מיר דוכט, צום ערשטען מאל ארויסגעזאגט געווארען די טעאריע פון דער „קלענערער צרה".

עס האט אויך אויף יענער זיצונג פון בעקאנטע פיהרער פון א סאציאליסטישער רעוואלוציאנערער פארטיי ניט געפעהלט קיין שטימען, וואס האבען גע'טענה'ט, אז דער קריעג איז „אונזער" קריעג און אז „מיר" מוזען נעהמען אין איהם אן אנטייל. דער הויפט האט זיך געהיצט אן אלטער, גרויער בכבוד'ער רעוואלוציא־

נער, וואָס שטאַמט אָב פון רוסישע פויערים. מיט דער בעגייסטער־רונג פון א נביא האָט ער אַלעמען אָנגעזאָגט די פרעהליכע בשורה, אז רוסלאַנד וועט זיעגען און אז דערפון וועט ארויס א ישועה ניט נאָר פאר רוסלאַנד, נאָר פאר דער גאַנצער וועלט. רוסלאַנד איז שוין ניט רוסלאַנד: דאָס איז פראַנקרייך און ענגלאַנד. ניקאָלאי דער צווייטער איז שוין ניט ניקאָלאי דער צווייטער: ער איז עדוואַרד גריי און וויוויאַני.

„ווארפט אוועק אייער אַלטע פסיכאָלאָגיע!" — האָט ער אַלץ געשריען אויף יענע חברים זיינע, וואָס האָבען בשום אופן ניט געוואָלט גלויבען אין אזא וואונדערבאַרער פערוואַנדלונג פון באַרבאַרישען צאַריזם אין אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיע.

דאָס איז נאָך געווען אין יענע טעג, ווען אין דער פּרעסע האָבען זיך ארומגעטראָגען פער'עקשנ'טע קלאַנגען וועגען דער פּריעדליבער רעוואָלוציע, וואָס איז פּלוצלונג פאָרגעקומען אין רוסלאַנד'ס „הויכע ספערען": וועגען דעם מאַניפעסט צו די פּוילען און צו „מיינע ליעבע אידען"; וועגען דער מפּלה, וואָס שצעגלאָוויטאָוו און קאַסאָ האָבען געקראָגען. דער בערלינער „פאָרווערטס" האָט אין א דעפּעש פון פעטערבורג מודיע געווען, אז אנשטאָט שצעגלאָוויטאָוו'ן איז בעשטימט געוואָרען קאָני און אז קאַסאָ'ס פּלאַץ פערנעהמט קוזמין־קאַראוואַיעוו.

די לעצטע דעפּעש אין א דייטשער צייטונג, וואָס איז דאָך געוויס ניט פּעראינטערעסירט צו פערשפּרייטען ידיעות, גינסטיגע פאר רוסלאַנד, האָט געקאָנט נאָך מעהר פער'שכור'ן די מוחות. קאָני,—לאָז זיין דאָס איז שוין אַן אַלטער, כמעט פאַנאַנדערגעפאַלענער טעמפּעל פון ליבעראַליזם. קוזמין־קאַראוואַיעוו, — ניט נאָט ווייס וואָס פאר א שטורעמדיגער ראַדיקאַל. על כל פנים, זיינען די צוויי נעמען סימבאָלען פאר א נייעם קורס. און א קלאָרער דייטליכער בעוויז, אז די רוסישע רעגיערונג וויל זיך איצטער ניט בענוגענען מיט פּראַזען און צוזאָגען: זי הויבט אָן צאָהלען מזומנים.

עס האָט זיך אזוי געוואָלט גלויבען אין רוסלאַנד'ס ענדליכער בעפרייאונג, אז עס איז גאָר קיין חדוש ניט, וואָס אזוי פיעל מענשען האָבען ניט געקאָנטביישטעהן דעם נסיון און האָבען מיט

אמאָל אַרויסגעריסען פון הארצען „די אַלטע פסיכאָלאָגיע“ פון חשד און האַס צו דעם רוסישען צאַריזם און זיינען געווען אָנגע־ברייט צו געהן אין קריעג אונטער דער פאָהן פון „טאָוואַרישטש ניקאָלאַי“.

האָט אפשר אַן ענליכער פסיכאָלאָגישער פּראָצעס זיך אָבגע־שפּיעלט ביי די דייטשע סאָציאַליסטען ? האָבען אויך זייערע פערשמאַכטע הערצער, אין דעם בענקען נאָך אַ בעסערער צוקונפט פאַר זייער פאָלק, זיך געלאָזט בערוישען פון אַ פּאָר ליבעראַלע פראַזען און זיינען אַריינגעפאַלען אין דער אילוזיע, אַז דער מענש ווילהעלם איז ענדליך געוואָרען אַ שטיקעל מענש ? אפשר האָ־בען מיר אָט אין דעם פסיחאָלאָגישען פּראָצעס אַ שטיק דערקלערונג פאַר דעם משונה'דיגען פאַקט, וואָס אַזוי פיעל דייטשע סאָ־ציאַליסטען האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אין שלאַכט אונטער דער פאָהן פון „גענאָסע ווילהעלם“ ? אַך, עס איז אַזוי גוט צו גלויבען אין דער גוטסקייט פון דעם מענשען, אַזוי שווער תמיד אַרום צו געהן מיט חשד און שנאה אין דער ברוסט !

ווי די מעשה איז, האָט מיך דאָס באמת געפרעהט, ווען איך בין געוואָהר געוואָרען, אַז אויף יענער זיצונג פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, זענען די גוטע, גלויביגע, נאַאיווע נשמות גע־ווען אין אַ פערשווינדענדען מעוט. די מאַיאָריטעט האָט זיך ניט אונטערגעגעבען דער שכרות, וואָס האָט זיך אַרום געטראָגען אין לופטען און איז געבליבען קאַלט צו די הויך־קלינגענדע פראַזען פון „טאָוואַרישטש ניקאָלאַי“ און „גענאָסע ווילהעלם“. קלאָר האָ־בען די מייסטע פון זיי געזעהען, אַז דער איצטיגער וועלט־קריעג האָט לויט זיינע מאָטיווען קיין ברעקעל מגע ומשא ניט מיט דעם מענשליכען פּראָגרעס ; אַז לויט די פּרינציפּען, וואָס זיינען אין איהם פערוויקעלט, איז דער דאָפּעל־בונד פון עסטרייך און דייטש־לאַנד ניט מעהר מיוחס, איידער די טריפּעל־אַליאַנץ פון פראַנקרייך־ענגלאַנד־רוסלאַנד און אַז לויט די דירעקטע רעזולטאַטען, וואָס מען האָט צו דערוואַרטען פון איהם, וועט ער ניט ברענגען קיין ברעקעל טובה פאַר דער מענשהייט. מעהר נישט וואָס דען, דער זיעג פון די טריפּעל־אַליאַנץ וועט זיין, — אַזוי האָבען זיי אַלע בעשלאָסען,

— א „קלענערע צרה פאר דעם פראגרעס", איידער דער זיעג פון דעם דאפעל־בונד.

עס מאכט ניט אויס, וועלכע ארגומענטען זיי האבען געבראכט פאר דער סברה. שוואכט אב יענע האפענונג, וועלכע עס פערבינדט מיט דעם רוסישען זיעג א בורצעוו, א פליעכאנאוו, א קראפאטקין, מאכט פון די גרויסע טובות קלענערע רעות און איהר וועט פערשטעהן דעם גאנג פון זייערע געדאנקען. אויף דעמזעלבינגען אופן קאן מען אהן מיה איבערקעהרען דעם פעלץ און בעווייזען, אז די קלענערע רעה וועט ארויסוואקסען פון דייטשלאנד'ס טריאומף.

דער „שכל" דערפון איז גאר א פשוט'ער.

די ערשיינונגען פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען און דער געשיכטליכער ענטוויקלונג זיינען אזוי צאהל־רייך, אזוי צונויפגעפלאנטערט אין איינעם, אז יעדע גרויסע פאסירונג מוז ארויסרופען הונדערטע נייע ערשיינונגען, און עס קאן ניט געמאלט זיין, אז זיי אלע זאלען זיין דורכאויס שלעכט אדער דורכאויס גוט. בפרט אין דעם איצטיגען קריעג, וואו „גוטס" און „שלעכטס" האבען זיך כמעט גלייך פערטיילט אויףביידע שטרייטענדע צדדים, מוז על פי חיוב אויסקומען, אז ווער עס זאל ניט זיעגען, וועט אביסעל געוויכט פאלען אויף דעם שאל פון „גוטס" און אויף אלע פעל וועט די „שלעכטס" פון דעם צד שכנגד בעקומען א קלאפ.

היינט געהט רעכענט אויס על פי קלארען שכל, אהן א ברעקעל סימפאטיע אדער אנטיפאטיע פון אייער הארצען, וועמעס „שלעכטס" עס וועגט שווערער און וועמעס נצחון עס וועט דערויבער זיין א קלענערע צרה.

דייטשלאנד'ס מיליטאריזם איז געווען דער צענטער פון רעאקציע פאר גאנץ וועסט אייראפא, — א צענטער, וועלכען דער בעניאלסטער רעאקציאנער ביסמארק האט אויפגעבויט און בעפעסטיגט. ער האט גוט געוואוסט, וואס ער האט געטהאן, בעת ער האט אבגעשניטען א שטיק לעבעדיגע פלייש פון פראנקרייך און האט עס צוגענעהט צו דייטשלאנד. ער האט דערמיט אריינגעשאסען א פייל אין דער פראנצויזישער דעמאקראטיע און בעשאפען אן אייטערנדע וואונד, אין וועלכער עס האבען געשוויבעלט מיקראבען פון פעלקער־האס און שאוויניסטישע „רעוואנש"־געפיהל־

לען. די גאַנצע צייט זין נאָך 1871 האָט פראַנקרייך ממש געפי־
בערט פון יענער פער׳סם׳טער וואונד, און טאָמער האָט זי אין די־
לעצטע יאָהרען אַנגעהויבען אַ ביסעל קומען צו זיך, ווערט אַ נייער
זיעג פון דייטשלאַנד שניידען נייע פאַסען פון פרעמדע פלייש און
בעשאַפען נייע אייטערדיגע וואונדען ניט נאָר אין פראַנקרייך, נאָר
אויך אין בעלגיען, ענגלאַנד און רוסלאַנד. די אויפגאַבען פון דעם
מענשליכען פראָגרעס, פון דער אינוועניגסטער ענטוויקלונג, פון אַ
פריעדליכער פערשטענדניס צווישען פעלקער וועלען אין יענע לענ־
דער מוזען אָבגערוקט ווערען אויפ׳ן צווייטען פלאַן, און דעם אויבען־
אָן פון דער עפענטליכער מיינונג וועט פערנעהמען דער איינציגער
געדאַנק, ווי אַזוי זיך אָבצורעכענען מיט דעם שונא, ווי אַזוי איינ־
צושטילען דעם בעליידיגטען נאַציאָנאַלען געפיהל.

קאָן די שאָוויניסטישע פער׳סם׳ונג פון דער אייראָפּעאישער
דעמאָקראַטיע אריבערגעוואוינען ווערען דורך יענעם ביסעלע „גוטס“,
וואָס וועט אויספאַלען אויף דעם חלק פון אַ פּאָר רוסישע פּראָווינ־
צען, ווען זיי וועלען איבערגעהן צו דייטשלאַנד אָדער עסטרייך?

דער רוסישער צאַריזם איז דער צענטר פון רעאַקציע פאַר דער
גאַנצער וועלט. שוין איצטער בוקען זיך פאַר׳ן צאַר אַלע רעאַק־
ציאָנערע כחות פון אומעטום. זאָל רוסלאַנד זיעגען, וועט דער
פייף פון דעם צאַר׳ס קנוט זיך מיט מעהר ברייטקייט פאַנאַנדער־
טראָגען ניט נאָר איבער די סטעפּעס פון דער אומגליקליכער מדינה,
נאָר איהר וועט איהם קלאָר הערען אויך אין בערלין און אין פּאַריז,
אין לאָנדאָן און אין ניו יאָרק.

קאָן דאָס אויסגעגליכען ווערען מיט יענעם טרייסט, וואָס דער־
פאַר וועט בעלגיען ווידער ווערען פריי און זעלבסטשטענדיג, פראַנק־
רייך וועט אויסגעהיילט ווערען פון איהר נאַציאָנאַלען שמאַרץ און
ווילהעלם׳ס מיליטאַריסטישע חוצפה וועט קריגען איהר פערדיענטען
לוין?

איך מוז מודה זיין, אַז די ביידע פערספּעקטיוון: די פער־
שטאַרקונג פון דעם צאַר׳ס מאַכט און די שאָוויניסטישע פערגיפ־
טונג פון דער אייראָפּעאישער דעמאָקראַטיע זיינען אין מיינע אוי־
גען גלייך שרעקליך און מיט קיינע וואָג־אינסטרומענטען קאָן איך
ניט אויסגעפינען, וועלכע פון זיי איז די „קלענערע צרה“.

פיידען אָננעהמען די המצאה פון איינעם מיינעם א פריינד, וואָס האָט מיר ניט לאַנג געמאַכט די בעמערקונג, אַז דייטשלאַנד'ס זיעג איז שוין דערפאַר אַליין אַ קלענערע צרה פאַר'ן פראָגרעס, ווייל דייטשלאַנד איז דער צענטר פון רעאַקציע ניט מעהר ווי פאַר וועסט-איירפּאַ, בעת רוסלאַנד איז דער צענטר פון רעאַקציע פאַר דער גאַנ-צער וועלט.

דערמאָהן איך מיך אָבער אָן אַ קלוגען ווערטעל, וואָס גראָף היידען האָט אַמאָל געזאָגט צו די קאַדעטען. גראף היידען איז גע-וועזען דער פיהרער פון דער פּאַרטיי „פריעדליכע בענייאונג“. זיינען צו איהם געקומען די קאַדעטען מיט דעם פּאָרשלאַג, ער זאָל זיי שטי-צען אין דעם קאַמף אַנטקעגען די סאָציאַליסטען, וואָס מוזען דאָך אין זיינע אויגען זיין אַ גרעסערע צרה, איידער די קאַדעטען.

„אין מיינע אויגען“ — האָט גראָף היידען געענטפערט, — „איז די נפקא מינה צווישען אייך און די סאָציאַליסטען אזא: איהר ווילט אונז, פריצים, אָראָבוואַרפען פון זיעבעטען גאָרן, און זיי ווילען אונז אַראָבשלייידערן פון צעהנטען“...

דייטשלאַנד'ס זיעג וועט אַראָבוואַרפען דעם מענשליכען פּראָ-גרעס פון דעם זיעבעטען גאָרן; רוסלאַנד'ס — פון דעם צעהנטען, אָבער שוין פון דעם זיעבעטען ברעכט מען האַלז און נאַקען.

20טער נאָוועמבער, 1914.

---

## פעלקער קריעג אָדער שטאַאַטען קריעג?

וואָס איז די איצטיגע מלחמה, — אַ פעלקער-קריעג אָדער אַ שטאַאַטען-קריעג?

פאַראַנען מענשען, וואָס מאַכען ניט קיין נפקא-מינה צווישען פאָלק און שטאַאַט. אַ פאָלק איז אַ גרופּע פון מענשען, וואָס ביל-דען אַן איינענעם שטאַאַט. אַזוי דענקען צ. ב. אַלע שטאַאַטס-מענער פון דעם אַלטען חדר, דיפּלאָמאַטען, וואָס האָבען צו זאָגען אַ דעה אין די אינטערנאַציאָנאַלע בעציהונגען פון פאָלק צו פאָלק. פאַר זיי קאָן דער איצטיגער קריעג ניט זיין קיין אַנדער זאַך, ווי אַ פעלקער-קריעג, ווייל נאָר פעלקער (שטאַאַטען) קאָנען אַרויס-

לאזען קריעגס-דערקלערונגען און נאר פעלקער (שטאאטען) קאנען פיהרען קריעג.

די בעגריפען פון די דיפלאמאטען און פון די אזוי אנגעררפענע שטאאטס־מענער זיינען אבער ניט קיין "מוז„ פאר יעדען דענקענדען מענשען און פאר דער מענשהייט. די מענשהייט ווענדט טאג־טעגליך אן אן אנדער בעגריף ווענען פאלק, וואס האט לחלומין ניט צו טהאן מיט דעם קינסטליכען בעגריף, וואס די ביזהעריגע דיפלאמאטיע האט אויסגעארבייט פאר איהרע אייגענע צוועקען, לויט איהרע אייגענע פרינציפען.

פאר דער מענשהייט איז א פאלק א סכום פון מענשען, וואס פיהרט אן איינענע קולטורעלע באלעבאטישקייט, אלץ איינס, צו זיי האבען אן אייגענעם שטאאט אדער ניט. די פוילען זיינען א פאלק, א נאציע ניט דערפאר, ווייל עס איז דא א פוילישע מדינה, נאר דערפאר, ווייל זיי האבען א פאלקס־שפראך, א נאציאנאלע ליטעראטור, א נאציאנאלע קולטור, נאציאנאלע מנהגים און טראדיציעס. אין וואס עס זאלען ניט בעשטעהן יענע סימנים, לויט וועלכע די מענשהייט ווייס, אז פוילען זיינען א פאלק, פערשיידען פון אלע אנדערע פעלקער, געהט אין יענע סימנים ניט אריין דער עלעמענט פון אן אייגענעם שטאאט. די פוילען האבען איהם פערלארען; זיי האבען אבער דורך דעם ניט אויפגעהערט צו זיין א פאלק, א חוץ פאר די דיפלאמאטען און פאר די וואס קוקען אויף דעם ענין מיט די אויגען פון דיפלאמאטען.

אגב, דארפען מיר בעמערקען, אז אין דער צאהל פון די סימנים, וואס קאנסטיטואירען א פאלק אדער א נאציע, געהט אויך ניט אריין דער עלעמענט פון א טעריטאריע, פון אן אייגענעם לאנד. די וויסענשאפט פון פעלקערעטנאלאגיע, דערכענט אוים א גרויסע צאהל פון אזעלכע וואנדער־פעלקער, וואס האבען קיינמאל ניט געוואוסט, וואס דאס הייסט אן אייגען לאנד. דעם פונקט איז זעהר וויכטיג צו האבען אין זין, אז ניט, קאן איינעם אויסדרוכטען, אז די פוילען זיינען דערפאר א פאלק, ווייל זיי האבען אן אייגען לאנד און ווייל זיי קאנען, אונטער אומשטענדען, פערוואנדלען זייער אייגען לאנד אין אן אייגענעם שטאאט.

די וויסענשאַפט פון דער מענשהייט, וואָס בעשעפטיגט זיך מיט דעם ענין פון פ ע ל ק ע ר, — מיט זייער איינטיילונג, זייער פיזישען געבוי, זייער פסיכאָלאָגיע, זייער קולטור, זייער שטעלונג איינס צו דעם אנדערען, זייערע גדולים און העלדען, זייער געשיכטע, — אַט די וויסענשאַפט שלאָגט ארויס פון קאָפּ די אַלע אַלטע, פערשימעלטע בעגריפען וועגען „פאָלק“ און „נאַציע“, וואָס באַמבלען זיך ביי אונז, אַ דאַנק דער שליטה, וואָס די הערשענדע דיפּלאָמאַטיע האָט אויף אונזערע מוחות.

אַ פאָלק, איז אַ גרופּע פון מענשען, וואָס פיהרט אַן אייגענע קולטורעלע באַלעבאַטישקייט. ווי וויכטיג עס זאָל ניט זיין פאַר אַ פאָלק צו האָבען אַן אייגען לאַנד, כדי עס זאָל קענען א ו י פ ' ן בעסטען אופן פיהרען זיין אייגענע קולטורעלע באַלעבאַטישקייט; ווי נויטיג עס זאָל אַ מאָל ניט זיין, אַז צוליעב דעם זעלביגען צוועק, זאָל עס אויך בעזיצען אַן אייגענעם סואווערענעם שטאַאט: בלייבט עס תמיד אַ פאָלק, אפילו, ווען עס קאָן זיך קיינמאָל ניט דערשלאָגען ניט צו אַ לאַנד און ניט צו אַ פּאָליטישער סואווערעניטעט.

אַ שטאַאט אָבער איז אַ פערבאַנד פון מענשען, וואָס קאָן אריינגעהמען אין זיך אַ סך פערשיידענע פעלקער, — גאַנצע אָדער טיילען פון זיי. די גרענעצען פון אַ שטאַאט מוזען ניט צונויפפאַלען מיט די גרענעצען פון אַ פאָלק, און די עקזיסטענץ פון אַ פאָלק פאַלט ניט צונויף מיט דער עקזיסטענץ פון אַ מדינה (טעריטאָריע), אָדער אַ מלוכה (שטאַאט).

די פראַנצויזישע ליטעראַטור איז די ליטעראַטור פון דעם פראַנצויזישען פ אָ ל ק און ניט פון דער מדינה פראַנקרייך און ניט פון פראַנקרייך'ס מלוכה. דעריבער וועט איהר אין דער געשיכטע פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור אַנטרעפען אַזא וויכטיגען נאָמען, ווי זשאַן זשאַק רוססאָ, וואָס האָט קיינמאָל ניט בעלאַנגט צו פראַנקרייך. ער איז געבאָרען געוואָרען אין דער פראַנצויזיש־רעדענדער שווייצאַריע און איז כל ימיו געבליבען אַ שווייצער. די דייטשע מאָלעריי איז די מאָלעריי פון דעם דייטשען פאָלק, און ניט פון דעם דייטשען לאַנד, אָדער דעם דייטשען „רייך“. דעריבער געהערט בעקלין צו דער געשיכטע פון דער דייטשער מאַ-

לעריי, ווען אפילו ער איז געבארען און איז כל ימיו געבליבען א באזעלער, א בירגער און א קינד פון דער דייטש רעדענדער שווייצאריע. דעריבער וועלען אויך די ליטווישע ליטעראטור און די אידישע ליטעראטור, וואס בליהען אין אמעריקא, ניט צוגערעכענט ווערען צו דער קולטור פון דעם אמעריקאנער פאלק, נאר צו די ליטעראטורען פון דעם ליטווישען פאלק און דעם אידישען פאלק. מחמת דעמזעלביגען טעם איז אויך די אידישע שפראך — די שפראך פון דעם אידישען פאלק, אלץ איינס, וואו זי ווערט גערעדט, אין נארד־אמעריקא, אדער אין זיד־אפריקא, אין ירושלים, אדער אין קאפענהאגען, אין ניו־יארק, אדער אין ווילנע.

א פאלק קאן לעבען אין פערשיידענע שטאאטען, ווי די דייטשען, וואס לעבען אין דייטשלאנד, עסטרייך, שווייצאריע, רוסלאנד, אמעריקא. און א שטאאט קאן בעשטעהן פון פערשיידענע פעלקער, ווי עסטרייך, וואס בעשטעהט פון צוועלף קעין איין זאק.

צוליעב וואס ווערט געגרינדעט א שטאאטס-פערבאנד ? זויף דער פראגע איז ניט אזוי לייכט צו ענטפערען. בערג און בערג פון ספרים זיינען אנגעשריבען געווארען וועגען דעם ענין. אויב איהר ווילט קאנט איהר זיך בעקענען מיט יענעם ענטפער, וועלכען הערר וואלינג גיט אין דעם לעצטען נומער „ניו רעוויו“. נאציאנען, זאגט ער, אבער געמיינט ווערט דא : „שטאאטען“. (הערר וואלינג'ס תפיסת עין פון א נאציע איז נאך אין תפיסה ביי דער דיפלאמאטיע), נאציאנען, זאגט ער, זיינען עקאנאמישע איינהייטען, קאנקורירענדע געשעפטס-פירמען. (דהי ניו רעוויו נומ. 7, ז. 50).

פערלאזט איהר דא דעם ענגען שטאנדפונקט פון עקאנאמישער קאנקורענץ און פערשטעהט איהר דא דעם ווארט געשעפט אין א ברייטערען זין, וואס נעהמט אין זיך אריין די בעפריעדיגונג ניט נאר פון ריין עקאנאמישע, נאר אויך פון פאליטישע און סאציאלע נויטען, קאן מען גאנץ גוט זאגען, אז א שטאאט איז א געוויסע ארט געשעפטס-פירמע, וואס נעהמט אין זיך אריין שותפים פון די פערשיידענסטע רעליגיעס, שפראכען, קולטורען, פעלקער

און וואו די מאיאריטעט פון די שותפים ווערט דערוויילע בע־שווינדעלט צוליעב א קליינער מינאריטעט.

א שטאאט איז א געשעפטס־פירמע; א פאלק איז א קולטור־ארגאניזם, — דאס איז דער אלף־בית פון דער מאדערנער פאלקס־פאליטיק, און ווער עס קען נאך ניט אט דעם אלף־בית, וועט ניט קענען איבערלייענען אפילו א שורה אין דער מאדערנער געשיכטע.

ווייס מען אבער דעם אלף־בית, איז יעמאלט ניט שווער צו ענטפערען אויף דער שאלה: ווער קעמפט איצטער מיט וועמען, — שטאאטען, אדער פעלקער? געשעפטס־פירמען אדער קולטור־ארגאניזמען?

אויב דער איצטיגער קריעג וואלט געווען א ריינער פעלקער־קריעג, וואלטען די קריעג־פיהרענדע פעלקער זיך בעטייליגט אין איהם גאנץ. דאס קאנען מיר אבער זאגען נאר פאר א גאנץ קליינער צאהל פון זיי. די ענגלענדער, די סערבען, די טערקען און די יאפאנער קעמפען גאנץ אויף איין זייט. און אנטקעגען זיי שטעהט אויך א גאנץ נאר איין פאלק—די טשעכען (אזוי דוכט מיר. גאנץ פאנאנדערקלייבן זיך אין דעם פלאנטער פון דעם איצטיגען קריעג איז ניט אזוי גרינג). אלע אנדערע פעלקער זיינען דא געטיילט. צו די דייטשען פון דייטשלאנד און עסטרייך זיינען ניט צוגעשטא־נען זייערע פאלקס־ברידער פון שווייצאריע און עס קעמפען אנט־קעגען זיי זייערע פאלקס־ברידער פון רוסלאנד. צו די פראנצוי־זען און די איטאליענער זיינען ניט צוגעשטאנען זייערע פאלקס־ברידער פון דער פראנצויזישער און איטאליענישער שווייצאריע. אנטקעגען די גרויס־רוסען פון רוסלאנד קעמפען די גרויס־רוסי־שע קאלאניעס פון דער בוקאווינע און עסטרייך. די אידען, די פוילען און די קליין־רוסען פון רוסלאנד שטעהען אין קאמף אנט־קעגען זייערע פאלקס־ברידער פון עסטרייך. און אויך די טשע־כען פערגיסען איצטער זייער בלוט, ניט ווי קינדער פון א בעשטימ־טען פאלק, ניט ווי טרעגער פון א בעשטימטער טשעכישער קול־טור, נאר ווי שותפים אין דער שטאאטליכער געשעפטס־פירמע, וואס רופט זיך „עסטרייך”.

דער איצטיגער קריעג איז ניט א פעלקער־קריעג און איז ניט ארויסגעוואקסען פון דעם אנטאגאניזם צווישען פעלקער, צווישען

קולטור־אָרגאַניזמען. ער איז אַ שטאַאַט־קריעג, אויסגעוואַקסען פון יענעם אַנטאַגאָניזם, וואָס עקזיסטירט צווישען די פערשיידענע שטאַאַטליכע געשעפטס־פירמען.

ווערט אייך אַט דער פאַקט קלאָר, ווי דער טאָג, ווערט איהם אייך ניט שווער צו פערענטפערען די נאָך וויכטיגערע שאלה,— אויף וויפיעל דער „נאַציאָנאַליזם" איז שולדיג אין דעם איצטיגען קריעג. אויב אייער בליק אויף דעם ענין פון נאַציאָנאַליטעט איז נאָך פערטונקעלט מיט די טעאָריעס פון די הערשענדע דיפּלאָמאַטען, איז יעמאָלט „נאַציע" און „שטאַאַט" איין און דיזעלבינע זאַך און דער גאַנצער אומגליק שטאַמט פון דעם אַנטאַגאָניזם, וואָס הערשט צווישען די „נאַציעס". אויב אָבער איהר קאָנט זיך בע־פרייען פון דעם הערשענדען דיפּלאָמאַטישען שווינדעל, אויב איהר פערשטעהט, אַז אַ שטאַאַט איז אַ י י ן זאַך, און אַ נאַציע אָדער אַ פאָלק איז אַ גאַנץ אַנדער זאַך, יעמאָלט וועט איהר מוזען מודה זיין, אַז די פעלקער, — די קולטור־שאַפענדע אָרגאַניזמען, וואָס בויען די מענשהייט, — זיינען אין דעם איצטיגען קריעג גאָט די נשמה שולדיג, זיי האָבען זיך אָפט געלאָזט צוהאַקען אויף שטיקער דורך די געקרוינטע און ניט געקרוינטע קצבים, און אויך איצטער ווערען זיי צופּאַלמעסט, ווי שותפים פון געוויסע „געשעפטס־פירמעס".

מיט אַנדערע ווערטער וויל איך זאָגען דאָס: איהר, פּראָגרעסיווע מהוערם, איהר, קעמפּער פאַר דעם אייביגען פריעדען, לאָזט די פעלקער צורוה! וואַרפט אויף זיי ניט אַרויף קיין ממזר־בלבולים. הויבט גאָר ניט אָן צו טראַכטען וועגען אָבשאַפען זיי, ווייל זיי זיינען די בויער פון דער מענשליכער קולטור און ניט פון זייער שטאַמט דער קריעג: פערשיידענע קולטורען קאָנען, זאָלען און מוזען ברידערליך לעבען אין איין אַלגעמיינעם פערבאַנד.

די צרה איז מיט די „געשעפטס־פירמעס", זיי האָבען די־טבע צו „קאָנקורירען" איינער מיט דעם אַנדערען. זיי זיינען דער אמת'ער געפאַהר פאַר דעם וועלט־פריעדע.

לאָמיר זיך נעהמען צו די „געשעפטס־פירמעס"...

יוני, 1915.

# אוים די כתבים פון אַ נייטראַלען

...אין שיקאַגאָ בין איך איינגעשטאַנען אין אַ דייטשען האָטעל. געשפּייזט האָב איך דאָרטען גופא אין אַ רעסטאָראַן, וואָס איז געווען אויסגעמאַלט און צוגעפּוצט אויפ'ן דייטשען סטיל. בעריענט האָבען מיך דייטשע קעלנער און איך האָב מיך ליידער געפיהלט, ווי אין דער היים, אין מיין ליעבער־ליעבער דייטשער שווייצאַריע. איך האָב גאָר פאַרגעסען, אַז איך, אַ „רוסישער", געפין מיך אין קריעג מיט דייטשלאַנד, ווי איך האָב בכלל פערגעסען, אַז עס געהט נאָך ערגעץ־וואו אַן דער גרויסער וועלט־קריעג.

דאָס הייסט: פערגעסען פערגעסט מען קיין מאָל ניט אַזא זאַך; דערויף זיינען דאָ צייטונגען, וואָס דערמאָהנען אייך אַלע אין דער פריה און אַלע אויף־דער־נאַכט, אָבער מען לאָזט אַרויס פון זינען די בעדייטונג פונ'ם פאַקט. די בעריכטען האָבען זיך צוגעגעסען, די נערווען זיינען טעמפּ געוואָרען. מען לייענט און מען פיהלט שוין ניט מעהר דעם שרעק, וואָס ליגט אין די מיטגעטיילטע פאַקטען, — דעם שרעק, וואָס מען האָט אַמאָל דורכגעפיהלט, בעת זיי זיינען געווען ניי. די געפיהלען זיינען מיט אַ הייטעל פערצויגען געוואָרען און דער געדאַנק לאָזט זיי צורוה, וויל ניט אויפרייסען דאָס הייטעל אוים פוילקייט, אוים מורא פאַר אַן איבעריג ביסעל צער.

די אויפטרייסלונג פון דער „לוזיטאַניאַ" האָט אָבער אויך דאָס הייטעל אויפגעריסען, וואָס אויף אונזערע געפיהלען, און מיר האָבען זיך פּלוצלונג ווידער דערוואוסט, גאָר איבער אַ נייס, אַז אין אייראָפּאַ ווערט געפיהרט אַ וועלט־קריעג. דערוואוסט זיך ניט מיט'ן מוח, — דאָס איז אַן אויבערפלעכליכער און אַ האַלבער וויסען, — נאָר ווי מען דאַרף אַזעלכע זאַכען וויסען: אַזוי אַז דאָס וויסען זאָל אַריין אין אַלע ביינער.

עס איז מיר געוואָרען אַ ביסעל אונגעמיטהליך אין מיין דייטשען האָטעל, אין דער ליעבער היימיש־אינטימער אַטמאָספּערע פון דעם דייטשען רעסטאָראַן, און צו דער גאַל האָבען מיר געשלאָגען די פּאַטריאָטישע רייד פון מיין קעלנער, מיט וועלכע ער האָט זיך בעגעגענט אויף מאָרגען נאָך דער קאַטאַסטראָפע.

— „איך בין פראָה !" — האָט ער אויסגעשריען, דער הויכער בלאָנדער קערל, מיט דעם רויטען, פעטען, פערשוויצטען געזיכט און די וואַסער־בלאָהע אויגען. „איך בין פראָה ! וואָס העטטע אויך וואַנדערבילט נאָך ענגלאַנד צו געהן ? ער וואורדע געוואַרנט! ער העטטע צו האוזע זיטצען זאָלען !"

משמעות, אז אין דעם גאַנצען ענין האָט איהם אַ ביסעל „גע־באַדערט" נאָר דאָס, וואָס דער מולטי־מיליאָנער וואַנדערבילט איז נעפאַלען אַ קרבן פון דער דייטשער קריעגס־פיהרונג. דאָס איז געווים אַ שאָד : אַזאַ גרויסער גביר, כמעט אַ „קאַיזער" ! דאָס שטערט אַביסעל די שמחה. אָבער שטאַרק נעהמען זיך צום האַרצען איז אויך נימאָ וואָס. ווער האָט איהם געהייסען פאָהרען קיין ענגלאַנד ? האָט ער געזאָלט זיצען אין דער היים !

די נאַאיווע פּאַטריאָטישע רייד פון דעם געזונטען טעווטאָן האָט נאָך מעהר, איידער די זינקונג פון דער „לוזיטאַניאַ" גופא, פערטריבען די פּוילקייט פון דעם געדאַנק, אין גאַנצען אַראָבגעריסען דאָס הייטעל, וואָס האָט טעמפּ געמאַכט די געפיהלען.

ווידער אַמאָל אַ שטיקעל רש"י, אונטערגעטראָגען אונטער'ן נאָז. טאָמער פערגעסט אַמאָל איינער, וואָס איז דער טייטש „קריעג", קומט דער טייטש און פערטייטשט דאָס, און ער עפענט אייך ממש די אויגען. אין איינעם מיט דעם קאָפּ...

---

איך בין נייטראַל. אין דעם ערנסטסטען ערנסט. וויפיעל איך האָב ניט געפּרואווט דרעהען די פאַקטען און ארגומענטען אהין און אהער, ווענען זי אויף אַלערליי וואָגען, מעסטען זיי מיט אַלער־ליי מאַסשטאַבען, תמיד קומט ביי מיר אויס איין און דערזעלביגער רעזולטאַט : ווער עס זאָל ניט געווינען, וועט זיין שלעכט ; ווער עס זאָל ניט פערשפּיעלען, וועט זיין גוט ! גנאָ, מאַך עפּעס מיט אַזאַ רעזולטאַט ! ווער וועט זיך אין איהם איינהערען ?

איינהערען זיך וועט מען נאר אין יענע רייד, וואס שרייען אייגעם אין אויער אריין: זעהסט? אט איז דיין פיינד! גיב זיך א ווארף אויף איהם מיט דיין כל חמתך, גיס אויס אויף איהם די גאנצע שנאה און דאס גאנצע ביטערקייט פון דיין הארצען!

אבער איך בין נייטראל. איך האב קיין צד נ... דעם איצטיגען קריעג, און לאז איך פריי רעדען מיינע געפ...לען, פער־גין איך קיינעם ניט קיין איין ברעקעל געווינס, קיין איין ברעקעל נצחון. איך האב נאר איין פארטיי: די קריעגס־געפאנגענע! אלע מאל ווען איך לייען פון די הונדערטער, טויזענטער, צעהנדליג־טוי־זענטער געפאנגענע, איז ווי א בלאסער זון־שטראהל וואלט דורכ־געריסען די וואלקענס. אט דאס איז גוט! „זיי" זיינען שוין זיכער ארויס פון גיהנום. „זיי" וועלען שוין זיכער ניט מארדען און ניט שטעהן ווי א ציעל פאר'ן טויט. וואלט איך מיך ניט גע־שעהמט, וואלט איך געפאטשט בראווא די „אליאירטע" פאר די מיה, וואס זיי מיהען זיך, צו־צושטעלען מיר אזוי פיעל קריעגס־געפאנגענע.

איך בין נייטראל, אבער ליידער איינזאם אין מיין נייטראלי־טעט. און דאס איז פאר מיר עד היום א חדוש נפלא. עס האט זיך מיר געדוכט, אז גראד מיר, אידען, האבען ניט געטארט צו־שטעהן צו א וועלכער עס איז פארטיי אין דעם איצטיגען קריעג. איך מיין, פערשטעהט זיך, יענע אידען, וואס זיינען ניט געצוואונ־גען דערצו על פי דעם געזעץ. וואס האבען מיר דא צו דערווארטען פון דעם קריעג? ווער עס זאל ניט געווינען, וועט אונז זיין שלעכט, און ווער עס זאל ניט פערשפיעלען, וועט אונז ווידער זיין שלעכט.

א זיעגרייכע רוסלאנד וועט דערווערגען דאס פיצעלע רעכט פון די גאליציאנער אידען, ווי זי טהוט דאס שוין. א דערשלא־גענע רוסלאנד וועט אויסלאזען איהר גאנצען כעס צו אונז, ווי זי גרייט שוין איצטער אן דאס מאטעריאל דערצו אין דער פארם פון די אומגעלומפערטסטע בלבולים און בעשולדיגונגען. און קיין גרוי־סען רושם קאן אונזער פארטיי־נעהמען סאי ווי סאי אויף קיינעם ניט מאכען. און קיין גוטס קאן אונזער פארטיי־נעהמען אויך ניט ברענגען אונז פון קיין צד. היינט פאר וואס זאלען מיר לפחות

אונזערע איינגנע נשמות ניט אָבהיטען פון יענעם שמוץ, פון יענע מיליאָנען טאָג־טעגליכע פערברעכענס, מיט וועלכע מיר סאָלי־דאריזירען זיך, ווען מיר שטעהען צו צו דעם אָדער יענעם צד? —

עס איז שווער צו זיין איינזאם אין א וועלכער עס איז גע־זעלשאפטליכער שטרעמונג. אָבער אַן אנדערם מאָל ווערט די איינזאמקייט בעצאָהלט כפל־כפלים מיט דעם פולען רעכט, וואָס מיר האָבען יעמאָלט צו זאגען פאר זיך אליין: „ידינו לא שפכה!".

איינער מיינער א פריינד האָט אמאָל אין א געשפרעך מיט מיר אויסגעדריקט זיין פערוואונדערונג, פאר וואָס מיר, סאָציאַ־ליסטען, ווערען אזוי אויפגעקאָכט, ווען מיר לייענען וועגען די אויסטערלישע גרויזאַמקייטען, וועלכע דער אָדער יענער צד בע־געהט אינ'ם איצטיגען קריעג. איז דער קריעג גופא ניט די גרוי־זאמסטע זאך אין דער וועלט? וואָס פאר א בעטרעף האָט לגבאי אַט דער גרויזאמסטער זאך אין דער וועלט די אזוי גערופענע „הור־מאַניטעט", וואָס איידעלע מענשען ווילען, אז מענשען זאָלען מיט איהר מאָרדען איינע די אנדערע? ווען איינער קוילעט א קינד, איז דאָ א גרויסע נפקא מינה, מיט וואָס פאר א מעסער ער האָט איהם געקוילעט: א שארפען אָדער א טעמפען?

די מאָרפעדירונג פון דער „לוזיטאַניא" הויבט ווידער אויף דיזעלבינע פראגע, און מיר דוכט, מען קאָן זי ניט פערענטפערען אזוי ראַדיקאל, ווי דאָס האָט געוואָלט טהאָן מיין פריינד. מיר טאָרען דערביי ניט פערגעסען, אז די מאָראלישע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט געהט זעהר און זעהר לאנגזאם, און איידער זי קאָן איינזעהן די גרויזאמקייט פון א וועלכער עס איז האנדלונג און געפינען אין זיך דעם מוטה אין גאנצען אָבצושאפען זי, מוזען פריהער דורות און דורות ארבייטען אויף דער אָבשאפונג פון די גרויזאַמע פאָרמען, אין וועלכע די האנדלונג טרעט ארוים.

איך וועל ברייגנען א ביישפיעל, כדי צו דערקלערען דעם ענין.

עס איז פאר מיר קיין ברעקעל ספק ניטאָ, אז מענשען וועלען ווען עס איז זיך אָבגעוועהנען פון דער מיאוס'ער מדה צו שפייזען זיך מיט די נבילות פון געטויטעטע ברואים. עס קאָן זיין, זיי וועלען עס טהאָן ערשט יעמאָלט, ווען מען וועט אנהויבען פראָ־דוצירען פלייש אויפ'ן כעמישען וועג, פון ניט־ארגאנישע שטאָפען.

אָבער שוין איצטער זיינען דאָ מענשען, וועמעס מאָראַלישער געפיהל עס דערלאָזט זיי ניט צו לעבען אויף דעם חשבון פון צערשטערטען לעבען. דאָס רוב פיהלט נאָך ניט יענעם מאָראַלישען געפיהל, און רעכענט, אז פלייש איז ניט מעהר ווי א געזונטע, אנגענעהמע שפייז, וואָס האָט א ברעקעל ניט צו טהאָן מיט די פראַגען פון מענשליכער חשיבות.

און פון דעסטוועגען הויבט אָן דאָס רוב צו פיהלען, — נאָך מעהר : עס איז שוין אין גאַנצען אריין אין אונזער מאָראַלישען בעוואוסטזיין, — אז טויטען א לעבעדיגע בריאה צוליעב פלייש איז, אמת, מותר, אָבער פייניגען זי דערביי טאָהרען מיר ניט : עס איז א צ ע ר ב ע ל י ־ ח י י ם.

די אידען, דאָס עטישע פאָלק פאַר עקסעליאַנס, דאָס פאָלק פון רחמנות, האָבען אויסגעארבייט די שטרענגסטע דינים, ווי אזוי בעת'ן שעכטען, אָנצוטהאָן וואָס וועניגער צער דער געשאָכטענער בריאה. וויפיעל מיה מוז דער שוחט אָנווענדען איידער ער שטעלט אָן דעם חלף ! איין פגימה'לע, קוים בעמערקבאַר מיט'ן נאָגעל, מאַכט דעם חלף פסול ! וואָס פאַר א בעטרעף האָט דער גאַנצער צער־בעלי־חיים לגבי דעם פאַקט, וואָס מען נעהמט אוועק דאָס לעבען פון דעם בעל־חיים ? און פון דעסטוועגען איז דער רחמנות צו די געשאָכטענע בעת'ן שעכטען א וויכטיגער שריט אין דער מאָראַלישער ענטוויקלונג, א טרעפּעלע אין יענעם לייטער, וואָס פיהרט אונז אַלץ העכער און העכער ביז צום אָבשאַפען אין גאַנצען פון אומפערשולדעטע טהיער־מאָרדען, ביז צום אויסלעשען אין גאַנצען אונזערע לעבען־פרעסערישע אינסטינקטען

דער צער־בעלי־חיים האָט אונז פאָרט געמאַכט איידעלער און צאַרטער. אויף א מענשען, וואָס וואָלט אויס הוילער אכזריות און זולל וסובא אריינגעביסען זיינע ציינער אין דעם האַלז פון א לעבעדינער בריאה, כדי צו זעטיגען זיך מיט איהר בלוט, וואָלטען מיר געקוקט ווי אויף דעם גרעסטען אויסוואורף, און אויב איינער וואָלט איהם בשעת מעשה צוריסען אין צאָרן אויף שטיקער, וואָלטען די געשוואָרענע ריכטער פריי־געשפּראָכען דעם רוצח. זיי וואָלטען מוחל געווען א מענשען־מאָרד, וואָס איז בעגאַנגען געוואָרען אין דער ליידענשאַפט פון צער־בעלי־חיים.

דאָס וואָלט געווען אַ מאָראַלישער פּאַראַדאָקס אָבער פאַר דער מאָראַל איז טייער דער צושטאַנד פון געפיהלען, וואָס ווייזען אַן דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון אכזריות צו רחמים.

עס איז פאַר מיר אויך קיין ברעקעל ספק ניט, אַז דער קריעג וועט ווען עס איז אָבגעשאַפט ווערען. אָבער איידער די מענש־הייט וועט דערגרייכען אַזאַ רעוואָלוציאָנערע מדרגה, וועט זי, לויט איהר אַלטען מנהג, דורכמאַכען אַ לאַנגזאַמע עוואָלוציע פון דעם צער־בעלי־חיים, פון רחמים און הומאַניטעט — אין... קריעג, ווי פּאַטריש עס זאָל ניט קלינגען דער צונויפּשטעל פון אַזעלכע ווערטער.

די אינטערנאַציאָנאַלע אָבמאַכונגען, ווי אַזוי צו שטעלען דעם חלף, מיט וועלכען עס ווערען געשאָכטען די טויזענטער מענשען, זיינען איינצעלנע טרעפּלעך פון דעם לייטער, וואָס פיהרט צו דעם אייבינגען פריעדען; און אויב אָט די טרעפּלעך ווערען איינגע־בראָכען אין דעם איצטיגען קריעג, בעטייט דאָס אַן אמת'ע רעאַק־ציע אין דער ענטוויקלונג פון דער מענשליכער מאָראַל, אַן אמת'ע פערווילדערונג, וואָס שטעלט אוועק די ציוויליזירטע פעלקער אויף דער מדרגה פון יענעם בלוט־דורשטיגען באַרבאַר, וואָס בייסט זיך איין מיט די צייהן אין דעם האַלז פון אַ לעבעדיגען בעשע־פעניס, כדי צו זעטיגען זיך מיט זיין בלוט...

---

נאָר איין תפלה האָב איך צו דעם רבונו־של־עולם:

אויב דו, גרויסער גאָט, האָסט שוין יע חשק אריינצומישען זיך אין דעם מיאוס'ען ענין, מאַך, אַז דער קריעג זאָל זיך ענדי־גען מיט גאָרנישט: מאַך, אַז אַלץ זאָל בלייבען ווי געווען... זאָ־לען די מיליאָנען קרבנות זיין געפאַלען אומזיסט און אומנישט; זאָלען די הרוב־געוואָרענע לענדער קיינעם ניט געבען קיין איין ברעקעל איבערוואָג איבער דעם אַנדערן; זאָלען די טייכען פער־גאָסענע בלוט ניט איבעררוקען קיין איין שטיין פון די אַלטע גרע־נעצען!

אפשר וועלען אָט די מיליאָנען אומשולדיגע קרבנות, די אומ־זיסט הרוב געוואָרענע לענדער, די פאַר גאָרנישט פערגאָסענע בלוט אויסלערנען דער מענשהייט, זי זאָל איינזעהן, אַז ניט דורך

קריעג קאָן מען און זאָל מען פערענטפערן די פּראָבלעמען פון דעם פעלקער־לעבען.

1'טער מאַי, 1915.

---

# אַ שטיקעל נחמה

פּשעמישל איז ווידער געפאלען, ד אָ ס מאָל אריבער אין די הענד פון די פריהערדיגע באַלאַבאַטים. ביי דער געלעגענהייט האָבען די צייטונגען געבראַכט די ידיעה, אַז דערביי איז ביי די רו־סען ווידער גענומען געוואָרען אַ גוזמא מיט קריעגס־געפאַנגענע.

פאר מיר, דעם „נייטראַלען", איז די לעצטע ידיעה — די פרעה־ליכסטע. מיין צד אין דעם איצטיגען קריעג איז, ווי איך האָב שוין אַ מאָל בעמערקט, דער געפאַנגענער, וואָס מוז שוין בלי ספק בלייּ־בען „נייטראַל", ביז עס וועט זיך ענדיגען דער קריעג.

איך פרעה מיך מיט דעם נייען גרויסען חיל, וועלכען מיין צד האָט געוואונען. איך גראַטוליר איהם, וואָס דער גאָט פון קריעג האָט זיך מרחם געווען אויף איהם און האָט איהם בעפרייט פון דעם טראַגישען חוב, צו טויטען זיינע ברידער פון אַן אַנדער לאַנד און דערביי אַליין צו גehen אין טויט, און פון גאַנצען הארצען ווינש איך יעדען איינעם פון די געפאַנגענע, ער זאָל האָבען וואָס צו עסען, וואָס צו טרינקען און וואו צו שלאָפען און אַז אין דער ניצליכער קולטור־רעלער ארבייט, וועלכע די געפאַנגשאַפט וועט ארויפלעגען אויף איהם, זאָל ער קאָנען פערטרינקען זיין טיעפע בענקשאַפט צו דער היים און צו די דאָרטען איבערגעבליבענע אייגענע און טייערע: אַז בעת ער וועט גehen מיט דעם אַקער־אייזען איבער'ן פעלד, אָדער וועט ארבייטען מיט דעם גראָב־אייזען אין דעם גאָרטען, זאָל איהם ניט פיינינגען די מחשבה: „איך בעאַקער אַ פ ר ע מ ד פעלד. איך בעבוי אַ פ ר ע מ ד ע ן גאָרטען". זאָל ער אָנהויבען פיהלען, אַז עס זיינען ניטאָ קיין פרעמדע פעלדער, און קיין פרעמדע גערט־נער, און קיין פרעמדע לענדער: אַז עס איז דאָ נאָר איין ערד, אונזער אַלעמענס מוטער; אַז יעדער פון אונז איז איהר קינד, און אויף איהר האָבען מיר אודאי ניט וואָס ברוגז צו זיין, אויב מ י ר פערשטעהען ניט איהרע געבאָטען און בעשמוצען זי מיט טייכען אונ־

שולדיגע בלוט, אַנשטאָט צו בעגיסען זי מיט אונזער עהרליכען שווייס.

דער קריעגס־געפאַנגענער ווערט דאָס אַנהויבען פיהלען. ער וועט לעבען אין דעם „לאַנד פון זיין שונא". אָבער עס וועט ניט געדויערען לאַנג, און ער וועט אין דעם „שונא" דערקענען דעם אייגענעם ברודער, דאָס קינד פון אונזער מוטער־ערד.

עס איז שוין פון לאַנג אָן בעקאַנט דער פאַקט, אז די מענשען־מאַסען, וועמען דער קריעג האָט אוועקגעשטעלט, ווי בּיטערע שונאים אויפ'ן שלאַכטפעלד, זיינען נאָר די שונאים איינע צו די אַנדערע אין פּרינציפּ, אין דעם אַבסטראַקט, — אפשר אויך אין דעם קאָלעקטיוו־געפיהל. דער „רוס" איז אַ שונא דעם „דייטש". אָבער דאָס איז נאָר דער „רוס" בכלל דעם „דייטש" בכלל, און וויצע ווערסאַ. איוואַן, דער רוס, און יאָהאַן, דער דייטש קאָנען זיך צונויפלעבען, ווי ברידער, און האָבען קיין ברעקעל שנאה ניט איינער אַנטקעגען דעם אַנדערען.

אַי, ווי שטימט דאָס מיט דעם כלל, אז אין בכלל אלא מה שבפרט, אז עס קאָן זיך ניט געפינען אין דעם כלל קיין איין זאַך, וואָס איז ניטאָ אין דעם פרט? פון וואַנען נעהמט זיך די שנאה אין די קאָלעקטיווען, אויב זי איז ניטאָ אין די יחידים?

איז דאָס טאַקי אַ גרויסע קשיא. ריכטיגער: אַ טיעפע־טיעפע שאלה, אויף וועלכער ניט איין שאַרפער מוח האָט שוין אויסגעפּרואווט זיין שאַרפקייט. פאַר די „יודעי־חן" וויל איך דאָ דערמאָנען, אז דער „אין בכלל אלא מה שבפרט" ווערט טאַקי שוין פון לאַנג אָן אָבגעפרעגט אין דער פילאָסאָפיע און אז גראד אין דער איצטיגער צייט איז אָט דער כלל שוין געוואָרען אויס כלל פאַר דער גרעסטער צאָהל פון די גרעסטע דענקער. מיר הויבען אָן זיך צוגעוועהנען צו דעם געדאַנק, אז דער קאָלעקטיוו, דער קבוץ, איז אַ סך־אַ סך אַ גרעסערער און רייכערער ענין, איידער דער סכום פון די יחידים, וואָס שטעלען איהם צונויף: אז דער אייגענטליכער „יש" איז ער, דער קבוץ, דער בוים, פון וועלכען מיר יחידים, זיינען נאָר די בלעטלעך וואָס וואַקסען אויס און פאַלען אראָב און וואַקסען ווידער אויס: געזעהענע בלעטלעך פון אַ ניט געזעהענעם, פאַר די פשוט'ע אויגען פערבאָרגענעם בוים. מיר הויבען אָן צו

ראַשטעהן, אַז דער בוים בעהערשט אונז און ניט מיר דעם בוים.

אָבער ווי עס זאָל ניט זיין די מעשה אין דער פילאָסאָפיע, — ווי מיר זאָלען ניט אויסטייטשען יענע טיעפע־טיעפע סודות, וואָס ליעגען אין די שיכות'ען צווישען דעם יחיד און דעם פאָלק, צו וועלכען ער געהערט, צווישען די פעלקער אין זייער נאַציאָנאַלען צונויפ־שטויס און צווישען די יחידים אין זייער אינדיווידועלען לעבען, — די פאַקטען בלייבען פאַקטען, אַז אין דער איצטיגער צייט זיינען דער קבוץ „רוס" און דער קבוץ „דייטש" דם־שונאים איינער דעם אַנדערן, בעת דער יחיד „איוואַן" קאָן שטעהן אין איינעם מיט דעם יחיד „יאָהאַן" אויף איין גאָרטען, טהאָן מיט איהם די אייגענע מענשליכע אַרבייט, און זיי זאָלען ביידע בעוואוסט אָדער אונבע־וואוסט הנאה האָבען פון זייער מענשליכען אין־איינעם זיין.

עס איז אַ פאַקט, אַז אַפילו אויף דעם שלאַכטפעלד, וואו די רציחה קאָכט זיך פאַנאַנדער צו דעם היציגסטען גראַד, עקזיסטירט די נאַציאָנאַלע רציחה אויך נאָר ווי אַ געפיהל פון קאָלעקטיוו צו קאָלעקטיוו, אָבער ניט ווי געפיהל פון מענש צו מענש. קוים הערט אויף די שלאַכט, קוים ווערט געשלאָסען אַ שטילשטאַנד, לאָז זיין אויף אַ שעה, אַזוי קומען אַרויס די ווילדע טיגערן פון זייערע נרי־בער און אין איין הרף־עין ווערען זיי פערוואַנדעלט פון ווילדע חיות אין גוטמוטיגע, פריינדליכע מענשען, צווישען וועלכע עס ווע־רען שוין אויפ'ן שטעל בעשאַפען חבר'שע בעציהונגען.

עס איז אַ פאַקט, אַז די וואָס קעהרען זיך אום צוריק פון דער געפאַנגשאַפט, ברענגען מיט זיך אַלע מאָל גוטע און דאַנקבאַרע ערינערונגען וועגען דעם „פרעמדען" לאַנד און די „פרעמדע" מענשען, צווישען וועלכע זיי האָבען געלעבט, און ווער קאָן אָבשע־צען, וויפיעל די הומאַנע בעהאַנדלונג פון די געפאַנגענע האָט אויפ־געטאָן, כדי צו דערנעהענטערן די פעלקער איינע צו די אַנדערע! אויף וויפיעל דאָס לעבען אין איינעם, אין אַן אַטמאָספערע, אַ פריע פון עקאָנאָמישע קאָנקורענץ, האָט געהאָלפען אַרויסברענגען יענע געפיהל, אַז קודם כל זיינען מיר מ ע נ ש ע ן, ערדען־קינדער, וואָס בעלאַנגען צו איין מענשהייט און צו איין ערד, ווי פאַרשיידען עס זאָל ניט זיין אונזער נאַציאָנאַלע אַרט, ווי אַנדערש עס זאָלען זיי אויסזעהען אונזערע לענדער.

אין אַלע קריגען ביז אהער האָט די אינטערנאַציאָנאַליזירענדע ווירקונג פון דער געפענגענישאַפט ניט געקאָנט שפּילען קיין גרויסע ראָליע שוין דערפאַר, וואָס די אַרמעען זיינען געווען לפי ערך קליין, און קליין איז געווען דער פּראָצענט פון די, וועמען דער שיקזאַל האָט בעפרייט פון דער אַרויסגעצוואונגענער רציחה.

דער איצטיגער קאָלאָסאַלער קריעג, דער צונויפשטויס פון נעוואַלדיגע קבוצים מיט זייערע געוואַלדיגסטע רציחות, האָט אויך געבאָרען די קאָלאָסאַלע ערשיינונג פון איבער א מיליאָן געפאַנגענע אינדיווידוען, וואָס וועלען איינזאַפּען אין זיך די אַטמאָספערע פון א מ ע נ ש ל י כ ע ן צווישען־פעלקערליכען לעבען און וועלען דעם גייסט פון אָט דער אַטמאָספערע פאַנאַנדערטראָגען און פערשלעפּען אין די פערוואָרפענסטע ווינקעלעך פון זייערע היימען. און עס זיינען אין די ציוויליזירטע לענדער אומעטום, — געלויבט איז גאָט! — דאָ מענשען, וואָס וועלען שפּעטער אַפּעלירען צו יענעם גייסט פון פעלקער־ברידערשאַפט, וואָס וועלען פערוואַנדלען די אונבעוואוסטע געפיהלען אין בעוואוסטזיניגע אידעאַלען און פערשטאַרקען יענע אַרמעע, וואָס וועט פיהרען א קריעג אַנטקעגען דעם קריעג.

---

אין די פריהערדיגע גאָר ווילדע דורות האָט ניט געקאָנט זיין קיין שום רייד וועגען דער הומאַניזירענדער ווירקונג פון דער געפענגשאַפט. דער געפאַנגענער איז געווען דער שקלאַוו פון דעם זיעגער און קיין מענשליכע רעכט האָט ער ניט געהאַט. ער איז געווען זיינער א ח פ ץ: א ניצליך געצייג, אויב ער האָט איהם בעשטימט צו אַרבייט; א שפּיעלכעל, אויב ער האָט איהם אָדער זי געהאַלטען צום צייט־פערטרייב. צוברעכען א שפּיעלכעל, אָדער צוקוקען מיט גרויזאַמער הנאה, וואָס פאַר א מינעם דאָס מאַכט, בעת מען שינדט פון דעם לעבעדיגערהייט די הויט, אָדער מען רייסט אַרויס די נעגעל פון די פינגער, איז ניט געווען קיין חטא, נאָר אדרבא, א כשר־פערדיענטעם רעכט.

איצטער לעבען מיר שוין ניט אין די גאָר ווילדע דורות. וויפיעל באַרבאַריי עס זאָל נאָך ניט שטעקען אין אונז, ווי גרויזאַם מיר זאָלען ניט זיין איינע צו די אַנדערע אין קריעג, — דאָס לעבען

אין געפאַנגשאַפט און די שטעלונג צו די געפאַנגענע איז הומאַני־זירט געוואָרען אין אַזאַ גראַד, אַז דורך דעם אַליין קענען מיר אָב־שאַצען דעם אונגעהויערן מהלך, וואָס די מענשהייט איז דורכגע־גאַנגען אין איהר מענשליכער ענטוויקלונג.

די קריגס־געפאַנגענע פון דער איצטיגער מלחמה עֶלען האָ־בען אַ גרויסע ווירקונג ניט נאָר אויף די פערברידערונג פון די פעל־קער אין געפיהל, נאָר אויך אויף די פערשפרייטונג פון פּראָגרעסי־ווערע געדאַנקען צווישען די מאַסען.

צו די קרעפטען, וואָס טרייבען אָן דעם מענשליכען פּראָגרעס, געהערט אויך דער איינפלוס, וואָס די פעלקער האָבען איינער אויף דעם אַנדערן. פערשליעסט זיך אַ פאָלק אין זיינע אייגענע ד' אמות, הערט ער אויף צו פּראָגרעסירען. ער ווערט געוועהנט צו זיין אָרט לעבען און דענקען און בעמערקט ניט מעהר די פעהלערן און די טונקעלע זייטען, ווי אַ מילנער הערט אויף צו שפּיהרען די קלאַפּעריי פון דער מיהל, ווען ער וואוינט אין איהר טאָג אויס, טאָג איין. ערשט, ווען ער פערלאָזט זי אויף אַ צייט און קעהרט זיך אום צוריק, בעמערקט ער ווידער דעם גערויש.

„אַ גאַסט, וואָס קומט אויף אַ ווייל, זעהט אויף אַ מייל“, זאָגט אַ אידיש ווערטעל. די ראיה פון דעם גאַסט איז דערפאַר שאַרפער און ווייטער, איידער די ראיה פון דעם היימישען, ווייל ביי דעם לעצטערען איז די געזיכטס־קראַפט טעמפּ געוואָרען דורך דער גע־וועהנונג, דורך דעם טאָג־טעגליכען אָנבליק פון איין־און־דיזעלבינע ערשיינונגען, בעת דער בליק פון דעם פרעמדען איז נאָך פריש. דעם פרעמדען וואַרפען זיך דעריבער אין די אויגען זאַכען, וועלכע דער היימישער פערזעהט. „סאַ־סטאַראָני ווידניעיע“, — פון דער זייט זעהט מען בעסער, — זאָגט מחמת דעמזעלביגען טעם אויך אַ רו־סיש ווערטעל.

ווען „יאָהאַן“ איז געצוואונגען צו לעבען ביי „איוואַנען“ און „איוואַן“ איז געצוואונגען צו לעבען ביי „יאָהאַנען“, מוז זיי ביידען קלאָרער ווערען דער קאָנטראַסט, וואָס עקזיסטירט צווישען זייערע אָרטען לעבען. „יאָהאַן“ וועט קאָנען בעסער אָבשעצען די יסודות פון קולטור און פרייהייט, — ווי שוואַך עס זאָל ניט זיין זייער גראַד, — וועלכע ער האָט געהאַט אין דערהיים, און וועט זיך אומ־

קעהרען מיט אַ נאָך גרעסערען האַס צו דעם רוסישען דעספּאָטיזם און צו דעספּאָטיזם בכלל, איידער ער האָט דאָס געהאַט פריהער. „איוואַן", — אפילו ווען ער זאָל זיין פון די גאַר רויהע פויערים פון דער רוסישער דאָרף, וועט מוזען ציהען אַ פערגלייך צווישען דעם דייטשען פּאָליטישען און קולטורעלען לעבען און דעם רוסישען. ער וועט זיך מוזען אינטערעסירען מיט דעם, ווייל די גרויסע מאַסען פון רוסלאַנד האָבען איצטער אויך גענומען טראַכטען וועגען די פראַגען פון פּאָליטיק און קולטור, אַ דאַנק דער גרויסער רעוואָלוציע.

די רוסישע קריעגס-געפאַנגענע וועלען ברענגען אַ היים די בעקאַנטשאַפט מיט דער פּ אָ ל י ט י ש ע ר פ ר י י ה י י ט, יענער פרייהייט, פון וועלכער זיי האָבען אַזוי פיעל געהערט רעדען, וועלכע זיי האָבען אָבער נאָך קיין מאָל ניט געהאַט די געלעגענהייט צו פערזוכען אין דערהיים. זיי וועט מען שוין געווים ניט קאָנען איינשמועסען, אַז „טשטאָ ניעמצו זדאָראָוואָ, טאָ רוסקאָמו סמערט", אַז וואָס דעם דייטשען איז אַ געזונד, איז דעם רוסען אַ טויט. זיי וועלען שוין פערשטעהן, אַז וואָס פאַר איין פאָלק איז אַ סם החיים, איז אַ לעבענס-קוואַל אויך פאַר אַלע אַנדערע פעלקער, ווייל מיר אַלע זיינען געקנאָטען פון איין און דעמזעלבען טייג: ערדען-קינדער זיינען מיר אַלע, פון מענשליכען פלייש און בלוט.

און פאַרגעסט ניט: ה ו נ ד ע ר ט ע ר ט ו י ז ע נ ד ע ר רוסען וועלען זיך אומקעהרען מיט נייע נשמות אהיים. אין אַלע ווינקעלעך פון דעם צאַר'ס מדינה וועלען זיי פאַנאַנדערטראָגען די בשורה פון דער פּאָליטישער פרייהייט און דורכדעם העלפען אָנזאַמלען דעם ברען-מאַטעריאַל פאַר דער קומענדער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס מוז זיך אַרויס רייסען נאָך דעם קריעג, אויב זי וועט זיך ניט אַרויס רייסען נאָך פריהער.

---

איך וויים, ס'איז נאָר אַ קנאַפּע נחמה, וואָס איך דערצעהל דאָ, לגבי דעם חושך, וואָס הערשט אַרום. אָבער עס האָט זיך מיר גראָד פערוואָלט אָבשטעלען מיין געדאַנק אויף די שאַנסען פון פעלקער-פריעדען און פעלקער-ברידערשאַפט, וואָס ווערען בעשאַפען אין דעם קריעג גופא.

עס ווילט זיך אַברוהען אויף דעם געדאַנק פון דעם ברידערליכען פעלקער־בונד אין דער צוקונפט, ווייל מען קאָן באַלד דערשטיקט ווערען אין דער שאַוועניסטישער אַטמאָספערע, וואָס רינגעלט אונז אַרום. עס ווילט זיך דערמאָנען, דערהויפּט אונז אידען גופא, אַז דער פעלקער־האַס און די „שפוך המתך"־שטימונג, אין וועלכער מיר לעבען, איז אַ חוצפּה'דיגער פּאַטש אין פּנים צו די לעהרען פון יענע ישעיהו'ס און מיכה'ס, מיט וועלכע מיר שטאָלצירען אַזוי גערן.

עס ווילט זיך אַ מאָל אַ פּאָר שויבען צוברעכען, עס זאָל נאָר האָבען אַריין אַ ביסעל פרישע לופט.

10טער יון, 1915.

---

## ווי לאַנג וועט געוועהרען דער קריעג?

(אויס די נאָטיצען פון אַ נייטראַלען)

פאַר אַ יאָהרען סוף אויגוסט האָב איך געהאַט אַן אונטער־רעדונג מיט אַ שווייצאַרישען שטאַאַטסמאַן. גערעדט האָבען מיר, ווי עס פערשטעהט זיך, פונ'ם נאָר וואָס אויסגעבראָכענעם וועלט־קריעג.

— ווי לאַנג, רעכענט איהר, וועט די מלחמה אָנהאַלטען? — פרעג איך.

דער שטאַאַטסמאַן פערטראַכט זיך; זיין געזיכט ווערט טרויעריג, און מיט אַ שטילער געדריקטער שטים ענטפערט ער:

— איך האָב מורא צו זאָגען, אַ חדשים זעקס. אויב ניט די גאַנצע אַכט.

— אַזוי לאַנג? — ווער איך נשתומם.

— יע! — ענטפערט ער מיט אַ זיפץ. — מיר רעכענען זיך מיט אַזאַ שוידערליכער מעגליכקייט...

די „שוידערליכע מעגליכקייט" פון „אַ חדשים זעקס, אויב ניט די גאַנצע אַכט" איז שוין לאַנג געוואָרען אַ פערגאַנגענע ווירקליכקייט. באַלד וועט ווערען אַ יאָהר, אַ קיילעכיג יאָהר, און צו דער מלחמה זעהט זיך נאָך אַלץ ניט קיין סוף.

אין יענער צייט האָט אין אייראָפּאַ קיינער ניט גערעכענט. — איך מיין קיינער ניט פון די, וואָס האָבען גערעדט וועגען דעם

מיט א שטיקעל רעכט אויף אויטאָריטעט, — אַז דער קריעג זאָל קאָנען נעדויערען אַזוי לאַנג. דאָס רוב האָט געקוקט אויף איהם, ווי אויף א מאוים'דיגען זומער־שטורעם, ווי אויף אַן אוראַגאַן, וואָס וועט אפשר אַלץ חרוב מאַכען, אָבער וואָס וועט זיך אַריבערטראָגען שנעל.

און אפילו די פעסימיסטען האָבען געגלויבט, אַז דער „פריהלינג מוז ברייננען די ענטשיידונגס־שלאַכט“.

דערנאָך איז געקומען דער פריהלינג און תיכף האָט מען אָבגעלעגט דעם ענטשיידונגס־מאָמענט אויף דעם איצטיגען זומער. „ערשט אין יולי האָבען מיר צו ערוואַרטען דעם ענטשיידענדען אַנפאַל פון די אַליאירטע“, — האָט די פרעסע ארויסגעזאָגט די וואַהרשיינליכסטע סברה.

„דער זומער איז געקומען“, ווי עס זינגט זיך אין דעם טרויעריגען „טראַ־לאַ־לאַ“־ליעדעל. עס איז שוין, ברוך השם, יולי אויף דער וועלט, און די צייטונגען זיינען אונז מכבד מיט א נייער ידיעה פון פראַנקרייך, אַז מען גרייט זיך דאָרטען צו א ו ו י נ ט ע ר־קאַמפּאַניע. און פון ענגלאַנד שרייבט מען, אַז די שטאַאַטס־לייט זיינען געקומען צו דעם בעשלוס, אַז... די לאַגע איז אַן ערנסטע, אָבער גאָר זעהר אַן ערנסטע...

אויף ווי לאַנג, אייגענטליך, קלייבט זיך דער חשוב'ער הערר קריעגס־נאָט אויסצוציהען זיין איצטיגען וויזיט אין אייראָפּא? וועט די קליינע פריעדענס־דעמאָנסטראַציע פון די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטען, וועט די פריעדענס־שליחות פון די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען זיין בכח ארויס צו משלח זיין דעם בכבוד'ען העררן?

איך שטעל מיך פאָר דעם קריעגס־נאָט אין דער פאָרם פון אַן אומגעלומפּערטער בריאה, פון קאָלאָסאַלע מאָסען, ווי א באַרג די גרויס, און פון פערראָסטעטען אייזען געבויט. דער ווילד־בעוואַקסענער פּנים דריקט גאָר נישט אויס, אפילו ניט קיין צאָרן, אפילו ניט קיין מעפיסטאָפאָלישען געלעכטער: רייגע פערגליווערטע משוגעת, און אין די אויגען, — רויטע אַלבינאָס־אויגען, — איז אויך דערזעלביגער בליק, פון וועלכען עס פאַנגען אָן פרירען אייערע בלוטען אין די אַדערען.

דאָס רוב צייט ליעגט די דאָזיגע וואַהנזיניגע בריאה אין איהר פערגליווערטקייט. אָבער פּלוצלונג טהוט זי זיך אַ הויב, עפענט אויף איהרע אויגען, ווי פון רויטען טינט, קראַקעט הייזעריג אַרויס דאָס וואָרט: „טרינקען!" — און תיכף גיבען זיך אַ לאָז מחנות מחבלים, ברענגען צושלעפּען אַ פאָס, די גרויס ווי אַ טהורעם, דריקען אויס אַהין זשמעניעס־ווייז מענשען, ווי מען דריקט אויס דעם זאַפט פון די ווייַנטרויבען, און אַז די טהורעם־פאָס איז שוין פול מיט שוימענדען מענשען־בלוט, ברענגען זיי דאָס זייער קעניג און האַרר.

און ער הויבט אויף דאָס טהורעם־פאָס צו זיינע ליפּען, ווי קלעצער, בלאָזט אָב דעם רויטען שוים פון ברעג און פאַלט צו צו דעם בלוט מיט די דאָרשטיגע ליפּען. און בעת ער טרינקט און טרינקט מיט התמדה, ווערען געבראַכט נייע פעסער און עס ווערט געקעלטערט אין זיי נייער מענשליכער בלוט־וויין.

וויפיעל פעסער דאַרף ער נאָך, דער אשמדאי פון קריעג, אויס־טרינקען, כדי צו שטילען זיין דאָרשט? קאָן מען אפשר אַריינ־גיסען אין זיי אַ סם אַזאַ, אַז דאָס זאָל זיין לעצטער טרונק?

---

פאַראַן אַ פּאָר ערשיינונגען אין דעם איצטיגען קריעג, וואָס זיינען פאַר מיר אַ רעטעניש.

וואונדערבאַר און אונדערקלערליך זיינען קודם־כל די אומ־בעשרייבליכע נצחונות פון דעם דייטשען חיל. וואָס דייטשלאַנד האָט אין דעם יאָהר בעוויזען, האָט צו זיך קיין פּאַראַלעל ניט אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענשליכער קריעג־פיהרונג. איהר קאָנט דאָס ניט פערגלייכען מיט די נצחונות פון אַן אַלכסנדר מוקדון, אַ יוליוס צעזאַר, אַ נאַפּאָלעאָן.

אַן אַלכסנדר, אַ צעזאַר זיינען געווען די פערטרעטער פון דער ציוויליזאַציע אין יענער צייט, און זייערע מלחמות האָבען זיי געפיהרט אַנטקעגען באַרבאַרען און האַלב־באַרבאַרען. די ציווי־ליזאַציע, די יעמאָלט'דיגע וויסענשאַפט און טעכניק האָט אַריינ־געלעגט אין די הענד פון די גריכען און רוימער אַזאַ איבערוואָג פון קריעגס־מיטלען, פון וועלכע די באַרבאַרען האָבען גאָר קיין השגה ניט געקאָנט האָבען. אין הלכות „טכסיסי מלחמה" האָבען

די נים געבילדעטע פעלקער נים געקאָנט כאָפען אפילו די שיחות חולין פון א גריכישען אָדער רוימישען גענעראל.

דייטשלאַנד האָט געוויס אויך בעוויזען וואונדער אין וויסענ־שאַפטליכער קריעגס־טעכניק. אָבער די דייטשען האָבען דאָך נים צו טהאָן מיט בארבארען, נאָר, — אויב מען זאָל אפשר אראָב־ווארפען רוסלאַנד פון חשבון, — אויך מיט אזעלכע געבילדעטע פעלקער, ווי זיי גופא. די זעלביגע שכל'דיגע המצאות, וואָס דייטשלאַנד קאָן, קאָנען אויך די אַנדערע, און אין דעם פונקט פון וויסענשאַפטליכער טעכניק האָבען די פראנצויזען און די ענגלענ־דער שוין אָנגעיאָגט דעם דייטש. די דייטשע „הויביטצער" האָ־בען געפונען זייער קאָנקורענט אין די נייע פראנצויזישע הארמא־טען; די עראָפּליינס פון די אַליאירטע זיינען נים ערגער פאר די דייטשע; די „צעפּעלינס" שפּיעלען דערווייליג נים קיין גרויסע ראָליע אין דעם קריעג, און די אַליאירטע זיינען, ווייזט אויס, נאָר נים אזוי אינטערעסירט אין דעם נייעם כלי־משחית; דערפאר ארבייטען זיי האסטיג אויף דער פערבעסערונג פון די אזוי וויכ־טיגע סובמארינס און זיי וועלען אין דעם פרט גאנץ בעשטימט אָניאָגען דייטשלאַנד.

על־כל־פנים, קאָן מען די אַליאירטע בשום אופן נים פערגלייכען מיט „בארבארען" לגבי די „ציוויליזירטע" דייטשען, און דייטשלאַנד'ס זיעג איז נים דער זיעג פון וויסענשאַפט איבער עם־הארצות.

עס וואָלט געווען אויך פאלש צו ציהען א פאראלעל צווישען דייטשלאַנד'ס נצחונות און די נאפּאָלעאָנישע. נאפּאָלעאָן האָט געפיהרט אן ארמעע פון בעגייסטערטע פראנצויזען, וואָס זיינען נאָר וואָס געקומען צו זיך נאָך דער פראנצויזישער רעוואָלוציע. דאָס איז געווען דער קאמף פון דער ניי־געבוירענער פרייהייט אַנטקעגען די פעלקער, וואָס האָבען נאָך געלעבט אונטער אן אב־סאָלוטיסטישען רעזשים.

אויף דער זייט פון דעם פראנצויזישען חיל איז געווען דער רעוואָלוציאָנערער ענטהוזיאזם פון א בעפרייטען פאָלק צו דיזם מאן, וואָס איז אויסגעוואקסען פון דעם רעוואָלוציאָנערען פראנק־רייך, צו דעם מאן, וואָס האָט גערעטעט דאָס רעוואָל. אָנערע

פראנקרייך פון אלע זיינע אויסלענדישע פיינד און האט גרויס געמאכט דעם נאמען פון דעם רעוואלוציאנערען פראנקרייך איבער דער גאנצער וועלט. אזא ענטהוזיאזם האבען ניט געקאנט האבען די סאלדאטען, וועלכע מען האט געפיהרט אין פעלד אנטקעגען נאפאלעאנ׳ס ארמעע, און זי איז אומעטום געוועזען זיעגרייך, ביז דער רוסישער פראסט האט זי ניט צוברעקעלט.

אין דעם פרט פון ענטהוזיאזם שטעהען אבער דייטשלאנד׳ס געגנער געוויס ניט ניעדריגער פאר דער דייטשער ארמעע; אפשר א סך העכער. זיי, די געגנער, פיהלען אונמיטעלבאר, אז דער יושר איז אויף זייער זייט, ווייל מען איז אויף זיי אנגעפאלען, בעת דייטשלאנד דארף ערשט בעווייזען על פי שכל, פאר וואס זי איז גערעכט, פאר וואס זי איז געצוואונגען געוועזען אנצופאלען.

און דערצו: ווי גרויס עס זאל ניט זיין די ראליע פון דער מאראלישער שטימונג אין דער ארמעע, — די „מאראל" איז נאר איינער, ווען אפילו זעהר א וויכטיגער פאקטאר אין א מאדערנעם קריעג. אין דער איצטיגער „וויסענשאפטליכער" צייט, ווען דעם מענשענ׳ס ארבייט ווערט אלץ מעהר און מעהר אבגעשטופט אן א זייט דורך דער „מאשין", ווערט אויך די ראליע פון דעם קריעגפיהרענדען מענשען שטארק בעשניטען דורך דער מאכט פון דער „מאשין", פון דער מעכאנישער טעכניק, וואס ווערט אנגעווענדעט אין דער מלחמה. ביי א גלייכער קריעגס־טעכניק מוז סוף־כל־סוף גובר זיין די צאהל. די מאיאריטעט מוז נעהמען די אויבערהאנד איבער די מינאריטעט.

נעהמט מען אין בעטראכט אט די אלע מאמענטען, מוז מען קומען צו דעם בעשלוס, אז על פי לאגישען חשבון האט דייטשלאנד, וואס איז א מינאריטעט לגבי די פעלקער, מיט וועלכע זי פיהרט קריעג, שוין לאנג געדארפט ברעכען האלז־און־נאקען. ארויסגעשטעלט האט זיך, אז דייטשלאנד האלט אין איין זיעגען און זיעגען כמעט א גאנצען קיילעכיגען יאהר, און די ציוויליזירטע געגנער איהרע ליעגען ווי פאראליזירטע און קאנען זיך ניט ארויסבעפרייען פון דעם שטיוועל, וועלכען דייטשלאנד האט ארויפגעשטעלט אויף זייער רוקען.

אן אנדער חדוש נפלא פאר מיר איז די פאליטיק פון איטא־

ליען. פאַר דער איין טובה, וואָס דייטשלאַנד האָט פערלאַנגט פון איהר : בלייבען נייטראַל — האָט מען איטאַליען אָנגעבאָטען אַזוי פיעל, וויפיעל זי האָט כמעט אליין פערלאַנגט. די נפקא מינה צווישען דעם, וואָס זי האָט געפאָדערט, און דעם, וואָס מען האָט איהר פאָרגעשלאָגען, איז אַזוי קליין, אַז אויב איטאַליען וואָלט זיך ניט געריסען אין קריעג אריין, וואָלט זי געמאַכט דעם גלענצענדסטען פאָליטישען געשעפט אין דער וועלט. און געמאַכט וואָלט זי דאָס פאַר גאָר נישט, פאַר דעם גליק ניט צו דאַרפען פיהרען איהרע קינדער אין דעם בלוט-קעלער פון דעם קריעגס-גאָט.

ווי אַזוי נעהמט דאָס איטאַליען און שטויסט צוריק די זיעג-רייכע האַנד פון דייטשלאַנד און שטעהט צו צו די, וועלכע ליגען פּאַראַליזירט אונטער דעם שטיוועל פון דעם אונבעזיעגבאַרען ני-גאַנט ? האָט איטאַליען קיין עקספּערטען ניט, וואָס זאָלען אָב-שעצען די אונגעהויערע מיליטערישע פעהיגקייטען פון דעם טעור-טאָן ? האָט דער פערלויף פון דעם קריעג ניט בעוויזען פאַר זיי, אַזוי קלאָר ווי דער טאָג, אַז דייטשלאַנד „יכול'ט" און די אַליאיר-טע, רחמנא לצלן, ניט ? ווי אַזוי וואַרפט זיך דאָס אַ ציוויליזיר-טע מדינה בלינד אין דעם קריעג, ווען אַלע צייכענס רעדען אַזוי דייטליך, אַז זי מוז קריגען די זעלביגע קלעפּ, וואָס איהרע נייע פערבינדעטע ?

און אויך די מעשה מיט די „דאַרדאַנעלען" איז ניט גאָר אַזוי גלאַט. אין אַזאַ צייט, ווען די אַליאירטע נויטיגען זיך אַזוי שטאַרק אין יעדען מענשען און אין יעדען קויל, וואָס קאָנען אויסגענוצט ווערען אויף דעם וועסטליכען פראָנט, נעהמט מען און מען פער-שווענדעט אַזוי פיעל מענשען און אַזוי פיעל מוניציע אויף אַ יוצא-דופן'דיגען אָנפאַל אויף טערקיי.

איך וואָלט נאָך פערשטאַנען, ווען די אַליאירטע וואָלטען געקאָנט האָבען די קלענסטע האָפענונג דורכצורייסען זיך דורך די דאַרדאַנעלען אין אַ משך פון אַ קורצער צייט. אַזאַ האָפענונג האָבען זיי אָבער ניט געקאָנט האָבען. און בעסער פאַר אַלע האָט דאָס געמוזט וויסען ענגלאַנד. ענגלאַנד האָט דאָך אַליין יענע בעפעסטונגען אין די דאַרדאַנעלען געבויט. פאַר די אַליאירטע האָט

דעריבער ניט געקאַנט זיין קיין סוד, אז די עקספעריציע אין דעם מערסטעל־ים וועט זיי קאָסטען ניט נאָר מענשען און געלד, נאָר אויך, — וואס איז דער עיקר, — א ס ך צ י י ט. איידער זיי וועלען זיך דאָרטען דערשלאָגען צו אזא זיעג, וואָס זאָל האָבען א ממשות'דיגע וואָג אויף די שאָלען פון די פריעדענס־פערהאנדלונ־גען.

**האָבען זיך די אליאירטע לכתחילה געריכט אויף א לאנגען, יאָהרען־לאנ־גען קריעג?**

איך וויל אין דעם נעקסטען ארטיקעל פרואווען געבען א דער־קלערונג צו די דריי איבענדערמאָהנטע וואונדער: דעם וואונדער פון דייטשלאַנד'ס נצחונות; דעם וואונדער, וואָס איטאליען איז, אין איהרע אייגענע נאציאָנאַלע אינטערעסען, נאָר צוגעשטאנען צו די דערשלאָגענע און פאראליזירטע און האָט ארויסגעלאָזען פון די הענד אזעלכע גלענצענדע שאנסען, וועלכע א זיעגרייכע לאנד האָט איהר אָנגעבאָטען פאר אומזיסט און אומנישט; און דעם וואונדער, וואָס די אליאירטע האָבען זיך פערנומען מיט א זיי־מיגען קריעג אין די דארדאנעלען, וועלכער דארף אין משך פון חדשים און חדשים האלטען אין איין צאפען ענערגיע פון זיי.

די דערקלערונג פון די וואונדער איז פערבונדען מיט דעם ענטפער אויף דער שאלה, ווי לאנג עס דארף „על פי שכל" גע־דויערען דער קריעג.

7טען יולי, 1915.

---

## די אורזאַך און דער געדויער פונ'ם קריעג.

איך בין ניט קיין מומחה אין מיליטערישע וויסענשאַפטען און, באמת געזאָגט, פערדריסט דאָס מיך. ווי נעגנעריש מיר זאָ־לען ניט זיין אנטקעגען יעדען קריעג בכלל, מוזען מיר דאָך צו־געבען, אז ער איז נאָך עד היום א וויכטיגער פאקטאָר אין דעם פאָליטישען לעבען פון די פעלקער, און ממילא אויך א ברענענדיגע פראגע אין דער אינוועניגסטער פאָליטיק. מיר האָבען זיך געלאָזט אינטערעסירען מיט אלץ, וואָס האָט א שייכות צום קריעג און ניט

אַ קלענערער מאָס, איידער מיט דעם, וואָס האָט אַ שייכות צו דעם קלאַסענקאַמף.

די סאָציאַליסטען פון די עלטערע דורות זיינען אין מיליטע־רישע ענינים ניט געווען אַזעלכע עם־הארצים, ווי מיר. ווען איהר לייענט די בריעף פון אַ מארקס, אַן ענגעלס, אַ לאַסאַל, וואָס זיי־נען אָבגעדרוקט נאָך זייער טויט, בעמערקט איהר, אַז זיי האָבען זיך שטאַרק אינטערעסירט אויך מיט יענער וויסענשאַפט פון סיסטעמאַטישען מענשען־מאָרד, וואָס וועט, צו דער שאַנד פון דער מענשהייט, אפשר נאָך ניט אַזוי שנעל פערשווינדען פון איהר גייסטיגען האָריזאָנט.

די סאָציאַליסטען האָבען געהאַט זייערע עקספּערטען אין דער מלחמה־קונסט, מיט רעוואָלוציאָנערע אַנשויאונגען, ווי אַזוי צו דע־מאָקראַטיזירען דעם מיליטער־דיענסט, און אַוועקשטעלען איהם אין דעם דיענסט פון די פאָלקס־אינטערעסען. ענגעלס איז געווען פערררעכענט פאַר אַ בר־סמכה אין מיליטאַריסטיק, און אין די שפּע־טערע דורות האָבען בעבעל אין דייטשלאַנד און זשאָרעס אין פראַנקרייך אַוועקגעגעבען געגוג פון זייער צייט אויף אויסצושטו־דירען, — און גרינדליך אויסצושטודירען, — די פּראָבלע־מען פון דער מאָדערנער קריעגס־פיהרונג. ווי פּאַרלאַמענטאַרישע פיהרער פון זייערע פּאַרטייען האָבען זיי דאָס גענומען טהאָן, כדי צו קאָנען קאָנטראָלירען אַלע שריטען אויף דעם פעלד, וואָס ווערען געמאַכט פון די רעגיערונגען און די הערשענדע קלאַ־סען.

מחמת דעמזעלבינגען טעם האָבען די עלטערע סאָציאַליסטען זיך שטאַרק אינטערעסירט אויך מיט דער אויסלענדישער פּאָלי־טיק און האָבען שטענדיג געהאַלטען שאַרף אין אויג אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט פון דער דיפּלאָמאַטיע.

די אינגערע סאָציאַליסטישע דורות זיינען געוואָרען צופיעל אָבגעלאָזט אין דעם פּרט. מיר האָבען צופיעל געגלויבט אין דעם באַלדיגען אויסברוך פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס האָט געדאַרפט מיט איין קלאַפּ אָבשאַפען די אַלטע וועלט, מיט איהרע קלאַסען־קעמפען און מיט איהרע פעלקער־קריעגען. מיר זאָלען אויף איין רגע האָבען געקאָנט צולאָזען דעם געדאַנק, אַז אויך מיר

פּאַציפֿיסטען, פֿאַר וועמען דער וועלט־פֿריעדען איז די נשמה פֿון אונזער גלויבען, וועלען נאָך אַ לאַנגער צייט זיין געצוואונגען צו טראַכטען, אין איינעם מיט דער אַלטער וועלט, וועגען די בעסטע מעטהאָדען, ווי אַזוי מאַסענווייז צו פֿאַרטיליגען מענשליכע לע־בענס.

עס איז טראַגיש פֿאַר דעם יאַציאַליזם, וואָס ער מוז דאָס טהאָן. אָבער — די רעוואָלוציע איז קיין מאָל ניט געווען קיין הימעל־בלאָהע אידיליע. זי איז אַלע מאָל געווען אַ בלוט־שפּריצענדע טראַגעדיע, פֿול פֿון אינערליכסטע ווידערשפּרוכען און קאָנ־פֿליקטען.

יע, עס איז אַ שאָד, וואָס אין דער צייט פֿון דעם איצטיגען וועלט־קריעג האָבען מיר ניט די ריסקאָוו'ס און די ענגעלס'עס. זיי וואָלטען אונז דערקלעהרט די מיליטערישע זייט פֿון דער גראַנדיעזער טראַגעדיע, וואָס שפּיעלט זיך איצטער אָב פֿאַר אונזערע אויגען און וואָס פֿאַרקלעמט אונזער האַרץ. אין זייערע עהרליכע, בעהאוונטע רייד וואָלטען מיר געגלויבט. מיר וואָלטען זיך ניט בעדאַרפֿט בלינד פֿערלאָזען, — ווי מיר מוזען דאָס טהאָן איצטער, — אויף די איינזייטיגע עקספּערטען פֿון די קריעג־פֿיהרענדע צדדים, וועלכע דערצעהלען דעם עולם נאָר דאָס, וואָס עס לוינט זיי צו דערצעהלען, לויט די אינטערעסען פֿון דעם אָדער יענעם צד.

איך גלויב אָבער, אַז עס זיינען דאָ איניגע פֿראַגען אין דעם איצטיגען קריעג, צו וועלכע מען דאַרף ניט זיין קיין איבעריגנס גרויסער מומחה, כדי צו קאָנען פֿאַנאַנדערקלייבען זיך אין זיי. איך האָב אין מיין פֿריהערדיגען אַרטיקעל אָנגעמערקט אַ פּאָר פֿון אַזעלכע פֿראַגען, וואָס דאַהפֿען, נאָך מיין מיינונג נאָך, שטעהן אין דעם פֿאָרדערגרונד פֿון דעם אינטערעס.

די פֿראַגען זיינען: ווי אַזוי קאָנען מיר דערקלעהרען די כסדר'דיגע גלענצענדע נצחונות פֿון דער דייטשער אַרמעע? וואָס איז דער „שכל", וואָס די אַליאירטע, וועלכע זיינען, דורכט זיך, בענוג פֿערענגט אין אייראָפּאַ, שטופּען זיך מיט אַזא געוואַלד אין די ענגעניסען פֿון די דאַרדאַנעלען? מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט איטאַליען זיך אָבגעזאָגט פֿון די גלענצענדע טעוטאָנישע אָננעבאָ־

טען, פון איהרע פריהערדיגע פערבינדעטע, און איז צוגעשטאנען
צו די פריהערדיגע פאליטישע געגנער, וואס האבען אזוי ווענינ
שאנסען צו געווינען די אויבערהאנד איבער דעם דייטשען עוג
מלך הבשן ?

ווי דער לעזער שטויסט זיך אן, זיינען די אלע דריי פראגען
פערבונדען אין איינעם, און זייער צענטראל־פונקט איז — דער
אומבעשרייבליכער, וואונדערבארער ערפאלג פון די דייטשע כלי־
זיין. אויב די נצחונות פון דער דייטשער ארמעע זיינען א פועל־
יוצא פון דעם פאקט, וואס די דייטשע ראסע, איהר מיליטערישע
אויסבילדונג, איהר וואונדערבארע וויסענשאפטליכע טעכניק שטע־
הען מיליטעריש אזוי הויך איבער די ראסען, מיליטערישע פעהיג־
קייטען און וויסענשאפטליכע געניטקייט פון איהרע געגנער, אז
זיי קאנען זי אין דעם איצטיגען קריעג בשום אופן ניט אריבער־
יאגען, וואלט אט דער פאקט געמוזט לאנג קלאר ווערען פאר די
מיליטערישע עקספערטען פון די אליאירטע, און זיי וואלטען איינ־
געזעהן, אז עס ליעגט אין זייערע אינטערעסען, וואס גיכער צו
פערענדיגען דעם קריעג.

ווייל אויב דייטשלאנד'ס איבערוואג קאן ניט אויסגעגליכען
ווערען אין דער צייט פון דער מלחמה, יעמאלט מוז יעדער טאג,
אין וועלכע די שטארקערע מאכט שטויסט זיך צונויף מיט דער
שוואכערער, מאכען שווערער דעם איבערוואג פון די דייטשען אי־
בער די אליאירטע, מאכען אלץ גרעסער דעם מהלך צווישען ביי־
דענס שאנסען אויף געווין און אלץ טיעפער מאכען דעם קבר.

עס וואלט יעמאלט געוועזען א פערברעכען פאר די אליאירטע
צו פערציהען דעם קריעג אין די לענג דורך דער אוואנטיורע אין
די דארדאנעלען, וואס מוז אבצאפען כחות פון דעם וועסט־פראנט.
עס וואלט יעמאלט געוועזען א משוגעת, אן איינפאכער אידיאטיזם
פון איטאליען צו פערבינדען איהר גורל מיט א פערלארענער זאך.

אויב די אליאירטע זעהען וואס מעהר צו פערלענגערן דעם
קריעג, אויב איטאליען ווערט ניט נתפעל פון די דייטשע נצחונות,
לאזט ארויס פון די הענד אוצרות, וואס מען באט איהר אן, אויב
זי שטעקט אריין אויך איהר לייב אין די פאנגס־ארעמס פון דעם
מאוים'דיגען ספרוט, איז דאס א קלארער סימן, אז זייערע מילי־

טערישע עקספערטען האבען די אבסאלוטע זיכערקייט, אז די דייי־טשע נצחונות זיינען נאר צייטווייליג, — זיי מעגען אנהאלטען נאך א היבשע ביסעל צייט, — אז אין דעם משך פון דעם קריעג מ ו ז דייטשלאנד'ס איבערוואג אבגעמעקט ווערען און אז וואס לענגער דער קריעג וועט געדויערען, אלץ ז י כ ע ר ע ה וועט ער פערטיליגט ווערען.

אויף וואס קאן אזא זיכערקייט געבויט זיין ?

זי איז געבויט אויף א ניכטערער אבשעצונג פון דער לאגע און פון יענע רעאלע פאקטען, וואס האבען געצוואונגען דייטש־לאנד ארויסצורופען דעם קריעג.

דייטשלאנד'ס גבורה איז ניט א פראדוקט פון איהר גאונ'יד־שער ראסע, — ווי געניאל זי זאל אין דער אמת'ן ניט זיין. די מיליטערישע קראפט פון א פאלק איז אלע מאל א פראדוקט, דער עיקר, פון ט ע כ נ י ק — און אונטער דעם ווארט „טעכניק" פערשטעהע איך אלץ, וואס עס איז נויטיג, כדי די ארמעען זאלען אם בעסטען אויסנוצען זייער קריעגערישע ענערגיע, — און פון צ א ה ל. אין קריעג מוז סוף כל סוף גובר זיין די העכערע טעכ־ניק. אבער ביי א גלייכער טעכניק מוז סוף כל סוף גובר זיין די גרעסערע צאהל.

אט דער געזעץ איז געווען די אורזאך, וואס האט ארויסגע־רופען דעם קריעג ; אויף דעם געזעץ בויען די אליאירטע, ווען זיי זוכען איהם צו פערלענגערען.

לאמיר זיך דערמאנען די אורזאך פון דעם קריעג.

אין דעם זומער פון 1913 איז שוין געווען ניכר, אז דער פער־ענדיגטער באלקאן־קריעג איז געווען ניט מעהר ווי דער ערשטער אקט פון א גרויסער טראגעדיע, וואס דארף זיך אבשפיעלען אין איירא פא. דער וועלט־קריעג איז נאך יעמאלט ניט אויסגעבראָ־כען דערפאר, ווייל ניט רוסלאנד, ניט פראנקרייך זיינען ניט גע־ווען פארטיג פאר איהם.

עס הויבט זיך אן א נערוועזע, האסטיגע מיליטערישע פאר־בערייטונג אין ביידע לענדער. זייערע פארלאמענטען בעווילינען אומגעהויערע סומען אויף צו פערשטארקען די מיליטערישע קראפט. עס ווערען אנגענומען פראגראמען אויף צו רעארגאני־

ווערען די מיליטערישע מאַכט אין אַזאַ מאָס, אַז דייטשלאַנד דערפיהלט זיך אין געפאַהר. איהרע מיליטערישע עקספּערטען הויבען אויף אַ שטורעם. זאָלען די פּראָגראַמען דורכגעפיהרט ווערען אומגעשטערטערהייד. אַזוי ווערט אין 1917 אַ שטריק אַרומגעוואָרפען אַרום דייטשלאַנד'ס האַלז און איין עק פון דעם שטריק וועט זיין אין די הענד פון רוסלאַנד, דער אַנדערער — אין די הענד פון פראַנקרייך. זיי וועלען נאָר דאַרפען שטאַרקער אַ ציה טהאָן און דייטשלאַנד'ס לעבענס־אָטהעם געהט אויס. אַזוי האָבען גע־טענה'ט די מיליטערישע עקספּערטען.

דייטשלאַנד האָט נעהאַט און האָט נאָך עד־היום אַ טעכנישען איבערוואָג איבער רוסלאַנד און פראַנקרייך און אויב אָט די בעזערע מיליטערישע פּאַרבערייטונג וואָלט געווען אַן אַבזאָלוטע, אַזאַ, וואָס קאָן אָנגעיאָגט ווערען נאָר אין דורות און דורות, — וואָלט יעמאָלט דייטשלאַנד געקאָנט רוהיג וואַרטען ביז 1917, אין דער זיכערקייט, אַז זי וועט אַלע מאָל און אַנטקעגען אַלעמען קאָנען בעווייזען, וואָס זי קאָן.

אָבער דייטשלאַנד האָט געוואוסט, אַז איהר טעכנישער איבערוואָג איז אַ רעלאַטיווער, אַ צייטווייליגער, אַז ער איז אַן איבער־יאָג אויף אַ פּאָר יאָהר און ניט מעהר; אַז אין 1917 יאָגט מען זי אָן, און אַז יעמאָלט ווערט זי דערוואָרגען פון דעם שטריק, וואָס ליעגט אויף איהר האַלז.

זי האָט דעריבער גענומען אַרויסרופען דעם וועלט־קריעג, וואָס פריהער, כדי אויסצונוצען איהר צייטווייליגען פאָרשפּרונג, כדי צו צווינגען די געגנער אָנצונעמען זי אין דער צייט פון קריעג, כדי דער אונפערמיידליכער קריעגס־שטורעם זאָל זיך אין דעם ערנסטען פאַל האָבען אויסגעבראָכען אין אַזאַ מאָמענט, ווען די געגנער וועלען זיי האָבען אָנגעיאָגט, אָבער נאָך ניט אַריבערגעיאָגט.

דאָס האָט געמוזט זיין דייטשלאַנד'ס חשבון אויף דעם ערנסטען פאַל. און דאָס איז אויך דער חשבון, וואָס שטעהט פאַר די אויגען פון די אַליאירטע. זיי שעהמען זיך ניט מיט זייערע טפלות, ווי דייטשלאַנד גרויסט זיך ניט איבריגענס מיט איהרע נצחונות. ביידע צדדים ווייסען און פערשטעהען, אַז אַנדערש האָט

דאָס ניט געקענט זיין ? דייטשלאַנד'ס ציוויליזער אריבער־יאָג האָט זיך אַנדערש ניט געקאָנט ארויסווייזען אינ'ם קריעג, ווי נאָר אין דער פאָרם פון וואונדערבארע נצחונות. און זיי וועלען מוזען אַנהאַלטען אַזוי לאַנג, ווי לאַנג דער טעכנישער איבערוואָג וועט ניט אויסגעגליכען ווערען דורך די האַסטיגע מיליטערישע בעוואַפענונג פון די אַליאירטע, און זיי וועלען קאָנען איבערגעבען דאָס וואָרט צו דעם פאַקטאָר פון דער גרעסערער צאָהל.

ווען זיך דייטשלאַנד'ס חשבון ארויסשטעלען ריכטיג ? וועלען די אַליאירטע זיך צופריעדענשטעלען מיט דעם, וואָס זיי האָבען אַנגעיאָגט דייטשלאַנד און וועלען זיך אַבזאָגען אויסצונוצען די גרעסערע צאָהל, כדי זיך אַבצורעכענען מיט איהר ? דאָס זיינען אַזעלכע פראַגען, וואָס מוזען ארומגערעדט ווערען באריכות. מיר מוזען דאָס לאָזען אויף אַן אַנדערם מאָל.

צייט דערצו וועלען מיר סאַי־ווי־סאַי האָבען גענוג, וויל אויב אונזער השערה איז ריכטיג, — און זי קאָן דערקלערען די דריי־רעטעניסען פון דעם איצטיגען קריעג, — דארף די מלחמה נעדויערען נאָך אַ גוטע פאָר יאָהר, וויל אַזוי ליעגט דאָס אייננענראָבען אין דער אינוועניגסטער לאָגיק פון דער לאַגע.

סיידען די פעלקער וועט נמאס ווערען, מיט זייערע לעבענס צו פערווירקליכען די אינוועניגסטע לאָגיק פון דער לאַגע : סיידען זיי וועלען קומען צום שכל און אראָבטרייסלען פון זיך דעם כשוף פון יענע קרעפטען, וואָס האָבען אַזאַ אינוועניגסטע לאָגיק בעשאַפען.

יולי 1915.

---

## דער סוף פון דעם טערק

וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם קריעג ?

עס איז אַלעמען בעקאַנט די וועטער־נביאות פון יענעם פויגל :

— עס וועט זיין אָדער אַ רעגען, אָדער אַ שנעע. אָבער אויב אַ רעגען, וועט דאָס זיין שוין איינמאָל אַ רעגען : אַ מבול ! און אפשר אַ קלייניגקער. און אפשר וועט גאָר נישט זיין.

— געווינען מוזען אָדער די דייטשען, אָדער די אַליאירטע. אָבער אויב די דייטשען וועלען געווינען, וועט דאָס זיין שוין איינמאָל

א זיען! נאָנץ בעלניע נעהמען זיי צו זיך, די באַלטישע פּראָווינצען רייסען זיי אָב, פּוילען געהט אוועק פון רוסלאַנד, פינלאַנד ווערט בעפרייט. און אפשר וועלען זיך די דייטשען מוזען בענוגענען מיט א סך וועניגער. און אפשר וועט זיך די גאַנצע מעשה אויסלאָזען מיט א רעמיז, (דראָה).

איך האָב אין א פּאָר פריהערדינע אַרטיקלען בעוויזען, ווי אזוי עס איז מעגליך, אז דער קריעג זאָל זיך ענדינען מיט א רעמיז.

איך בין ארויסגעגאַנגען פון דעם געדאַנק, אז דייטשלאַנד, וואָס האָט אזוי אומדערוואַרטעט אָנגעצונדען דעם גרויסען וועלט-בראַנד, האָט דאָס באמת געטהאָן ניט אוים א פּאָליטישען לייכטזין און ניט פון מוטהוויליגער גדלות, נאָר געטריבען פון דער נאַציאָנאַלער נויט.

דייטשלאַנד האָט ניט שטאַרק מגזם געווען, ווען זי האָט גע־טענה'ט, אז זי איז געצוואונגען צו טרעטען מיט די פיס אַלע אינ־טערנאַציאָנאַלע געזעצען און אָבמאַכונגען, ווייל זי קעמפט פאַר איהר נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ. „נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ" איז געווען אפשר א ביסעלע א גוזמא. אפילו ווען רוסלאַנד און פראַנקרייך וואָל־טען אין 1917 פאַרטיג געוואָרען מיט זייערע מיליטערישע פאָרבע־רייטונגען, אפילו ווען זיי וואָלטען זיך מיט התמדה א נעהם געטהאָן, צו ציהען די שטריק פון ביידע זייטען אויף דייטשלאַנדס האַלז, וואָלט זי אפשר אויך געקאָנט, אין א פערטיידיגונגס-קריעג, בע־שטעהן איהר שטעדטעל.

אָבער יעמאָלט וואָלט זי זיכער פערלוירען יענע ראָליע אין דער וועלט-פּאָליטיק, וועלכע זי האָט זיך עראָבערט אין דער לעצטער צייט.

דער ראַשער ענטשלום פאַנאַנדערצופלאַקערען דעם וועלט־קריעג אין אזא מאָמענט, ווען איהרע צוויי שונאים פון רעכטס און לינקס זיינען נאָך ניט פאַרטיג, לאָזען פאַרבייציעהען דעם שטורעם אונטער בעדינגונגען, ווען זי, דייטשלאַנד, האָט דעם פאָרשפּרונג פון א פּאָר יאָהר מיליטערישען אריבעריאָג, איז געווען א מייסטער־צוג פון דער דייטשער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

זי האָט געקאָנט זיכער זיין, אז זי וועט איהר אריבעריאָג גלייך אויסבייטען אויף וואונדערבאַרע נצחונות אין דער ערשטער צייט, און וואָלט ענגלאַנד אויך בעצייטענס ניט איינגעזעהן די לאַגע און

ניט גלייך זיך אריינגעוואָרפן אין קריג, — שפּעטער וואָלט זי כאָי ווי סאַי געמוזט צושטעהן צו איהם, — וואָלטען די דייטשע טריאומפען געווען נאָך קאָלאָסאַלער, און זי וואָלט ארויס פון דעם וועלט־קריעג נאָך אפשר מיט אַ שטאַרקען צוגאָב צו איהר פריהערדיגער פּאָליטישער וואָג.

איצטער אָבער וועט דייטשלאַנד, — ניט קוקענדיג, וואָס זי האָט ביי נעהמען וואַרשא, וואָס זי וועט אפשר איינגעהמען דעם באַלטישען ראַיאָן, וואָס זי וועט אפשר צוריקשטויסען די רוסישע אַרמעע ביז צו די אייגענטליכע גרעניצען פון „ראַסיי", ביז סמאָלענסק, — איצטער וועט דייטשלאַנד צופריעדען זיין, ווען זי וועט פון דעם וועלט־בראַנד ארויס אַ גאַנצע מיט די ביינער, און זי וועט גומל־בענשען, ווען איהר מאַכט אין דעם וועלט־קאָנצערט וועט פּראָפּאָרציאָנעל ניט פערמינערט ווערען.

אין דעם זין וועט דער קריעג זיך ענדיגען מיט אַ רעמיז, און דייטשלאַנד'ס ציעל וועט זיין דערגרייכט.

אָבער דאָס הייסט ניט, אַז אַלץ וועט בלייבען, ווי געווען. ווי זעהר עס וואָלט זיך מיר, דעם נייטראַלען, ניט געוואָלט, אַז צום סוף זאָלען די פעלקער זיך מוזען זאָגען: „מיר האָבען איינע די אַנדערע געמאָרדעט אומזיסט און אומנישט", אין אַ „סטאַטוס־קוואָאַנטע", אַ צוריק־קעהר צו דעם פריהערדיגען צושטאַנד, צו דער פריהערדיגער פּאָליטישער לאַנד־קאַרטע, אַ זאַך וואָס איז אונמעגליך אָנצונעהמען.

דער וועלט־קריעג האָט זיינע אינוועניגסטע, אימאַנענטע ציעלען. אַז ניט, וואָלט ער זיך גאָר ניט ארויסגעריסען. דייטשלאַנד האָט איהם ניט געקאָנט **בעשאַפען**. זי האָט איהם נאָר געקאָנט ארויספאָדערען, קינסטליך ארויפטרייבען אויף דער אויבערפלעך, כדי צו פּראָפיטירען פון זיין פריהצייטיגען אויסברוך.

דער ציעל פון דעם וועלט־קריעג איז אָבער די פערענטפערונג פון דער „אָריענט־פראַגע" — און דער איצטיגער ענטפער אויף דער פראַגע איז די **ליקווידירונג פון דער טערקישער אימפעריע**.

יע, פון דער טערקישער אימפעריע. מיט דעם טערק האָט זיך

דאָס אָנגעהויבען און צו איהם, צו דעם טערק וועט זיך דאָס מסתמא אויסלאָזען.

שוין פון לאַנג אָן, ווי אַרום דעם „טויטען־בעט" פון דעם „קראַנ־קען מאַן" זענען געשטאַנען די פיער גרויס־מעכטען, וואָס יעדע איינע פון זיי האָט זיך גערעכענט פאַר זיין לעגאַלען יורש: רוס־לאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך, עסטרייך. ווי הונגעריגע וועלף האָבען זיי געהיט איינער דעם אַנדערען, אָנגעגרייט אָנצופאַלען אויף יע־דען איינעם פון זיי, וואָס וועט האָבען די העזה אַרויפצולעגען די האַנד אויף דעם פעטען ביסען.

עס איז אָן אָנגענומענע זאַך אין דער פּאָליטיק, אַז טערקיי האָט זיך געהאַלטען נאָר דורכדעם, וואָס קיינער האָט קיינעם ניט געלאָזען זי איינשלינגען. איהר אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע האָט זיך אָבער פערבעסערט קורץ פאַר דער טערקישער רעוואָלוציע, ווען דייטשלאַנד איז אַריינגעטראָטען אין פריינדליכע בעציהונגען צו איהר. אין דער וואַקסענדער וועלט־ראָליע דייטשלאַנד'ס האָט די טערקיי געפונען אַ נייע מאַכט, וואָס איז פעראינטערעסירט, אַז קיינער זאָל זי ניט אָנריהרען.

אָנגעלעהנט אויף דייטשלאַנדס אַקסלען, פּרובט דער „קראַנ־קער מאַן" אַראָבקריעכען פון זיין קראַנקען־בעט. עס רייסט זיך אַרויס די יונג־טערקישע רעוואָלוציע. אָבער ווי נאָר דער „חולה" האָט זיך דערלאַנגט אַ ריהר, אַזוי האָט שוין דער פּאָליטישער גלייכ־געוויכט פון אייראָפּא גענומען וואַקלען.

בולגאַריען און עגיפּטען דערקלעהרען זיך פאַר אינגאַנצען אונ־אָבהענגיג פון דער טערקיי. אַ נייער וואָלף שטעהט צו צו די פּריי־הערדיגע. איטאַליע הויבט פּלוצלונג אָן אַ קריעג מיט טערקיי און רייסט פון איהר אָב איין גליעד נאָך דעם אַנדערען. דאָס גיעסט אַריין מוטה אין די באַלקאַנישע פעלקער: זיי פעראייניגען זיך, בדי אין גאַנצען אַרויס צו וואַרפען דעם טערק פון אייראָפּאַ. נאָר איין דייטשלאַנד בלייבט איהם טריי, און טערקיי האָט אויף קיינעם זוויטער ניט צו האָפען, ווי נאָר אויף די פּאָליטישע אינטערעסען און דער מיליטערישער מאַכט פון דעם דייטשען רייך. זאָל דייטש־לאַנד באמת אַרויס אַ זיעגערין פון דעם איצטיגען קריעג, אַזוי ווערט די פערענטפערונג פון דער אָריענט־פראַגע ווידער אָבגעשטופּט,

ווער ווייס אויף ווי לאנג, און דער היסטארישער גורל פון דער טערקיי דערוויילע ארויסגעריסען פון דער סכנה.

דייטשלאנד וועט ניט לוינען איינצושלינגען די טערקיי און צו בעשאפען דורך דעם א נייעם אינוועניגסטען פיינד. עס וועט זיך איהר א סך בעסער בעצאהלען, די טערקיי זאל פערבלייבען, כלומרשט, סואווערען אין אלע איהרע פראווינצען, זי זאל אויף זיך אויף ווייטער טראגען דעם יאך פון דער נאציאנאלער זעלבסט-דערהאלטונג און זעהן אין דייטשלאנד דעם איינציגען פריינד און בעשיצער אנט-קעגען אלע שונאים פון דרויסען. די אמת'ע באלאבאטישקייט אבער, סאי די פאליטישע, סאי די עקאנאמישע אין דער טערקיי וואלט יעמאלט אריבער אין דייטשע הענד.

אונטער דער מאסקע פון דער טערקישער סואווערעניטעט וואלט דייטשלאנד יעמאלט געווען דער פאקטישער יורש פון יענע לענ-דערייען, פאר וועלכע עס שלאגען זיך די איירָאפעאישע מעכטען. דייטשלאנד וואלט געווארען די וועלט-מאכט, מיט א געזיכער-טער אויבערהערשאפט איבער איירָאפא אויף דורות.

צום גליק פאר די איירָאפעאישע פעלקער און צום אומגליק פאר דעם טערק, קאן פון אזא זיעג דייטשלאנד'ס גאר קיין רעד ניט זיין. דייטשלאנד איז שטארקער פאר איהרע געגנער מיט א פאר יאהר מיליטערישע איבערוואג, און אויף דערויף אליין קאן ניט געגרינדעט ווערען א העגעמאניע איבער דער וועלט. דער מי-ליטערישער איבערוואג וועט אויסגעגליכען ווערען אין דעם משך פון דעם קריעג, און וואס לענגער ער וועט געדויערן, אלץ זיכערער וועט קומען דער אויסגלייך. צו דער צייט פון דעם פריעדען וועלען די אליאירטע, א חוץ דעם, האבען אין זייערע פינגער די האלז און דאס הארץ פון טערקיי, — די דארדאנעלען און קאנסטאנטינאפאל. מיט קאנסטאנטינאפאל, „דעם שליסעל צו דער וועלט-הערשאפט", אין זייערע הענד, קאנען זיי רעדען מיט דייטשלאנד גאנץ אנדערע רייד.

אויב דייטשלאנד'ס חשבון זאל זיך איינגעבען, און דער קריעג זאל זיך ענדיגען מיט א רעמיז, ניט פערמינערענדיג פראפארציאנעל דייטשלאנד'ס פאליטישע וואג, וועט פאר קיינעם קיין אנדער ברירה ניט זיין: מען וועט מוזען פערענטפערען די אריענט-פראגע און

בעצאָהלען יעדען פאַר די קרבנות פון דעם קריעג מיט שטיקער טערקיי.

דאָס איינציגע, אויך וואָס דער טערק קאָן יעמאָלט האָפען, איז אז דייטשלאַנד וועט פאַר איהם אויסדינגען די אונאבהענגיג־קייט פון די ריין־טערקישע פּראָווינצען אין קליין־אזיען. זאָל אָבער דייטשלאַנד פערלירען דעם קריעג, איז יעמאָלט איבערהויפּט „אַ סוף — אַן עק“ צו אַ וועלכער עס איז פּאָליטיש־זעלבסטשטענדיגער טערקישער עקזיסטענץ.

על־כל־פּנים, אויך אין דעם פאַל פון אַ רעמיז, — וועט טערקיי מוזען ווערען צוטיילט. אַלע ניט ריין־טערקישע פּראָווינצען, — סיריע און פּאַלעסטינאַ, מעסאָפּאָטאַמיע און ארמעניע און דאָס ביסעל אייראָפּאַ, וואָס זי האָט נאָך ביי זיך, — וועלען פון איהר אָבגענומען, פאַנאַנדערגעשניטען און צוטיילט ווערען אויף פער־שיעדענע שאָלען, כדי צו בעשאַפען אַ נייעם דויערנדען אייראָ־פּעאישען גלייכגעוויכט. די טערקיי וועט זיך דאַרפען שעצען גליק־ליך, ווען מען וועט זי אליין ניט ארויפוואַרפען אויף וועמעס עס איז אַ שאָל.

און טאַקע פאַרוואָס ניט אויף דער שאָל פון עסטרייך־דייטש־לאַנד? וועלך געהען אויף גע‍יעג אין איינעם אין „ברידערליכער סאָלידאַריטעט“, אָבער אַ פערוואונדעטען וואָלף עסען די אייגענע ברידער אויף. דאָס איז אויך דאָס הארטע געזעץ פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, כל זמן די פעלקער וועלען לעבען צווישען זיך, ווי די וועלף.

אָט פאַר וואָס איך זאָג, אז מיט דעם טערק האָט זיך דאָס אָנ־געהויבען, און צו דעם טערק וועט זיך דאָס משמעות אויסלאָזען, אָט פאַר וואָס איך מיין, אז די איצטיגע שלאַכטען אין פּוילען, בעלגיע, פראַנקרייך און אומעטום ווערען,—זיכערער פאַר אלץ,— געפיהרט אויף דעם חשבון פון דעם טערק.

28טען יולי, 1915.

# די אינטערעסען פון דעם אידישען פאלק

## און וואס איז מכח אונז ?

אין די צייטונגען, צייטשריפטען זזן גאנצע ביכער פון נאך דער וועלט הערט מען נאך אלץ ניט אויף מפלפל צו זיין זיך וועגען דעם איצטיגען וועלט־קריעג און נאך עד היום ווערט געפיהרט א הייסע פאלעמיק וועגען די פערפלאנטערטע שאלות, וואס ער, דער קריעג, האט פלוצים אוועקגעשטעלט פאר דער מענשהייט.

ביי די נייטראלע פעלקער ווערען אלע שאלות צוגעשפיצט צו איין־איינציגען הויפט־פראבלעם: בלייבען נייטראל אדער זיך א ווארף טהאן אין פייער? און אויב געהן אין קריעג — צו וועמען צושטעהן?

אויך ביי אונז, אין אונזער ענגער און וויסטער אידישער וועלטעל, קאנען די קריעגס־פראגען נאך ניט אראבגענומען ווערען פון דעם סדר היום. אויך מיר זיינען געצוואונגען פאנאנדערצו־קניפלען מיט נענעל און צייהן יענע פערפלאנטערטע נעץ פון פראבלעמען, וואס האלט איצטער געפאנגען דעם מענשליכען גע־דאנק. און אויך ביי אונז האבען אלע שאלות איין איינציגען אויס־קוק: מיט וועמען האלטען? ס'איז אבער א גרויסע נפקא מיניה צווישען די פלפולים ביי די אומות העולם און דיזעלבינע חקירות ביי אונז אין דערהיים.

ביי אלע פעלקער פון דער וועלט, — דערהויפט ביי די נייט־ראלע, — קאנען די פרא־און־קאנטראס האבען א ממשות'דיגען רעזולטאט, קאנען אויף אזא אדער אן אנדער אופן איינווירקען אויף דעם גאנג פון די פאסירונגען.

האט מאנטענעגרא, למשל, איינגעזעהן, אז זי דארף געהן העל־פען סערביען, האט זי תיכף ארויסגעשטעלט אן ארמעע פון אזוי־פיעל און אזויפיעל רעגימענטער, וואס האבען געמוזט פיעל אדער וויניג א ציה טאן די שאל אויף דער זייט פון דעם דריי־פעראבאנד. דאס איינענע מיט דעם טערק, ועמעם אריינגרייסען אין קריעג האט

גאנץ נעווים צונעמען וואָס אויף דער שאָל פון דעם צוויי־בונד. און ווען אַ פאָלק באַשליסט צו בלייבען נייטראַל, האָט דאָס אויך אַ מעהר אָדער ווייניגער גרויסע בעדייטונג פאַר דעם גאַנג און די רעזולטאַטען פון דעם קריעג. אָבער וואָס פאַר אַ ווערדע האָבען **אונזער** חקירה׳ן־זיך און האַמפּער׳ן־זיך וועגען דעם קריעג?

נאָך איידער מיר האָבען זיך געקאָנט פאַנאַנדערקלייבען, אויף וועמעס צד איז דער יושר אָדער צו וועמעס צד עס ציהען די אינטערעסען פון אונזער פאָלק, האָבען מיר זיך שוין אַריינגעוואָרפען אין דער מלחמה און האָבען אַרויסגעשטעלט אַן אַרמעע אויב איך האָב ניט קיין טעות, אַ סך אַ גרעסערע, איידער מאָנטענעגראָ.

געווים האָבען מיר דאָס ניט געטאָן, ווייל מיר זיינען אַן „עמא פזיזא“, אַ לייכטזיניגנ פאָלק, אָדער אַ קריעגערישע אומה, וואָס האָט זיך קוים געקאָנט דערוואַרטען אויף דעם בלוטיגען יום־טוב. מיר זיינען נעגאַנגען אין קריעג און מיר פערבלוטען אין איהם ווייל מען האָט ביי אונז קיין עצות ניט געפרעגט און מיט אונזער דעה זיך ניט גערעכענט; ווייל דער ביטערער מזל אונזערער האָט אונז געזאָגט: „געה!“, און מיר האָבען געמוזט געהן.

צו וואָס פאַר אַ רעזולטאַט מיר זאָלען ניט קומען אין אונזערע ויכוחים, צו וועמען עס זאָלען ניט ציהען אונזערע סימפּאַטיעס אָדער אינטערעסען, פאַר וועמען עס זאָל זיך אין דער לעצטער שורה ניט אַרויסזאָגען דער ווילען פון פאָלק, וועט דאָס קיין ברעקעל ווירקונג ניט האָבען אויף אונזערע האַנדלונגען, — מיר וועלען געהן שיסען און שלאַכטען, וועמען מען וועט אונז הייסען, — און ממילא קאָן אונזער ווילען קיין ברעקעל ממשות ניט האָבען אויף דעם גאַנג פון די פּאַסירונגען.

מיינט ניט אַז דער דאָזיגער פינסטערער מזל אונזערער בע־שטעהט נאָר אין דעם, וואָס מיר האָבען ניט, ווי מאָנטענעגראָ אָדער בולגאַריע, קיין אייגענע זעלבסטשטענדיגע מדינה, אין דעם פּרט זיינען די פּוילען אָדער די רוטענער ניט קיין גרעסערע מיוחסים, איידער מיר. אויך זייער שיקזאַל איז דעריבער געגוג האַרט, אויך זיי מוזען צוזעהן, ווי זייערע קינדער ווערען פוןביידע זייטען גרויזאַם פיינדליך אוועקגעשטעלט איינע אַנטקעגען די אַנדערע און דורך די בייטש פון דעם פרעמדען הערשער געצוואונגען צו ברודער־מאָרד.

אָבער אויב מען פרעגט ביי זיי ניט קיין עצות און מען וואַרט ניט אויף זייער הסכמה צו דעם קריעג, וואָלט אָבער פאַלש געווען צו זאָגען, אַז זייער דעה אינטערעסירט קיינעם ניט, אַז זייער פאָלקס־ווילען איז אַ זאַך, מיט וועלכע די הערשער האָבען זיך אַבסאָלוט ניט וואָס צו רעכענען.

די פוילען און די רוטענער וואוינען, ווען אפילו אָהן פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, אין זייער אייגענער היים. אַזוי פיעל און אַזוי פיעל קוואַדראַט קילאָמעטער לאַנד איז בעפעלקערט פון דער פוילישער און דער רוטענישער אומה. דער קריעג ווערט גראָד געפיהרט אויף יענעם שטח, און די וואָס פיהרען איהם זיינען געצוואונגען האָבען אין זין די שטימונג און די געפיהלען פון דער בעפעלקערונג.

עס האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז דיביידע פעלקער זיינען געבליבען טריי און לאָיאַל צו זייערע הערשער און זיי האָבען ניט אויפגעשטעלט זייער ווילען להיפך צו דעם ווילען פון יענער מלוכה, צו וועלכער זיי געהערען. עס קאָן זיין, אַז דער שטאַאַטס־פּאַטריאָטיזם האָט ביי זיי גובר געווען דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, מעגליך אפשר אַז דורך אַ פסיכישער פערבלענדניס, זיינען ביי די עסטרייכישע פוילען און רוטענער פערבונדען געוואָרען די אינטערעסען פון דעם גאַנצען פוילישען און רוטענישען פאָלק מיט דעם זיעג פון עסטרייך, ווי די רוסישע פוילען און רוטענער האָבען ארויסגעלעגט זייערע נאַציאָנאַלע האָפנונגען אויף דעם טריאומף פון די רוסישע כלי־זין. און אפשר האָט זיי דער קריעג פערכאַפּט אין אַזאַ היסטאָרישען מאָמענט, ווען די נאַציאָנאַלע ענערגיע זייערע איז געווען אָבגעשוואַכט און זיי האָבען זיך געמוזט לאָזען שטופּען ווי פעהנדליך אויף'ן שאַך־ברעט.

אַזוי אָדער אַזוי, אָבער יעדער איינער וועט צוגעבען, אַז די פּאַסיוויטעט און לאָיאַליטעט פון יענע פעלקער זיינען ניט קיין מוז אין זייער היסטאָרישען זיין, ניט קיין נויטווענדיגער פועל־יוצא פון זייער נאַציאָנאַלער לאַגע.

קיינער קאָן ניט אָבלייקענען דעם פאַקט, אַז אַ פוילישער אָדער רוטענישער, אָדער אַ פויליש־רוטענישער אויפשטאַנד, צוליעב אייגענע נאַציאָנאַלע ציעלען, איז געווען אַ מ ע ג ל י כ ק י י ט אין

דעם איצטיגען קריעג און אז א דאנק יענעם אומשטאנד וואלטען די פאסירונגען אין זייערע לענדער בעקומען א גאנץ אנדער אויס־זעהען, איידער איצטער.

מיט דער דאזיגער מעגליכקייט האבען זיך דעריבער די קריעג־פיהרענדע צדדים נ ע מ ו ז ט רעכענען, און זיי האבען דאס גע־מהאן, אויף וויפיעל זייערע אינטערעסען האבען עס געקאנט צולאזען און אויף וויפיעל זיי האבען אבגעשעצט דעם ערנסט פון דער לאגע.

מחמת דעמזעלבען טעם האט זיך עסטרייך שטארק געמוזט צוהערען צו דער דעה און דעם ווילען אויך פון דעם טשעכישען פאלק, ווען אפילו זיין טעריטאריע ליגט דרויסען פון שלאכט־ראיאן. ערש־טענס, — ווער קאן וויסען, וואו עס וועט אויסקומען צו פיהרען די שלאכט? און צווייטענס, אפילו ווען די טשעכישע טעריטאריע זאל בלייבען אין גאנצען פערשוינט פון קריעגס־שלאכטען, — ווער קאן קאווירען, אז אין דעם טשעכישען פאלק וועט ניט אריין א רוח שטות, וואס זאל איהם א טרייב טהאן אין די ארעמס פון דער רו־סישער פאליטיק? אויך א טשעכישער אויפשטאנד איז א מ ע ג־ל י כ ק י י ט און קיין צד האט זי ניט געטארט ארויסלאזען פון אויג.

וואס בעדייט דאס? דאס בעדייט, אז א בעשטימטער סכום קוואדראט קילאמעטער לאנד, בעזעצט פון די קינדער פון איין־איינ־ציגען פאלק, — מיט א געזונטער בויערשאפט, וואס קאן ארויס־שטראמען א געוויסע סומע פון מוסקעל־ענערגיע, מיט א מיטעל־שטאנד, וואס קאן אוועקגעבען א טייל פון זיין אייגענס פאר די אינ־טערעסען פון זיין פאלק, מיט אן אינטעליגענץ, וואס איז איבערגע־געבען דעם פאלק און איז אנגעגרייט מקריב צו זיין פאר איהם זיין מארך און בלוט, — איז תמיד א בעדייטענדער פאליטישער פאק־טאר, וואס וועט אלעמאל ארויספאדערען א געוויסען דרך ארץ צו זיך.

נו, און מיר? וואס איז אונזער ווערטה אין דעם פאליטישען לעבען? וואו זיינען אונזערע קוואדראט־קילאמעטערס לאנד?

מיר זיינען א פאלק, אהן א פיצעל אייגען־לאנד, א פאלק, וועל־כעס מאסען עס ווידעמען זיך, ווי ווערים, אין דעם זומפ פון די שטעדט און שטעדטלעך; וועמעס באנקירען ווענען תמיד פאר א

ביסעל א העכערען פּראצענט פערלייען זייערע קאפּיטאלען אונזערע בעדריקער; וועמעס אינטעליגענץ, — אונזער גייסטיגע מארך און זאפט, — וועט זיבען מאל א טאג אבלייקענען, אז זי געהערט צו אונז, זיבען מאל א טאג זיך אבשפּייען פון אונז — פאר א פעטען טאם לינזען, פאר א פּראפעסאר־שטעל, פאר די אקסעלבאנטען פון א מאיאר, פאר דעם כבוד צו זיצען ביים פרעמדען טיש.

וואס פאר א רעכט האבען מיר צו פערלאנגען, אז מען זאל פּאליטיש אריינרעכענען אין חשבון אויך אונזער גורל און וואס פאר א ווערטה קאן פאר איינעם האבען די בעשטימונג פון אונזער ווילען?

אונזער פּאסיוויטעט און לאיאליטעט זיינען ניט קיין צייט־ווייליגער פּראדוקט פון געוויסע היסטארישע אומשטענדען; ניט קיין אויסגערעכענטער פּאליטישער שריט; ניט קיין טעמפּארערע פערגליווערטקייט פון אונזער נאציאנאלער ענערגיע; זיי זיינען א נויטווענדיגער מוז, איינגעקריצט אין דעם שפּל'ען נאציאנאלען מעמד אונזערען. קיינער דארף זיך ניט רעכענען מיט אן אידישען פאלקס־אויפשטאנד און יעדערער האט דעריבער די מעגליכקייט צו שפּייען אונז אין פּנים און צו טרעטען אונז מיט די פיס.

וואלט אין אונזער ברוסט ניט געלעבט דער טיעפער גלויבען אין די רעוואלוציאנערע כוחות, וואס שלומערען אין אונזער אר־בייטערשאפט און אין די נאציאנאלע כוחות פון אונזערע פאלקס־מאסען, וואס מוזען אין גאנצען איבערבייטען אונזער נאציאנאלען מעמד, וואלטען מיר יעמאלט אויף דער שאלה: „און וואס איז מכוח אונז?“ געמוזט געבען נאר איין ענטפער: — מכוח אונז איז די ערגסטע זאך, די מאוס'טע זאך, וואס קאן ווען עס איז פּאסירען מיט א פאלק: ע ס א י ז א ו י ף א ו נ ז א ג ר ו י ס ע ר צ ע ר ־ ב ע ל י ־ ח י י ם!...

עס איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואס דאס רוב פּאליטיקער אונזערע, אהן א ברעקעל גלויבען אין די רעוואלוציאנערע און נא־ציאנאלע כוחות פון די אידישע מאסען, ברעכען איצטער זייערע מוחות נאר אויף איין־איינציגען פּראבלעם: ווער פון די קריעג־פיהרענדע צדדים וועט לייגען אויף אונז מעהר רחמנות.

שפּיהרט אבער קיינער ניט די גאנצע שמאך, וואס ליגט אין די ווערטער: א צער־בעלי־חיים אויף א פאלק?...

23טער נאוועמבער, 1914.

# די אַלטע אידישע וועלט

אין אַלע מיינע בעטראַכטונגען וועגען דעם איצטיגען קריעג, האָב איך איין־איינציגען געדאַנק אין זין: בעווייזען אַזוי קלאָר, ווי דאָס איז נאָר מעגליך פאַר מיר, אַז מיר קאָנען ניט און טאָרען ניט סימפּאַטיזירען מיט קיינעם פון די קריעג־פיהרענדע צדדים.

איך וואָלט געוואָלט, דער געדאַנק זאָל ניט נאָר שטעהן קלאָר פאַר'ן שכל, נאָר ער זאָל אויך לאָזען טיעפע וואָרצלען אין געפיהל. ריכטיגער: ער זאָל בעפרייען און פערשטאַרקען אונזער נאַטיר־ליכען האַס צו אַלע יענע רעגירונגען, וואָס האָבען פון איין זייט און פון דער אנדערער אריינגעשלעפּט זייערע פעלקער אינ'ם גיהנום; ער זאָל אָבפרישען אונזער נאַטירליכען פראָטעסט אנטקעגען אַלע יענע פּאַרטייען און פערזאָנען, וואָס הערען ניט אויף צו פערטיי־דיגען א וועלכען עס איז צד און אויסצוגעפינען א הכשר פאַר איהם, פאַרוואָס ער מעג און זאָל אויס'הרג'ענען די מיליאָנען מענשען פון זיין צד שכנגד.

אָ, ס'זיינען מיר גוט בעקאַנט די סאָפיזמען פון דעם יצר הרע אין אַזאַ לאַגע. וויבאַלד מיליאָנען קרבנות פאַלען דאָך סאַי ווי סאַי פוןביידע זייטען גרעניץ, לאָזען די קרבנות ניט פאַלען אומזיסט. זאָל זייער אונשולדיג פערגאָסענע בלוט ברייגנען לפּחות א ברעקעלע ישועה פאַר דער אונטערדריקטער מענשהייט, אָדער פאַר א טייל פון איהר; זאָל עס אין ערגסטען פאַל פערהיטען די מענשהייט פון די נאָך גרעסערע צרות, וואָס וואָלטען געקאָנט ארויסוואַקסען פאַר איהר... עס בלייבט מעהר ניט, ווי אויסצורעכענען מיט'ן שכל, פון וועלכען צד מיר האָבען צו דערוואַרטען די ברעקעלע ישועה אָדער „די קלענערע צרה“, כדי יענעם צד צו שיינקען אונזערע סימפּאַ־טיען, אויב מיר קאָנען איהם ניט העלפען אויף א מעהר ממשות'דיגען אופן.

נאָט אין דעם סאָפיזם, וואָס קלינגט אַזוי איידעל און שעהן,

ליענט די גאַנצע שמוץ, אין וועלכען מיר פערברוידינען איצטער אונ־זערע נשמות. די גאַנצע שמוץ, וואָס מאַכט, אַז מיר, די פראַגרע־סיווסטע און הומאַנסטע, די פערשוואָרענע שונאים פון דעם קריעג, פרעהען זיך פון גאַנצען הארצען, ווען מיר דערוויסען זיך פון דער צייטונג, אַז „אונזער צד" האָט גובר געווען, אַז ער איז פון דער שלאַכט ארויס מיט אַ נצחון. מיר פערגעסען, אָדער פערדרייען די צייהן אונזער געוויסען, ווען ער דערמאָהנט אונז, אַז דער נצחון איז געוואונען געוואָרען אין קריעג — אין קריעג: אַז דאָס בעדייט אַזוי פיעל און אַזוי פיעל אונשולדיגע איבערגעשניטענע העלזער, דורכגעשאָסענע הערצער, אויפגעשליצטע מענשליכע בייכער: אַז אונזער פרייד באָדט זיך דאָ יעדעס מאָל אין דעם זידענדען מענש־ליכען בלוט, אויסגעמישט מיט דעם צוטראָטענעם מאַרך פון מענש־ליכע שאַרבענס.

איך בין געוויס ניט קיין אַבסאָלוטער געגנער פון בלוטיגען קאַמף, און די פסיכאָלאָגיע פון אַ קריסטוס אָדער אַ טאָלסטאָי האָט שוין לאַנג אָנגעוואָרען איהר אַבסאָלוטע הערשאַפט איבער מיין נשמה. איך קען אַ הייליגען קריעג און גלויב אין איהם: דאָס איז דער קריעג פון די אונטערדריקטע, אָדער פון די, וואָס געהען זיך מקריב זיין אין זייער נאָמען, כדי דורכצוברעכען אַ פרייען וועג פאַר דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. יענער קריעג איז אָבער פון אַ גאַנץ אַנדער מהות און ער רופט זיך, — להבדיל בין טומאה לטהרה, — מיט אַ גאַנץ אַנדער נאָמען: ר ע ו ו אָ ל ו צ י ע. און אויך דאָס הייליגע, דאָס רעוואָלוציאָנערע בלוט־פערגיסען איז ניט קיין פרייד, נאָר אַ צער און אַ טראַגעדיע, און נאָר יענער האָט אַ רעכט צו נעהמען אויף זיך די גאַנצע אחריות פון פערגאָסענע מענשליכע בלוט, — שולדיג אָדער אונשולדיג, — וואָס פיהלט מיט אַלע כוחות פון זיין לעבען, אַז ער איז צו יעדער רגע אָנגעגרייט אוועקצוגעבען אַלע כחות פון זיין לעבען אין דעם פרייהייטס־קאַמף פון דער מענשהייט.

קאָנען מיר, — איך מיין דאָ, נאַטירליך, די סאָציאַליסטען, — מיט וואָס עס איז פערענטפערען אונזער צושטעהן צו דער טומאה? — דאָס איז די פראַגע, וואָס איך האָב ניט אויף צו פרעגען. און אַלע מאָל, ווען איך טראַכט וועגען איהר, קום איך אַלץ צו דעם זעל־

בינען אַנטפּער: ניטאָ ביי אונז אַזעלכע טעמים, וואָס זאָלען קאָנען פּערזאָנען א שוואַרצע קרענציגע קאַץ אין אַ ווייסע אונשולדיגע טויב. ווי איהר זאָלט איהם ניט קעהרען און ווענדען, — דער איצ־טיגער קריעג איז דורכאויס אונגליק, דורכאויס פערברעכען, און דאַרף פאַר אונז זיין אַלץ איינס, וועלכע פינסטערע מאַכט וועט גובר זיין; *) אַלץ איינס, ווען מיר זאָלען אפילו אריינברייגגען אין חשבון די אינטערעסען פון דעם אונגליקליכסטען פון אַלע פעל־קער, פון דעם אידישען פאָלק.

אין וואָס בעשטעהען די אינטערעסען פון אונזער פאָלק און צו וועלכען צד ציהען זיי?

די אַלטע פרוס־נאַציאָנאַלע אידישע וועלט האָט געקוקט און קוקט נאָך עד היום אויף אונזער לעבען אין גלות, ווי אויף אַ צייט־ווייליגען אונגליק, וואָס קאָן אין יעדער מינוט איבערגעריסען ווערען דורך משיח'ס קומען. אונזער איינציגע אויפגאַבע אין גלות איז צו ליידען און צו האָפען און מיט רעליגיעזע פרומקייט פערדיענען דעם אייבערשטענס גענאָד. און קודם כל דאַרפען מיר עקזיסטירען, האָבען פון וואַנען צו לעבען, און דער בעסטער אופן פאַר אונזער עקאָנאָמישען קיום אין גלות איז דער מסחר, אין וועלכען מיר האָבען שוין ארויסגעוויזען אַזוי פיעל גאונות, — דער מסחר, וואָס בינדט אונז ניט צו צו דער ערד, אויף וועלכער מיר וואוינען, וואָס צווינגט אונז ניט צו לאָזען טיעפע וואָרצלען אין איהר.

אונזערע אינטערעסען זיינען קודם כל די אינטערעסען פון דעם אידישען האַנדעל. האָבען אַ רעכט צו האַנדלען אומעטום מיט וואָס מיר ווילען און מיט וועמען מיר ווילען, — דאָס איז דער העכסטער „פּאָליטישער" אידעאַל פון דער אַלטער אידישער וועלט, אונזער העכסטע פאָדערונג פון יענער ממשלה, וואָס אונטער איהר שוץ גע־פינט זיך דאָס אידישע פאָלק. און עס פערשטעהט זיך, אַז די ממשלה דאַרף אונז נעהמען אונטער איהר ש ו ץ. דער אידישער האַנדעל רופט ארויס אַנטקעגען זיך די קנאה פון דעם ניט־אידישען סוחר און די שנאה פון די מאַסען, וועלכע מיר „בעגליקען" מיט

*) דאָס האָט זיך אין גאַנצען געמוזט איבערבייטען מיט דעם פאַל פון דעם רוסישען צאַריזם (1918).

אונזער משה ומכבר. מיר דארפען האבען א שטארקע האנד, א שטארקע רעגירונג, וואס זאל האלטען דאס פאלק אין צוים, אבער וואס זאל גראד זיין פריינדליך צו אונז און פערהיטען אונזער לעבען, אונזער האב און גוטס פון די אנטיסעמיטישע אויסברוכען פון דעם המון.

אין דער „עמאנסיפאציע", דער ביטערליכער גלייכבערעכטיגונג, קאן די אלטע, פרום-נאציאנאלע וועלט אונזערע ניט זיין איבעריגס פעראינטערעסירט, אויב זי וויל בלייבען טריי צו די גרונדפרינציפען פון איהר וועלט-אנשויאונג. אויף וואסער פייער דארף זי די רעכט פון בילדונג און די רעכט צו ווערען אן אפיצער אדער א גענעראל? די אלערלייע „פראוועס" האבען נאר אויף אזוי פיעל א ווערטה אין איהרע אויגען, אויף וויפיעל זיי דערלייכטערן דאס מיליטער-דיענסט אדער בעפרייען איינעם אין גאנצען פון איהם, און אויף וויפיעל זיי גיעבען איינעם די מעגליכקייט צו וואוינען אומעטום און צו האנדלען נאך דער געלוסט פון דעם הארצען.

די „גלייכבערעכטיגונג" ווערט אן אידעאל פאר דער אלטער וועלט נאר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל זי הערט אויף צו גלויבען אין זיך אליין, אויף וויפיעל זי ווערט „צולאזען" און הויבט אן מאכען קאמפראמיסען צו דער „היינטיגער צייט", אויב ניט צוליעב זיך, איז צוליעב די קינדער. אויב עס איז שוין בעשערט, זיי זאלען זיין גוים, זאלען זיי לפחות זיין געשטודירטע דאקטוירים און פראפעסארען; אויב שוין דיענען, לאזען זיי אויך דא פערנעהמען דעם אויבען-אן, ווי אפיצערען און גענעראלען.

ביי זיך אין הארצען אבער טראכט די אלטע וועלט, עס וואלט א סך בעזינטער געווען פאר דאס אידישע פאלק, ווען אט די גאנצע „בילדונג" מיט דער „ציוויליזאציע", וואס גראבען אונטער דעם רעליגיעז-נאציאנאלען יסוד פון אונזער זיין אין גלות, זאלען זיך פארביי געהן פארביי אונז, ניט אנריהרענדיג אונזער לעבען אויף א האר. וואס פעהלט דען די אידען אין טערקיי, וואו זייערע קינדער געהען ניט אין די אוניווערזיטעטען און ווערען ניט אבגעריסען פון זייער פאלק און זייער אמונה?

די טערקיי, — דאס איז די אידעאלע מדינה. וואס שטימט

איינגאנצען דעם כאראקטער און דער גוועלטיגונג פון דער אלטער פרום נאציאנאלער וועלט. און ניט די טערקיי פון ענגלענדער ביי, וואס איז שוין פערניפטעט מיט דעם סם פון דעם אייראפעאישען פראגרעס, וואס טרייבט שוין אידישע קינדער אין סאלדאטען און וויל אידען מאכען פאר טערקען, נאר די אלטע גוטע טערקיי פון דעם סולטאן אבדול־האמיד, וואס האט געלאזט שניידען די העלזער פון טויזענטער קריסטען און איז תמיד געווען פול מיט חסד צו דעם פאלק ישראל. א שאד נאר, וואס דער טערק איז אן אביון און עס איז ביי איהם נישא פון וואס צו לעבען; אז ניט וואלט מען ניט בעדארפט קיין בעסערען גן־עדן אויף דער וועלט, איידער די טערקיי.

אט, ווען דער איבערשטער וואלט בעוויזען א נס, און דער טערק זאל פון אונטען ארויף אבנעהמען ביי רוסלאנד דעם גאנצען דרום, מיט דער קרים, און דערצו נאך פוילען און פרייסען, — אט דאס וואלט געווען באמת א ישועה שלמה פאר די אידען אין רוס־לאנד! אבער — עט! ווי קומט דער טערק צו אזא גבורה? און ווער פון זיינע קריסטליכע שותפים אין דעם קריעג וועט איהם לאזען געהן אזוי וויט און פערכאפען אזוי פיעל? ניט עסטרייך און ניט דייטשלאנד.

אויב ניט דער טערק, איז זאל דער זיעגער זיין עסטרייך. קיר"ה איז אויך א מלך חסד ורחמן, און אונטער די פליגלען פון זיין ממשלה האבען אידען דעם נויטיגען שוץ. און אויב דאס קאן ניט זיין עסט־רייך, איז זאל שוין זיין דייטשלאנד, אמת, אין ווילהעלמ'ס מדינה, מיט דעם שטארקען אנטיסעמיטיזם, וואס לעבט אין דעם דייטש'ס נשמה, וועלען די זעקס מיליאן אידען, וואס וועלען צוקומען צו דייטשלאנד, ניט אויפגענומען ווערען מיט אפענע ארעמס. א הארטען געזעלשאפטליכען קאמף וועלען די אידען דארפען פיהרען פאר זייער עקאנאמישען מעמד און נאך א שווערערער קאמף וועט זיי פארשטעהן פאר די נאציאנאל־רעליגיעזע יסודות פון זייער עקזיס־טענץ. אבער פון פאגראמען וועט מען זיין זיכער און האנדלען וועט מען קענען אויף וואס די וועלט שטעהט...

זיכערקייט, פריעדען און מסחר! און דאס אלץ וועט אונז געבען דייטשלאנד. „מיין ליעבכען, וואס ווילסטו נאך מעהר?"

און פון דעסטוועגען, ניט קוקענדיג אויף די אלע דייטשע גליקען,

איז שווער די אידען פון דער אלטער וועלט זיך אבצורייסען אויך הארצען פון „ראסיי", מיט איהר מאסקווע און ניזשני־נאוואגראד, מיט איהר ברייטער וואלגע, מיט די ברויט־רייכע גובערניעס, די פיה־רייכע סטעפעס, דעם וואלד־רייכען צפון, דעם גאלד־רייכען אוראל און דעם סחם־רייכען סיביר, — פון ראסיי, דער גרויסער שמאלץ־גרוב, וואס ביי איהר ברעג שטעהט שוין דאס אידישע פאלק, קוקט שוין אריין אין איהר מיט דארשטיגע אויגען און בעלעקט זיינע פערשמאכטע ליפען...

דער אמת'ער גליק וואלט דעריבער געווען, ווען מען וואלט געקענט בלייבען אין ראסיי, און ווען דער אייבערשטער וואלט רחמנות געהאט און וואלט איבערגעביטען ניקאלאיס הארץ צו גוטען אויף אידען! יעמאלט וואלט די אלטע אידישע וועלט מיט'ן גאנצען הארצען געבעטען גאט פאר דעם רוסישען קיסר, זיינע ארמעען זאלען מאכען א תל סאי פון דעם אוהב ישראל, דעם טערק, סאי פון דעם דייטש, סאי פון קיר"ה'ן אליין...

איך שטעל זיך דעריבער פאר, וואס פאר א געוואלטיגען רושם עס דארפען מאכען אויף אונזער אלטער אידישער וועלט די בריעף פון איזראעל זאנגוויל און זיין פרא־רוסישער שטאנדפונקט אין דעם איצטיגען קריעג. אן אלט בעקאנט און זיס ליעדעלע הויבט אן ווידער צו זומען אין איהרע אויערען און אנפילען איהר הארץ מיט האפנונג און בטחון: דאס ליעדעלע פון דער אידישער שתדלנות.

איזראעל זאנגוויל — דער שתדלן ביי עדוארד גריי; עדוארד גריי — דער שתדלן ביי ניקאלאי דעם צווייטען, און א לעבעדיגען גאט האבען מיר אין הימעל וואס קאן מאכען נייגען דעם קיסר'ס אויער צו אזא גרויסארטיגער שתדלנות־

„מיין ליעבכען, וואס ווילסטו נאך מעהר?"

אויף אזא'ן אופן איז דאס הארץ פון דער אלטער אידישער וועלט צוריסען אויף צווייען: עס ציעהט צו דעם רייכען שמאלץ־גרוב פון רוסלאנד און עס ציעהט צו דער זיכערקייט און האנדעלס פרייהייט פון מערב־איראפא.

26טען נאוועמבער, 1914.

# די פּראָגרעסיוו־אַסימילאַטאָרישע וועלט

פון אַלע, מיר בעקאַנטע, אידישע אינטעליגענטען געהערען אַ גוטע פינף און זיעבענציג פּראָצענט צו דעם פּראָגרעסיוו־אַסימילאַטאָרישען לאַגער. און אַ גוטע פינף און זיעבענציג פּראָצענט פון דער זעלבער גרופּע מענשען האַלטען אין דעם איצטיגען קריעג פאַר דייטשלאַנד'ס צד.

איז דאָ אַ וועלכע עס איז אינוועניגסטע קרובה'שאַפט צווישען די אידעאַלען פון דער אַסימילאַציע און די סימפּאַטיעס צו דעם צוויי־בונד? מוז יעדער אידישער אַסימילאַטאָר זיין פאַר דייטשלאַנד?

פאַקטען און ארגומענטען בעווייזען מיר, אַז אַזאַ ענגע נאָהענטקייט צווישען אַסימילאַציע און גערמאַנאָפילענטום איז אין דער אמת'ן דאָ. געוויס זיינען דאָ אין מיין ערפאַהרונג אויך אַזעלכע פעלען, — און אויך די אידישע ראַדיקאַלע פּרעסע קאָן זיי אויפווייזען, — וואו ערץ־אַסימילאַטאָרען נעהמען זיך אָן דווקא פאַר רוסלאַנד, אייניגע דירעקט, אַנדערע אַ ביסעל פערשעהמטערהייט, „קעיר אָוו ענגלאַנד־פראַנקרייך".

דאָס זיינען אָבער זעלטענע אויסנאַהמען, און ווערט מען נענויער בעקאַנט מיט זיי, געפינט מען, אַז מען האָט דאָ צו טהאָן מיט אַסימילטאָרען שוין פון גאָר־גאָר אַ הויכער מדרגה, וואָס האָבען שוין דאָס אידישע פאָלק לגמרי און אונטער אַלע אומשטענדען טיעף אין דער אדמה, וואָס ווילען זיך לחלוטין ניט רעכענען מיט די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק און בעשטימען זייער שטעלונג צו דעם קריעג אויס ריין־מענשליכע מאָטיווען.

אויף אַזאַ'ן אופן זענען יענע אויסנאַהמען פאַר מיר אַ נייער בעווייז צו יענעם כלל, וועלכען איך זעה איצטער אויף שריט און טריט, אַז פינף און זיעבענציג פּראָצענט פון הונדערט אידישע אַסי־

מילאטארען פערבינדען זייערע האפנונגען אויף דער צוקונפט פון דעם אידישען פאלק מיט דעם זיעג פון דייטשלאנד איבער רוסלאנד.

אין דעם פונקט זענען זיי א סך אויסנעהאלטענער און איינהיימליכער איידער די אלטע, פרום־נאציאנאלע אידישע וועלט. ווער מעם הארץ עס צאפעלט זיך אין דערמיט צווישען צוויי, לאמיר זאגען, „אידעאלען“ : צווישען דער פעטער חיונה אין רוסלאנד און דער איידעלער בעהאנדלונג אין דייטשלאנד.

דער אסימילאטאר האט אין דעם פרט קיין ברעקעל רים ניט אין זיין נשמה, קיין דואליסטישע סימפאטיעס מחמת דעם פשוט'ען טעם, וואס חיונה איז ניט זיין דאגה, ווייל ער דארף זארגען, — אויף וויפיעל ער קאן איבערהויפט זארגען פאר דאס אידישע פאלק, — נאר וועגען דער איידעלער בעהאנדלונג.

און אין דער אמת'ן : ווי קומט ער זיך צו אינטערעסירען מיט די עקאנאמישע נויטען פון די גרויסע אידישע מאסען ? זיין אידעאל איז אויסגעוואקסען ביי דער אידישער געבילדעטער בורזשואזיע און ביי דער יונגער אידישער אינטעליגענץ, וואס האט נע'חלש'ט אריין צו שטופען זיך אין דער ניט אידישער געבילדעטער וועלט. צוליעב דעם צוועק האבען זיי ארויסגעבראכט דעם געדאנק, אז דאס אידישע פאלק איז שוין איבערהויפט מעהר קיין פאלק ניט, נאר ניט מעהר ווי א רעליגיעזע סעקטע וואס האט א רעכט אויף א פאלקאמענע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג. א רעליגיעזע סעקטע אבער האט ניט קיין אייגענע עקאנאמישע פראבלעמען.

די אידישע אסימילירטע בורזשואזיע האט פערטיידיגט דעם אידישען האנדעל, ניט דערפאר, וואס ער איז אין די ערשטע צייטען פון דער אסימילאציאנס־מגפה געוועז דער איינציגער אידישער מקור־פרנסה, נאר מחמת דעם טעם, וואס דער האנדעל בכלל איז,— ווי זיי האבען געגלויבט, — דער וויכטיגסטער טרעגער און פערשפרייטער פון קולטור און ציוויליזאציע און וואס די אידען זענען מהאי טעמא די פאהנען־טרעגער פון דעם מענשליכען פראגרעס.

די אידישע אסימילירטע סאציאליסטען האבען געקעמפט אנטקעגען דעם אידישען האנדעל ניט דערפאר, וואס ער, אונזער פיעל געלויבטער מסחר, איז דער טיעפסטער קוואל, פון וועלכען עס שלאגט

שנאה און קנאה צו אונז: ניט דערפאר, וואס ער האט דערנידערינגט דאס אידישע פאלק צו דער מדרגה פון א פרעמד־פלאנץ וואס דערנעהרט זיך מיט די קרעפטען פון א פרעמדען פראדוקטיווען אָרגאניזם, נאר מעהר נישט דערפאר, וואס ער געהט להיפך צו די אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאס, וואס ער איז ווי יעדער קאפּיטאליזם בכלל, געווארען א שטער פאר דער וייטערדיגער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט.

קוים ווערען די אידען אויסגעגליכען אין זייערע בירגערליבע און פאליטישע רעכטען מיט דער הערשענדער בעפעלקערונג, אזוי ווערען זיי א טייל פון דעם הערשענדען פאלק, און וואס עס וועט זיין מיט דער גאנצער בעפעלקערונג פון לאנד, זאל אויך זיין מיט זיי. וועגען די עקאנאמישע און סאציאלע פּראבלעמען זאלען דאגה'נען די פאליטישע פארטייען, די עקאנאמישע קלאסען, די רעגיערונג, אהן א ברעקעל אונטערשייד פון פאלק צו פאלק.

ספּעציפישע אידישע נויטען און אינטערעסען קאן מען ניט און זאל מען ניט זוכען אויף די פעלדער פון דעם עקאנאמישען, סאציאלען, נאציאנאלען און קולטורעלען לעבען. עס איז דא נאר איינציגע אידישע נויט, — די רעכטליכע בעגרעניצונגען פאר אידען און די אידישע אבגעשטאנענקייט פון דער הערשענדער קולטור.

הימעל־וויט שטעהען אב די אסימילאטארישע אידעאלען פון יענער וועלט־אנשויאונג און יענע האפנונגען, מיט וועלכע עס לעבען די נשמות פון דעם פרום־נאציאנאלען דור. עס קאן זיין, אז אין דעם משך פון דעם גאנצען לעבען אין גלות האט דאס אידישע פאלק ניט איבערגעלעבט קיין געוואלטיגערע גייסטיגע רעוואלוציע איידער יענע איבערקעהרענים, וואס איז פארגעקומען אין די אידישע מוחות א דאנק דעם אסימילאטארישען אידעאל.

אוים בענקשאפט נאך דער גאולה! אוים האפנונגען אויף משיח און ארץ־ישראל! אוים טענות צו דעם רבונו־של־עולם און צו די ארומיגע פעלקער! אין אונזערע צרות און יסורים זענען מיר נאך מעהר שולדיג איידער זיי. ווער הייסט אונז ארומצוימען זיך און אבשיידען זיך פון דער גאנצער מענשליכער וועלט? ווער הייסט אונז לעבען, ווי א שטאאט אין א שטאאט, ווי א פאלק אין א

פאלק? לאמיר אויפהערן צו זיין א פאלק, ווילן מיר אויפהערן צו זיין אין גלות.

עס איז א גאנצער תהום צווישן דיביידע וועלטן, — דער פרום־נאציאנאלער און דער פראגרעסיוו־אסימילאטארישער. און פונדעסטוועגן איז אין זייערע פראקטישע פארדערונגען דער נייער רעוואלוציאנערער דור ניט ווייט אוועקגעגאנגען פון דעם אלטן.

די אלטע פרום־נאציאנאלע וועלט האט זיך געניטיגט אין האנדעלס־רעכט און געבענקט נאך ווייגן זיי. דער פראגרעסיוו־אסימילאטארישער דור האט זיך געניטיגט א חוץ דעם אין ביל־דונגס־רעכט און אין דער יורידישער מעגליכקייט צו פארנעהמען עס אויבען־אן אין דעם געזעלשאפטליכן לעבן. דעריבער פער־לאנגט ער די פולע בירגערליכע „עמאנסיפאציע".

דער אלטער דור האט זיך געניטיגט אין זיכערקייט און שוץ און האט געהאפט צו קריגען זיי דורך שתדלנות ביי דעם „מלך חסד ורחמן", דורך דער פאליטיק פון דער הינטער־טיר. דער נייער דור האט אויך דיזעלביגע נויט, אבער ער וויל זי בעפריעדיגען דורך רעכטליכע גאראנטיען אין א פרייען קאנסטיטוציאנעלען אדער דע־מאקראטישען שטאאט. און וואו דאס איז ווייניג (אך! אפילו אין דעם דעמאקראטישען שטאאט קאנען א מאל פאסירען עולות בנוגע צו אידען), קאן מען שטילערהייד צולעגען א ביסעל נייארטיגע שתדלנות ביי די ליבעראלע און פרייהייטליכע פארטייען.

על־כל־פנים, האט די אסימילאטארישע וועלט אן אויסגע־פראוועטע רעצעפט, ווי אזוי צו ערלאבערן פאר אונז די אונז נויטיגע „איידעלע בעהאנדלונג". ער בעשטעהט פון „עמאנסיפאציע" און „אסימילאציע". דאס זענען די צוויי צוויבער־ווערטער, מיט וועלכע האפט צו פערענטפערן די אנגעוועהטיגטע אידישע פראגע.

אבער מיט אזא פעראיינפאכטען, — איך וואלט געזאגט: סימפלפעלטען, — בליק אויף די אינטערעסען פון דעם אידישען פאלק איז באמת ניט שווער צו פערענטפערן די שאלה, מיט וועמען צו האלטען אין דעם איצטיגען קריעג.

וואו איז געבליבען געווארען דער געדאנק, אז דאס אידישע פאלק איז ניט קיין פאלק, נאר קינדער פון א בעשטימטען גלויבען? — אין דייטשלאנד!

וואו ווערט די אידישע שפּראַך פערשוואונדען פאַר דער דייטשער, ווי דער טוי פאַר די שטראַהלען פון דער זון? — אין דייטשלאַנד!

וואו זענען די גלענצענדסטע שלאַכטען געשלאַגען געוואָרען צוליעב דער „עמאַנסיפּאַציע“? — ווידער אין דייטשלאַנד!

וואו האָבען די אָרדען זי אויסגעקעמפט כמעט ביז גאָר קליינע רעסטען? — אין דייטשלאַנד! אין דייטשלאַנד!

ווער זאָגט אונז איצטער צו די שעהנסטע, די פיינסטע, די איידעלסטע בעהאַנדלונג? און וועמען פון אַלעמען, וואָס זאָגען אונז עפּעס צו, האָבען מיר א רעכט צו גלויבען מעהר פון אַלעמען? — דער־זועלבינער ענטפער, נאָך א מאָל און נאָך א מאָל: דייטשלאַנד!

האָט מען דאָ א סך וואָס צו טראַכטען, וואו איז אונזער צד?

30סטער נאָוועמבער, 1914.

---

# דער נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווער דור

די אַלטע אידישע וועלט זעהט די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק נאָר אין די רעכט צו פיהרען האַנדעל און אין דער זיכערקייט און דעם שוץ, וואָס די רעגיערונג און דאָס עפענטליכע לעבען דאַרפען גאַראַנטירען דעם אידען.

די אויפגעקלערטע אידישע וועלט, וואָס האָט ניך געוואונען דעם זיעג איבער דער אָרטאָדאָקסיע און איז געוואָרען דער פיהרער פון דעם אידישען לעבען אין רוסלאַנד אין די זיעבעציגער און אכטציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט, האָט א ביסעל א ברייטערען קוק אויף די אינטערעסען וואָס מיר האָבען צו פערטיידיגען אין די גלות־לענדער. אָבער אויך איהר פּראָגראַם איז ניט מי יודע ווי טיעף און ברייט. „עמאַנסיפּאַציע“, „אַסימילאַציע“ און „קאָנסטיטוציע“, — דאָס זענען איהרע פאָדערונגען, ניט חלילה פאַר דאָס אידישע פאָלק, וועמעס נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ זי לייקענט לגמרי אָב, נאָר פאַר די אנהענגער פון דער „מאָזאַישער קאָנפעסיאָן“, פאַר די „בני דת־משה“, אויף וויפיעל זיי זענען נאָך

ניט „עמאַנסיפּירט“, נאָך ניט „אַסימילירט“, אָדער אויף וויפיעל זייער פּאַקטישע לאַגע שטימט נאָך ניט אין אַלע פּרטים צונויף מיט דעם, ווי זי וואָלט בעדאַרפט זיין אין אַן עהרליכען פריי־הייטליכען, קאָנסטיטוציאָנעלען רעזשים.

אָבער אויך די אַסימילאַטאָרישע ריכטונג האָט שוין דערלעבט איהר אייגענעם גזלן, וואָס וויל מאַכען אַ תל פון איהר הערשאַפט איבער דעם אידישען לעבען, ווי זי אַליין האָט אַמאָל צובראָכען די איבערמאַכט פון דער אַלטער וועלט: עס איז אויסגעוואַקסען די אינגסטע ריכטונג פון דעם אידישען עפענטליכען געדאַנק, דער מאָדערנער אידישער נאַציאָנאַליזם.

מען בעמערקט אָפט אין דער מענשליכער געשיכטע, — ווי דאָס האָט העגעל צום ערשטען מאָל אויפגעוויזען, — אַז דער דריטער פּעריאָד אין דער ענטוויקלונג פון אַ וועלכען עס איז ענין, איז ניט נאָר אַן אָבלייקענונג פון די צוויי פריהערדיגע פּעריאָדען, נאָר אין דערהעלבער צייט אויך אַ צוריק־קעהר צו דעם ערשטען פּעריאָד און אַ פעראייניגונג פון זיינע גרונד־פּרינציפּען מיט די פּראָגרעסיווע רעזולטאַטען, וואָס זענען אויסגעאַרבייט געוואָרען אין דעם צווייטען פּעריאָד.

אויך דער מאָדערנער אידישער נאַציאָנאַליזם איז אין תוך אריין אַזאַ סינטעז פון די צוויי פריהערדיגע עפּאָכען. פון דעם פרום־נאַציאָנאַלען דור נעהמט ער איבער דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט, פון דעם פּראָגרעסיוו־אַסימילאַטאָרישען — דעם גרונד־פּרינציפּ פון פּראָגרעס און אויף די צוויי יסודות בויט ער אויף זיין נייע וועלט־אַנשויאונג און פּראָגראַם, — דאָס פּראָגראַם און די וועלט־אַנשויאונג פון דעם פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם.

דער נייער פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלער דור איז, לויט די גרונד־פּרינציפּען פון זיין פּראָגראַם, ווי מען זעהט, אַ כשר קינד פון די צוויי פערגאַנגענע פּעריאָדען; לויט זיינע פּראַקטישע פאָדערונגען פיהרט ער זיך אָבער נאָר ניט ווי אַ כשר קינד, נאָר ווי אַ רעוואָלוציאָנערער בן סורר ומורה.

אין קיין איינציגען וויכטיגען פּונקט קאָן ער ניט געהן האַנד־אין־האַנד ניט מיט דער פרום־נאַציאָנאַלער, ניט מיט דער פּראָגרעסיוו־אַסימילאַטאָרישער וועלט.

ער איז געווים ניט ווייניגער נאַציאָנאַל אין זיין פיהלען און טראַכטען, איידער דער פרומסטער איד. אָבער ווייל די פרומע וועלט בויט דאָס נאַציאָנאַלע לעבען פון'ם פאָלק נאָר אין דער פאָרם פון א רעליגיעזען לעבען, ווייל זי קאָן זיך נישט פאָרשטעלען אַן אנדער נאַציאָנאַל־אידישע עקזיסטענץ, סיידען א רעליגיעז־איר־דישע, מוז דער נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווער דור, וועמעס גאַנצער שטרעבען עס איז אַוועקצושטעלען דעם קיום הלאום אויף ריין־וועלטליכע יסודות, בעקעמפען די אַלטע וועלט אויף יעדען שריט און טריט.

ער איז אויך געווים ניט ווייניגער פּראָגרעסיוו, איידער דער אַסימילאַטאָר, און די אייראָפּעאישע אַלגעמיין־מענשליכע קולטור איז איהם ניט ווייניגער טייער, איידער יענעם. אָבער דער אַסי־מילאַטאָר קאָן זיך ניט פאָרשטעלען קיין אנדער אייראָפּעאישע קול־טור, א־חוץ יענע פאָרמען, וועלכע ער געפינט פאַרטיגע ביי די פּראָגרעסיווע פעלקער פון דעם אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישען קול־טור־קרייז. „לעבען פּראָגרעסיוו" הייסט דעריבער ביי איהם: צו־נויפגיסען זיך מיט דעם קולטור־לעבען פון יענעם פאָלק, צווישען וועלכען די אידען וואוינען. דער נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווער דור קעמפט אָבער פאַר אַן אייגענע אידישע פאָרם פון דער אַלגעמיין־אייראָפּעאישער קולטור און ממילא מוזען זיי, — דער פּראָגרעסי־ווער נאַציאָנאַליסט און דער אַסימילאַטאָר, — זיך תיכף פונאַנ־דערשפּרינגען, ווי שונאים, ווי נאָר זיי טרעטען צו צו א וועלכער עס איז געמיינזאַמער פּראָגרעסיווער ארבייט.

טרויעריגע קווי־פּראָ־קוואָ'ס וואַקסען אַפטמאָל ארויס פון אַזא לאַגע.

כל זמן דער פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלער דור אַטאַקירט די צענ־טראַל־פעסטונג פון דעם אַסימילאַטאָרישען לאַגער, דעם אידעאַל פון אַסימילאַציע, כל זמן ער קעמפט אַזוי היים און ערנסט פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק, יובעלט די אַלטע וועלט פון שמחה און וואַרעמט איהרע צופראָרענע הענד פאַר יענע פייערן, וועלכע די יוגענד האָט אָנגעצונדען צוליעב דעם „קיום הלאום". „ענדליך־ענדליך איז ער געקומען, דער גזלן אויף

מיין גזלן!" טראַכט זי מיט פרייד. „ענדליך האָבען מיינע קינ־דער זיך ווידער אומגעקעהרט אהיים, צו מ י ר!"

אָבער ווען איהרע קינדער קומען צוריק אהיים, לוסטיגע פון קאמף און נצחון, און הויבען אָן באמת צו בויען דעם „קיום הלאום", ווי זיי פערשטעהען, אזוי ענטפּלעקט ערשט די אַלטע וועלט, ווי עס זעהט אויס דער אמת'ער פּנים פון איהרע בעשיצער און פּאַרקעמפער. ניט ווייטער בויען ווילען זיי, נאָר איבערבויען; ניט פעררעכטען דעם „בדק הבית", נאָר צורייסען דאָס צופוילטע געביי פון אונטען ביז ארויף און אויפשטעלען אַ נייעם בנין אויף דעם זעלביגען געזונדען און פעסטען פונדאַמענט.

אַ פערציטערטע, אַ דערשלאָגענע גיט זיך אַ וואַרף צוריק די אַלטע וועלט פון דעם יונגען דור, און ווינשט איהם פון גאַנצען פערביטערטען הארצען, ער זאָל בעסער האָבען אויסגערונען אין זיין מוטערס טראַכט, איידער ער האָט דערלעבט די ליכטיגע שיין.

און ווען דער אסימילאַטאָרישער דור זעהט, ווי די נייע יונגענד שטעלט אָן איהרע הארמאַטען אויף דאָס אַלטע צופוילטע געביי און בעלאַגערט אַלע הייליגע פעסטונגען פון דער אַלטער וועלט אין דעם נאָמען פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס, דערלעבט ער נחת אָן זיינע קינדער. ער פיהלט, אַז זיי זיינען בלוט פון זיין בלוט און מאַרך פון זיין מאַרך, און האָפט, אַז זיי וועלען דערענ־דיגען דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבען: פערוואַנדלען דאָס גאַנצע אידישע לעבען אין אַ הויפען פון שוט, איבערלאָזען עס צו דער מאַכט פון ווינד און וועטער, און אַליין אַנטלויפען צו די געביל־דעטע שכנים.

אָבער קוים בעמערקט ער, אַז דער יונגער דור בעגוגענט זיך ניט מיט צושטערען דאָס אַלטע; אַז דעם אָנגעוואָרפענעם בארג פון שוט רוימט ער אָב; אַז אונטער די אראָבגעטראָגענע חורבות גע־פינט ער אויס און רייניגט אָב דעם אַלטען געזונטען נאַציאָנאַלען פונדאַמענט און הויבט תיכף אָן בויען אויף איהם זיין מאָדערנעם שטאָלצען נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווען בנין, — אזוי פערליערט דער אסימילאַטאָר די געדולד. „רעטאָגראַדען! שאָוויניסטען!" — שרייט ער אין פערצווייפלונג, און אַ האָגעל פון קללות און זלזולים

הױבט זיך אָן צו שיטען אױף די קעפּ פון די פּראָגרעסיװ־נאַציאָנאַלע.

אױב — בעת על פּי טהעאָריע האָט בעדאַרפט אױסקומען, אַז דער דריטער דור זאָל זײַן װי יענס פרום קעלבעלע, װאָס זױגט צװײ מוטערס, צװינגט איהם די פּראַקטישע ארבײט צו װערען א מין „ידו בכל“, װאָס קען א שרים ניט טהאָן אין דער װירקליכער אַרבײט, װאו ער זאָל אײנעם ניט ארױפטרעטען אױפ׳ן פוס און ניט ארױסרופען א העפטיגען קאַמף אַנטקעגען זיך פון דער גאַנצער אידישער פערגאַנגענהײט, דער פרומער אזױ גוט װי דער פּראָגרעסיװער.

יע, נאָך מעהר! װאָס ענערגישער דער יונגער דור געהט אָן מיט זײַן ארבײט, אַלץ שװערער װערט איהם, אױסצושפּיעלען אײן צד פון די אַלטע שונאים אנטקעגען דעם אַנדערען, אױסצונוצען די כוחות פון דעם אלטען דור אין דעם קאַמף אנטקעגען אסימילאַציע און די ענערגיע פון דער פּראָגרעסיװער ארמעע אַנטקעגען דער פערגליװערטער פרומקײט.

אַ דאַנק דעם קאַמף, װאָס די בײדע אָבגעלעבטע פּאַרטײען פיהרען מיט דעם נײעם פײנד, װערען זײ נעהענטער אײנע צו דער אַנדערער. עס איז אַ מערקװירדיגער פאַקט, אַז די אלטע שנאה צװישען דעם נאַציאָנאַל־פרומען אידען און דעם פּראָגרעסיװען אסימיליאַטאָר הױבט אָן צו פערבלאַסען אין דער לעצטער צײט, און יעדער, װאָס קוקט מיט אָפענע אױגען ארום זיך, קאָן בעמערקען אין דעם לעבען ערשײנונגען, װאָס בעװײזען דאָס גענוג קלאָר.

אַלטע אידען װעלען בעסער לײענען א סאָציאַליסטיש־אסימיליאַטאָרישע צײטונג אײדער א נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע. „מיט די“, זאָגען זײ, „װײסען מיר, לכל הפחות, װאו מיר האַלטען אין דער װעלט. איז אײנער א סאָציאַליסט, זאָל ער אונז ניט דרעהען דעם קאָפּ מיט אידשקײט“...

צוריק הױבט אָן דער אסימיליאַטאָר א סך מעהר הנאה האָבען פון דעם פרומען שוהל־אידען, אײדער פון דעם נאַציאָנאַלען אפּיקורס, װײל יענער קאָן איהם שױן מעהר ניט שטערען אין זײַן ארבײט און איז שױן מרוצה איבערצונעהמען די פרעמדע קולטור מיט דער פרעמדער שפּראַך און דעם פרעמדען ארט לעבען, ד. ה.,

אויסערליך זיך אין גאנצען צו אסימילירען, מיט דעם תנאי, פערשטעהט זיך, אז די „יהדות" זאל דערביי א ברעקעל יט ליידען.

און אויף אזא'ן אופן בעוואפענט זיך די גאנצע אידישע פערגאנגענהייט, מיט אלע איהרע עלעמענטען, צוליעב דעם קאמף אנטקעגען דעם נאציאנאל־פראגרעסיווען דור.

אבער דאס קאן איהם ניט אבשרעקען פון זיין היסטארישער מיסיע. ער ווייס, אז די געשיכטע פון דעם אידישען פאלק האט איהם אוועקגעשטעלט אויף דעם עהרענפולען פלאץ פון דעם „דריטען פעריאד" אין אונזער גלות־לעבען, — א פעריאד, וואס דארף מאכען אן ענד צו די שרעקען און פלאגען פון אונזער ביז איצטיגער עקזיסטענץ. ער ווייס, אז די געשיכטע האט איהם פערטרויט א פעראנטווארטליכע ארבייט, און ער מוז איהר בלייבען געטריי, ווי העפטיג עס זאל ניט ברויזען דער קאמף אנטקעגען איהם פון רעכטס און לינקס.

און אין דעם ליכט פון זיין נייעם שטאנדפונקט און זיין רעוואלוציאנערער ארבייט פערטיידיגט ער פאר דעם אידישען פאלק א גאנץ נייעם בליק אויף די אינטערעסען פון דעם אידישען פאלק.

.1914 ,3טער דעצעמבער

---

# די דריי גראציעס

„טרי גהאציאי סטשיטאלים וו דרעווניעם מיריע", — „דריי גראציעס זיינען געוועזען אין דער אלטער וועלט"...

איך געדיינק שוין ניט, פון וועלכען רוסישען דיכטער מיר באמבעלט זיך איצטער דער פערז אין זכרון. אבער באמבלען זיך טהוט ער, הפנים, דערפאר, ווייל איך האב אין דער לעצטער צייט אזוי אפט געטראכט וועגען די דריי גראציעס, וואס האבען פערשטריקט אין זייער חן דאס הארץ און דעם געדאנק פון דעם אידישען אסימילאטאר.

און דער נאמען פון דער ערשטער גראציע איז „אסימילאציע".

און דער נאָמען פון דער צווייטער איז „עמאַנסיפּאַציע“. און פון דער דריטער איז דער נאָמען „קאָנסטיטוציע“.

עס האָט גענוג געקאָסט מיה דעם יונגען, נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווען דור, ביז ער האָט אינגאַנצען אָראָבגעטרייסעלט פון זיך דעם כשוף פון דער ערשטער און האָט אריין געבראַכט אין ריכטיגע גרעניצען דעם ווערטה פון דער צווייטער און דריטער.

אין דעם קאַמף אַנטקעגען דעם אַסימיליאַטאָרישען אידעאַל האָט די יונגע נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע פּובליציסטיק ארויסגעבראַכט אויף קלאָר, סיי די היסטאָרישע אורזאַכען, וואָס האָבען ארויסגערופען יענעם אידעאַל אין לעבען, סיי די גרויסע קולטורעלע מיסיע, וועלכע ער האָט אין זיין צייט דורכגעפיהרט ביי דעם אידישען פאָלק, סאַי ענדליך די מאָטיוען, פאַרוואָס די וויטערדיגע ענטוויקלונג פון דעם עפענטליכען אידישען געדאַנק האָט געמוזט פיהרען צו דעם באַנקראָט פון די אַסימילאַטאָרישע גרונד־פּרינציפּען.

איך וויל דאָ בקיצור איבערגעבען די וויכטיגסטע רעזולטאַטען, וועלכע אונזער פּובליציסטיק האָט דערגרייכט אין איהר קריטיק פון אונזערע „דריי גראַציעס“. *)

די „אַסימילאַציע“ איז צו אונז געקומען אין דער געשטאַלט פון אַ צויבער־פעע, מיט גלענצענדע, בערוישענדע צוזאָגען, און ביי יעדען וואָרט איהרען האָבען זיך פּערעל געשאָטען פון איהר מויל.

זי האָט אונז מיט אַ וויסענשאַפטליכער פּינקטליכקייט פערזיכערט, אַז די אייביגע שנאה צו אונז פון די פעלקער אַרום וועט פערשווינדען, ווי נאָר מיר וועלען זיך אָבזאָגען פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און זיך בעטראַכטען, ווי קינדער פון יענע פעלקער, צווישען וועלכע מיר וואוינען; אַז דער נידעריגער, שפּל'ער קולטור־מעמד אונזערער וועט זיך מוזען אַ הויב טהאָן אין דער הויך, ווי נאָר די קינדער פון אונזער פאָלק וועלען צושטעהן מיט'ן גאַנצען הארצען צו דער פרעמדער קולטור; אַז דער פערהויקערטער, אין דרייען צונויפגעדרעהטער, אין גלות פערשקלאַפּטער מהות מענש, דער אידישער, וועט זיך

*) זעה וועגען דעם באריכות מיין ארבייט: „די אַסימילאַציע, וואָס זי זאָגט צו און וואָס זי גיט“.

אויסגלייכען אין זיין גאַנצער שטאָלצער מענשליכער גרויס, ווי נאָר מיר וועלען אויפהערען צו גלויבען, אז מיר זיינען אין גלות, ווי נאָר מיר וועלען ארויס פון אונזערע ענגע פינסטערע פיער ווינקעלעך און, ווי גלייכע מיט גלייכע, אָנהויבען קעמפען פאַר אונזער ווערטה און בעדייטונג אין דעם עפענטליכען לעבען.

וואָס האָט זיך, נאָך פינף פערטעל יאָהרהונדערט פון דער אסימיליאַטאָרישער ווירקליכקייט, אויסגעלאָזען פון די אַלע צוזאָגען?

דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ דאַנק דער אסימילאַציע ניט פערשוואונדען, נאָר איז, אדרבה, געוואָרען פערשטאַרקט אומעדום אין דערזעלבער מאָס, אין וועלכער די אסימילירטע טיילען פון דעם אידישען פאָלק זענען אריינגעדרונגען אין דער פרעמדער וועלט. און אַנדערש האָט דאָס ניט געקאָנט זיין.

דער אַנטיסעמיטיזם איז ניט נאָר די רעליגיעזע שנאה פון דעם קריסט צו דעם איזראַעליט: געשמד'טע אידען האָט מען אַקוראַט אַזוי פיינד, ווי ניט געשמד'טע: ניט נאָר דער קאָנקורענץקאַמף פון איין עקאָנאָמישער גרופּע אַנטקעגען דער אַנדערער: עס קעמפען עקאָנאָמישע גרופּען פון איין פאָלק צווישען זיך און דערפון וואַקסען ניט ארויס קיין נאַציאָנאַלע בעוועגונגען. דער אַנטיסעמיטיזם איז אין תוך ארייַן אַ נאַציאָנאַלע בעוועגונג, אַ נאַציאָנאַלער פּראָטעסט פון אַ פאָלק, אין וועמען די קינדער פון אַן אַנדער פאָלק — פון דעם אידישען, — זיינען אריינגעדרונגען און האָבען פערנומען די פאַרטיילהאַפטעסטע פּלעצער.

עס איז דאָ ניט די פראַגע, צו די אידען האָבען אַ רעכט אויף יענע פּלעצער און צו איז דער אַנטיסעמיטישער פּראָטעסט אַ יושר אָדער אַן עולה. מיר האָבען דאָ צו טהאָן מיט פאַקטען. די פאַקטען אָבער דערצעהלען אונז אין זייער האַרטען, קאַלטען און שאַרפען טאָן, אַז ביז דער צייט פון דער אסימילאַציע האָט דער אַנטיסעמיטיזם זיך געשפּייזט, דער עיקר, נאָר מיט יענער קנאה־שנאה, וואָס האָט געהערשט ביי די פאָלקס־מאַסען און ביי דעם האַנדעלסקלאַס פון דעם נים־אידישען פאָלק, בעת די קולטורעלע אינטעליגענטע פּראָפעסיעס האָבען אַ לאַנגע צייט דוקא געהאַלטען דעם אַ־רענט צד; און אַז ערשט מיט דעם פאַרשרייטע פון דער אסימי־

נאַציע זענען אויך די קולטורעלע און אינטעליגענטע קלאַסען, — די שאַפערס פון דער עפענטליכער מיינונג, — אַנגעצונדען געוואָרען מיט דער זעלביגער קנאה־שנאה, ווייל דער אַסימילירטער איד איז זיי אַרויפגעקראָכען אויפ׳ן קאָפּ.

די אַסימילאַציע האָט געמוזט רייכער מאַכען די קוועלען פון דעם אַנטיסעמיטיזם. און עס איז דעריבער קלאָר, אַז אויב די אַסימילאַציע זאָל זיין די בעסטע סגולה אַנטקעגען אַנטיסעמיטיזם, איז יעמאָלט ברען־אויל דער בעסטער לעש־מיטעל אין אַ שרפה.

ניט ווייניגער געראָטען איז אויך די ווירקונג פון דער אַסימילאַציע אויף דעם מעמד פון קולטור ביי דעם אידישען פאָלק. די קולטורעל אָבגעשטאַנענסטע מאַסען פון דעם אידישען פאָלק, פערגליווערט אין זייערע אַבערגלויבענס און רעליגיעזע מנהגים, אָפטמאָל נאָר פון דרויסען בעפאַרבט אין אַן אייראָפּעאישען קאָליר, געפינען מיר דוקא אין יענע לענדער, וואו די אידישע אינטעליגענץ האָט זיך שוין אין גאַנצען אָדער אין דער מעהר־צאָהל אָבגעריסען פונ׳ם פאָלק און האָט זיך אַסימילירט מיט דער קולטורעלער פרעמד: אין האָלאַנד, פראַנקרייך, גאַליציען, פוילען. די דערקלערונג איז אַ פשוט׳ע. קולטור איז אַ פלאַנץ, אַרום וועלכער מען דאַרף אַרומגעהן, זי זאָל קאָנען וואַקסען. אָהן קולטור־שאַפער און קולטור־טרעגער קאָן ניט זיין קיין קולטור. לאָזט איהר אָבער דער אַסימילאַציע, זי זאָל צונעהמען די קולטור־שאַפער און די קולטור־טרעגער פונ׳ם פאָלק, אַזוי פער׳משפט איהר זיין קולטור אויף אַן אייביגען שטילשטאַנד.

און דער מהות מענש, וועלכען די אַסימילאַציע האָט בעשאַפען! — איך רייד דאָ נאַטירליך ניט וועגען איינציגע וועניגע אויסנאַהמען, נאָר וועגען דעם דרך כלל פון דעם אַסימילירטען אידען, וואָס דאַרף זיך מאַכען אַ וועג אין דעם פרעמדען לעבען מיט דער הילף פון יענעם אינווענינגסטען שקר, אַז ער איז ניט דאָס, וואָס ער איז. אַ גאַנץ גרויסען פראָצענט פון מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם דאַרף מען אוועקשטעלען אויף דעם חשבון פון יענער פעראַכטונג, וואָס יעדער נאַטירליכער מענש מוז שפירען צו יעדען קריכער און חניפה׳דיגען נאָכמאַכער, וואָס ליי׳קנט שטיין און ביין, אַז זיין פאָלק איז אַ פאָלק.

און ווען אַט די אַלע פאַקטען זענען אין זייערע כללים און פּרטים, אויפגעשטאַנען פאַר די אויגען פון דעם נייעם דור, איז פערשוואונדען געוואָרען פון איהם די פערבלענדעניש. ער האָט דערזעהן די „גראַציע“ אין איהר ריכטיגער געשטאַלט: ניט קיין יונגע פעע איז געשטאַנען פאַר איהם, נאָר אַן אַלטע מכשפה, און ניט קיין פערל האָבען זיך געשאָטען פון איהר מויל, נאָר גרינע ווערים. און ער האָט דערשפירט מיט אַלע זיינע חושים, אַז עס קאָן ניט זיין קיין ישועה פאַר דעם אידישען פאָלק, וואו די מכשפה וועט ניט פערטריבען ווערען פון זיין לעבען.

גאַנץ אַנדערש, פערשטעהט זיך, מוזען מיר זיך שטעלען צו די צוויי אַנדערע אַבגעטער, פאַר וועלכע די אַסימלירטע וועלט האָט אויפגעבויט איהרע מזבחות און הערט ניט אויף מקטיר צו זיין איהרע קטורת: דער בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג און דער פּאָליטישער פרייהייט פון דעם לאַנד.

דער נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווער דור קעמפט פאַר דער בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג, פאַר דער „עמאַנסיפּאַציע“ פון דעם אידישען פאָלק מיט ניט קיין קלענערער ענערגיע, איידער די אַסימיליאַטאָרען, אָבער ניט דערפאַר, וואָס ער זעהט אין איהר דעם ענטפער אויף דער אידישער פראַגע. אין דער אמת'ן האָט די בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג ערגעץ אין איראָפּאַ ניט פערענטפערט די פראַגע אפילו אין יענעם ענגען זין פון דעם וואָרט, וועלכען זי האָט אין דער וועלט־אַנשויאונג פון דעם אַסימיליאַטאָר. זי האָט אפילו ניט געבראַכט מיט זיך דאָס, וואָס מען האָט פון איהר קודם כל דער־וואַרט: די צושטרייאונג פון דעם אידישען פאָלק איבער'ן גאַנצען לאַנד און די פערלייכטערונג פאַר איהם צו געפינען אַ מקור פרנסה.

גיט אַ קוק אויף האָלאַנד, — דאָס עלטסטע לאַנד פון בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג און אַסימיליאַציע. פון די הונדערט טויזענד האָלענדישע אידען לעבט נאָך עד היום די גרעסטע מאַיאָריטעט אין די צוויי געטאָס פון אַמסטערדאַם און ראָטערדאַם און לעבט אין אַזאַ דחקות, אין אַזאַ שמוץ, אין אַזאַ אַבגעלאָזענקייט, אַז העס־טער סטריט איז אַ גן־עדן לגבי דעם אידישען אַסימילירטען געטאָ פון האָלאַנד. גיט אַ קוק אויף גאַליציען. האָט דאָרטען די גלייכ־בערעכטיגונג ארויסגעצויגען די אידען פון די שטעדט און די

דר. ח. זשיטלאווסקי

שטערטלעך און זיי פערשפרייט איבער גאנץ עסטרייך? איז דאָר־טען דער עקאָנאָמישער מעמד פון די מאסען אויף א האר געבע־סערט געוואָרען, א דאנק דער עמאנסיפאציע? זיינען דאָרטען די אידען וועניגער צונויפגעשטיקט איידער אין דער רוסישער משער־טא?

פאר וואָס איז דאָס אזוי? — געהט, פרעגט א פאָלק, פאר וואָס ער וויל ניט צופיצעלט ווערען אויף שטיקלעך, פאר וואָס ער וויל וואוינען דוקא צווישען אייגענע און ניט צווישען פרעמדע!...

אויב ווער עס איז האָט געוואונען פון דער עמאנסיפאציע, איז דאָס ניט די מאסע, נאָר די מיטעלערע און גרעסערע סוחרים, די גרויסע, מיטעלע, קליינע און מיקראָביש־קלייניגקע אינטעלי־גענטען, ד. ה. די שיכטען, וואָס פארשטעלען מיט זיך דאָס גאנצע פאָלק און פילדערן אויף אלע גאס־ווינקלען מיט גדלות, אז זייערע אינטערעסען זיינען די אינטערעסען פון דעם גאנצען פאָלק.

און פון דעסטוועגען קעמפען מיר פאר דער עמאנסיפאציע. מיר טהוען דאָס אוים קיין אנדער גרונד ווי נאָר מחמת דעם, ווייל מיר זענען מענשען, און קיין מענשליך רעכט אונזערער טאָהר ניט נעקרימט ווערען אויף א האר; ווייל אין דער בענרעני־צונג פון אונזערע רעכט ליענט א בעליידיגונג פאר אונזער כבוד, א דערנידערונג פון אונזער ווערדע, און אונזער מענשליכע ווערדע דארף אונז זיין טהייערער, איידער אונזער טעגליך ברויט!...

נאָך וויכטיגער פאר אונז איז דער אידעאל פון פאָליטישער פרייהייט פאר דאָס לאנד, אין וועלכען מיר וואוינען, אבער אויך אין איהר זעהען מיר נים די גאולה שלמה פון דעם אידישען פאָלק. די אידישע ארבייטערשאפט האָט טייכענווייז פערגאָסען איהר בלוט אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאמף פאר פרייהייט נים צוליעב דעם, אז אידישע הענדלער זאָלען מעגען וואוינען אין מאָסקווע. דער קאמף פאר פרייהייט איז קודם כל געוועזען א קאמף פאר מענשליכע רעכט און דערצו איז די פאָליטישע פרייהייט א נויטינער פאָרבעדינג, א קאָנדיציאָ־סינע־קווא פאר דעם ווייטערדיגען קאמף צוליעב די עקאָנאָמישע, קולטורעלע, סאָציאלע און נאציאָנאלע נויטען פון די אידישע פאָלקס־מאסען.

אַט אין דער פערענטפערונג פון די נויטען, אין דער רעוואָלוציאָניזירונג פון דעם גאַנצען אידישען לעבען, אין דער ווידערגעבורט פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק אויף די יסודות פון אַ פּראָגרעסיווער אייראָפּעאישער קולטור אין אַן אייגענער אידישער פאָרם, — אַט דאָ ליעגט דער שליסעל פון דער אידישער גאולה. נאָר אויף דעם שטאַנדפונקט דאַרף מען זיך שטעלען, ווען מען וויל רעדען וועגען דעם קריעג און די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק, און האָט מען דעם שטאַנדפונקט אין זין, ווערט מען שוין ניט נתפעל פון די דריי בלאָנדע גראַציעס, וועלכע דער דייטשער זיעג וועט אונז ברייננען במתנה. דער נאַציאָנאַל פּראָגרעסיווער דור דאַרף זיך קודם כל שטעלען די פראַגע:

— אויף דעם חשבון פון וועלכע רעאַלע אָנגעוועהטיגטע לעבענס-נויטען וועלען די דאָזיגע דריי שעהנקייטען לעבען ביי דעם אידישען פאָלק?

9טער דעצעמבער, 1914.

---

# אַ פאָלק פון „מעשים טובים"

מאָלט אייך אויס, אַז ערגעץ־וואו אויף אַ גרויסען לעדיגען פלאַץ אויף דער ערד, — לאָז זיין אין דעם מדבר סאַהאַראַ, — פיהרען אַלע יאָהר צונויף אַלע פעלקער פון דער וועלט אַלע פּראָדוקטען, וואָס זיי האָבען בעשאַפען: די לאָקאָמאָטיווען, און די אויטאָמאָבילען, און די הויפטלעך קרויט, און די קעפלעך סאַלאַט, און די ביכער, און די וויסענשאַפטליכע אינסטרומענטען, און די אייזערנע שינעס, וואָס ווערען געלעגט אויף דער ערד, און אפילו די לאַטעס, וואָס ווערען געלעגט אויף די שיך: אַז אויף גרויסע טאַבעלען בעוויזט אַ חוץ דעם יעדעס פאָלק, וויפיעל קוואַדראַט־מיילען ערד עס האָט אויסגעאַקערט, וויפיעל שאָסעען און אייזענבאַהנען עס האָט אויפגעבויט און בכלל, וויפיעל מענשליכע פיזישע ארבייט עס האָט אויסגעגעבען דאָס יאָהר: אַז ערשט דערנאָך נעמט יעדעס פאָלק צוריק אַזוי פיעל פון זיינע פּראָדוקטען ווי-

פיעל עס וועט, לויט די איצטיגע עקאָנאָמישע געזעצען, פערברוי־
כען פאר זיך, און בייט אויס די איבעריגע פּראָדוקטען פון זיין אר־
בייט אויף די פּראָדוקטען פון דער פרעמד.

ווי גרויס וואָלט דערביי געווען דער פערנעהם פון דער אי־
דישער אַרבייט ? וואָס וואָלט געווען איהר אויסזעהן, איהר עקאָ־
נאָמישער ווערטה און בעדייט, לגבי דעם ווערטה פון דער ארבייט
פון יעדען אַנדער פאָלק, אויסגערעכענט פּראָ־קאָפּ פון דער בע־
פעלקערונג ?

מיר דוכט, איך מאַך ניט קיין גרויסען טעות, ווען איך זאָג,
אַז דער פערנעהם פון דער אידישער אַרבייט, — מיט אַלע איהרע
העמדלעך און מלבושים, מיט אַלע איהרע ביכער און בילדער, אפילו
מיט אַלע לאָטעס, וואָס אידישע הענד וועלען דארפען לעגען, —
וועט רעלאַטיוו אויסזעהן נאָך אָרימער, איידער די אַרבייט פון דעם
אָרעמסטען, ווילדעסטען פאָלק.

אפילו די ווערדאַהס פון ציילאָן, — דאָס נידריגסטע פאָלק
פון דער וועלט, — וואָס וואָלטען געקומען אויף אונזער וועלט־
מארק מיט דעם געווילד, דער׳הרג׳ט אין געיעג, און מיט זייערע
פרימיטיווע בויגענס און פיילען, וואָלטען פּראָפּאָרציאָנעל אויפגע־
וויזען א גרעסערען רעקאָרד אין מענשליכע פיזישע ארבייט, איידער
מיר, און אויב פון זייערע פּראָדוקטען וואָלטען זיי קיינעם גאָר־
נישט געקענט געבען, וואָלטען זיי דערפאַר אוועק צוריק, ביי קיי־
נעם גאָרנישט גענומען.

מיר אָבער וואָלטען אוועק פּין מארק מיט א היבשער פּאָרציע
פון פרעמדען פּראָדוקט, — א סך א גרעסערער, איידער דאָס וואָלט
בעקומען דאָס פאָלק מיט דעם גליקליכסטען וועלט־מארק־באַלאַנס.

די פעלקער גיבען אונז יאָהר־אויס, יאָהר־איין א געוויסען טייל
פון זייער האָב און גוטס ניט אין אויסבייט אנטקעגען אונזערע
פּראָדוקטען, נאָר, דער עיקר, פאר אונזערע מעשים טובים.

אונטער מעשים־טובים פערשטעה איך אַלע יענע טובות און
חסדים, וואָס דער ניט־ארבייטענדער טייל פון דער פּראָדוקטיווער
בעפעלקערונג טהוט מיט דעם אַרבייטענדען טהייל, כדי ער זאָל
קענען אַרויסברייננגען זיינע פּראָדוקטען, פערמעהרען זייער צאָהל
און כדי די פּראָדוקטען זאָלען קאָנען בעסער פונאנדערגעפיהרט

ווערען און צוזעשטעלט ווערען צו דעם, וואָס האָט אַ רעכט אויף זיי.

די מענשליכע ארבייט איז איצטער אַרומגערינגעלט מיט אַ געדיכטער נעץ פון חסדים און מיט אַ גרויסער מחנה פון בעלי־טובות, וואָס ציהען די נעץ. דער לענדלאָרד, וואָס גיט די ערד, דער אונטערנעהמער, וואָס אָרגאַניזירט און דירזשירט דעם אַרבייטס־פּראָצעס, דער קאַפּיטאַליסט, וואָס גיט דאָס געלד, דער גראָסיסט, וואָס נעהמט איבער דעם פּראָדוקט פון דעם פאַבריקאַנט, דער מיטעלער, דער קליינער און גאָר דער קלענסטער סוחר, וואָס העלפען פונאַנדערטהיילען די פּראָדוקטען צווישען די קאָנסומענטען, — זיי אַלע, — און נאָך אַ גאַנצער צעטעל פון עקאָנאָמישע און קולטורעלע טהוערם מוז צוגערעכענט ווערען צו זיי, — בעשעפטיגען זיך מיט מעשים־טובים, און גאָט בענשט זיי דערפאַר מיט פּרנסה. זייער אַלעמענס טהעטיגקייט רוף איך דערפאַר אָן „מעשים־טובים", ווייל דורך איהר ווערט ניט בעשאַפען קיין איין מינדסטער חלק פון אַ וועלכען עס איז מאַטעריעלען פּראָדוקט און ער ווערט ניט אַריבערגערוקט פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן, אפילו ניט אויף אַ שפּאַן. די מעשים טובים גיבען נאָר די מעגליכקייט דעם אַרבייטער צו שאַפען און צו טראַנספּאָרטירען אַל־דאָס־גוטס, אין וועלכער די מענשהייט נויטיגט זיך.

איך קאָן דאָ אין גאַנצען אַרויסלאָזען די גרויסע פּלוגתא צווישען דער בורזשואַזער און סאָציאַליסטישער טעאָריע וועגען דעם ווערטה און דער נויטווענדיגקייט פון די אַלע מעשים טובים. איך וויל נאָר בעמערקען, אַז פאַר מיר, ווי פאַר יעדען סאָציאַליסט, איז קיין ברעקעל ספק ניט, אַז נאָר אַ קליינער טהייל פון זיי, — די אָרגאַניזירענדע, דיריזשירענדע און די קולטורעלע טהעטיגקייט, — זיינען באמת סאָציאָלאָגיש נויטיג פאַר דעם געזעלשאַפטליכען אַרבייטס־פּראָצעס. דאָס רוב פון זיי, דער עיקר, דער קאַפּיטאַליסטישער מסחר און „חלוף", זיינען נאָר ה י ס ט אָ ר י ש נויטווענדיג, ד. ה. מען קאָן אָהן זיי ניט אויסקומען נאָר צו אַ בעשטימטער היסטאָרישער צייט.

אָבער דאָס גיבען דאָךביידע צדדים צו, אַז דער גאַנצער זין פון די מעשים טובים, זייער גאַנצער ווערטה בעשטעהט אין דעם,

וואָס זיי העלפען פערמעהרען די פּראָדוקטען פון דער מענשליכער אַרבייט און מאַכען לייכטער זייער פונאַנדערטהיילונג איבער דער גאַנצער ערד, — מיט אַנדערע ווערטער, — אַז דער עיקר זיינען די פּ ר אָ ד ו ק ט ע ן, ווייל לעבען לעבט מען נאָר מיט זיי; ווייל דאָס מענשליכע רייכטהום בעשטעהט נאָר פון זיי, און דער גאַנצער סכום פון די מעשים־טובים, — פון די נויטיגע און פון די ניט־נויטיגע, — איז ניט אַ צוגאָב צו דעם מענשליכען רייכטהום, נאָר אַן אָראָבנעהם פון איהם, ניט קיין הכנסה, נאָר אַ הוצאה, — אַ נויטיגע און גערעכטע אָדער אַ פערשווענדערישע און פערברעכערי־שע, — ווי איינער קוקט אויף דעם.

עס פערשטעהט זיך, אַז כל זמן די געזעלשאַפט האַלט די מעשים טובים פאַר אַ נויטיגע זאַך, דאַרף דער בעל־טובה בעקומען אַ חלק פון איהר רייכטהום. עס ליעגט דעריבער לחלוטין קיין ברע־קעל עולה ניט אין דעם, וואָס אידען בעקומען אַ סך מעהר פּראָ־דוקטען, איידער זיי פּראָדוצירען: די געזעלשאַפט האַלט אויס יענע בעלי־טובות, אין וועלכע זי נויטיגט זיך איצטער. און אויך דאָ וויל איך אַ סימן ניט אָבלייקענען, אַז דער אידישער בעל מעשים־טובים בעקומט אַ סך ווייניגער פון דער געזעלשאַפט, איי־דער דער ניט־אידישער אונטער די גלייכע אומשטענדען, און אַז אַלע אָנפאַלען אויף אונז פון די אַנטיסעמיטען אין דעם דאָזיגען פונקט זיינען ניט מעהר, ווי אַ פּראָדוקט פון קנאה און שנאה; אַז אַלע פערפאָלגונגען, וואָס מיר ליידען דורך, ווי אינדיווידועלע בעלי־מעשים־טובים, זיינען אַ צום־הימעל־שרייענדע אונגערעכטיג־קייט.

ווי איז אָבער, — און אין דערינען ליעגט אפשר די גאַנצע טראַגיק פון אונזער לאַגע, — ווי איז אָבער, אַז בשעת מיר קומען מיט אונזערע טענות צו דער מענשהייט גראָד ווען זי זיצט פאַר'ן וועב־שטוהל און וועבט א י ה ר געשיכטע, און וועבט אין איהר אריין ניט נאָר אונזערע מעשים־טובים, ניט נאָר דעם סכום פון פרעמדע פּראָדוקטען, וואָס מיר בעקומען פון זיי, נאָר אויך דעם נאָך גרעסערען סכום פון רציחות און שפיכת דמים, וואָס מען ניט אונז פאַר זיי, און מיר פרעגען ביי איהר: וואו איז דיין יושר? — ווי איז, זאָג איך, אַז זי טהוט אונז אַן ענטפער אַ שטייגער אַזוי:

„ווי אינדיווידוען זענט איהר גערעכט. דער אַ פּ י צ י ע ר
דרייפוס איז פער'משפּט געוואָרען אומזיסט־אומנישט. דער
פּ ר אָ פּ ע ס אָ ר עהרליך וואָלט אַ סך פריהער געקומען צו זיין
טיטול און זיין בעדייטונג, אויב ער וואָלט ניט געווען קיין איד.
און אזוי אויך דער פּ י ל אָ ס אָ ף בערגסאָן, און אזוי אויך
אייער איננסטער געניאַלער ג ע ל ע ר נ ט ע ר איינשטיין.
אפילו דער אידישער דאָרף־הענדלער איז, ווי אַן אינדיווידואום, אַ סך
אַ ניצליכערער ה ע נ ד ל ע ר, איידער קאָלופּאיעוו אָדער ראזואוואַ־
יעוו, און ס'איז אַ בלוטיגע עולה, וואָס מען טרייבט ארויס אַ ניצ־
ליכען הענדלער פון דאָרף צוליעב אַן ערגערן בלוט־זויגער.

„אָבער: ווער האָט אייך געזאָגט, אז איך רעכען זיך מיט
אינדיווידוען? איך, מענשהייט, קען ניט קיין איינצעלנע מענ־
שען, איך קען נאָר פּ ע ל ק ע ר. אלע איינצעלנע מענשען, גרויס
אָדער קליין, זענען ביי מיר קינדער פון אַ בעשטימטען פאָלק, און
דעם חשבון פיהר איך צווישען פאָלק און פאָלק. זייער הויפּט־
עובדא בעשטעהט ביי מיר אין ב ע ש א פ ע ן מ א ט ע־
ר י ע ל ע פּ ר אָ ד ו ק ט ע ן, און אָט דער פּראָצעס פון בעשאַ־
שאפען פּראָדוקטען איז דער ו ו י כ ט י ג ס ט ע ר פאַקטאָר, וואָס
בעשטימט די בעציהונגען צווישען פאָלק און פאָלק. אפילו וויל־
העלם דער צווייטער זאָגט אונז אויך, אז ער פיהרט דעם קריעג
צוליעב די אינטערעסען פון דער דייטשער א ר ב י י ט. און
דאָס זאָגען אלע, וואָס זענען איצטער בעטהייליגט אין קריעג.

„געוויס, דאָס זאָגט דער קלאַס פון מעשים־טובים. אָבער דאָס
וואָס ער זאָגט איז אמת. ער איז פּעראינטערעסירט אין דער פּי־
זישער ארבייט פון פאָלק, ווייל די פּראָדוקטען פון דער ארבייט
דאַרף ער נעהמען פאַר זיינע מעשים־טובים. דער סכסוך צווישען
דעם ארבייטער־קלאַס און דעם מעשים־טובים־קלאַס איז אַן אינ־
ווענינגסטער, עקאָנאָמישער קלאַסען־קאַמף, און דער יושר אין דעם
קאַמף ליגט אויף דער זייט פון דעם ארבייטער. דער סכסוך אָבער
צווישען אַ פּראָדוצירענדען פאָלק און אַ מעשים־טובים־ פאָלק איז
אַ נאציאָנאַלער, און דער יושר ליעגט אויף דער זייט פון דעם פּראָ־
דוצענטען־פאָלק.״

„פּרובט זיך אוועקשטעלען אויף דעם שטאַנדפּונקט מיינעם,

דעם שטאַנדפּונקט פון דער מענשליכער געשיכטע, אז דער רעכע־נונג ווערט געפיהרט צווישען פאָלק און פאָלק און אז די מאָס אין דעם רעכנונג איז דער אויסבייט פון פּראָדוקטען, פון פערקער־פערטע פיזישע ארבייט ! עס וועט אייך יעמאָלט לייכט זיין איינ־צוזעהן, אז אייער נאַציאָנאַלע לאַגע, — אַלע פערפאָלגונגען, וואָס איהר האָט אויסצושטעהן ווי אידען, — איז פונקט אַנגעמאָסטען אַן אייער עקאָנאָמישער ראָלע אין דעם פעלקער־לעבען. וויפיעל מאָס פרעמדע פּראָדוקטען איהר פיהרט אוועק אהיים פון דעם וועלט־מארק, פאַר אייערע מעשים־טובים, אזוי פיעל מאָס פרעמדע שנאה זאַמעלט איהר אויף אייערע קעפּ, אזוי פיעל מאָס בעליידיגונגען פאַלען אויף דעם נאָמען „איד“, אפילו ווען אפשר קיין איינציגער איינצעל־איד האָט דאָס ניט פערדיענט.

„יעדער גוי וועט אייך זאָגען, אז די איינצעל־אידען, וועלכע ער קען, זענען גאַנץ וואוילע מענשען, אָבער דאָס גאַנצע אידישע פאָלק איז א מיאוס׳ע אומה. און אין דערינען שטעקט א סך אמת. אידען, ווי מענשען צווישען מענשען, זענען ניט ערגער, איידער אַלע. „בעלי־טובות“ זענען דאָ ביי אַלעמען. אָבער אידען, ווי א פאָלק צווישען פעלקער, ווי א „מעשים־טובים“־פאָלק, איז, אין דער מענשליכער משפּחה פון פּראָדוצענטען־פעלקער, אן אַנאָרמאַ־ליטעט, וואָס ווערט בעשטראָפט.

„ ווילט איהר, דער מענשליכער יושר, דער פ ע ל ק ע ר־יושר זאָל זיין אויף אייער זייט, האָט איהר נאָר איין אויסוועג : זאַמעלט צונויף אַלע אייערע קרעפטען אויף דעם וויכטיגסטען פּראָבלעם פון אייער זיין, אויף דער ראַדיקאַלסטער רעוואָלוציע אין אייער לעבען : הערט אויף צו זיין א פאָלק פון מעשים־טובים און ווערט ווייעדער, ווי אין די צייטען פון אייער גלאָריע, א פאָלק פון פּראָדוצענטען“.

איך רעכען, אז די „מענשהייט“ רעדט דאָ צו דער זאַך...

13טען דעצעמבער, 1914.

# ככל הגוים!...

מיר דאַרפֿען אָנהויבען לעבען „ככל הגוים“, ווי אַלע פֿעלקער. יע, ככל הגוים...

מיר מוזען אויפֿהערען צו קוקען אויף זיך, ווי אויף אַ פֿאָלק פֿון מיוחסים, פֿון בעלי־מצוות און בעלי־מעשים־טובים, וואָס טראָגען זיך ארום מיט אַ וועלט־באַגליקענדער מיסיע פֿאַר דער מענשהייט. מיר מוזען געדענקען, אַז מיר האָבען נאָך ניט בעצאָהלט דער מענשהייט דעם עלעמענטאַרסטען חוב, וואָס זי האָט תמיד אַ רעכט צו פֿאָדערן פֿון אונז, — דעם חוב צו לעבען פֿון די פּראָדוקטען פֿון אונזערע אייגענע הענט, דירעקט, אָדער אינדירעקט דורך דעם אויסבייט אויף דעם אַנדערן׳ס פּראָדוקט.

מיר דאַרפֿען זעהן, אַז דער רעקאָרד פֿון אונזער פֿיזישער ארבייט זאָל אויף אַלע פֿעלדער פֿון דער מענשליכער פּראָדוקציע, — אין פֿעלד און בארג־בוי, מלאכה און אינדוסטריע, דערהויפּט אָבער אין אַקערבוי, זיין ניט ניעדעריגער, איידער דער רעקאָרד פֿון יעדען אַנדערען ציוויליזירטען פֿאָלק; אַז אונזער פֿאָלקס־אָרגאַניזם, וואָס בעשטעהט איצטער פֿון אַ הויפֿען מארך און אַ בינטעל אָדערן און נערוועז, צונויפֿגעפֿלאָכטען מיט פֿרעמדען מארך, פֿרעמדע אָדערן און נערוועז, דערנעהרט פֿון פֿרעמדען זאַפֿט, איינגעוואָרצעלט אין פֿרעמדע מוסקעלן, אויפֿגעהאַלטען פֿון אַ פֿרעמדען סקעלעט, זאָל בעקומען זיינע אייגענע מוסקעלן, זיין אייגענעם קנאָכען־געשטעל, זיין אייגענע דערנעהרענדע זאַפֿט.

ווייל אַז ניט וועלען מיר, ווי אַ פֿאָלק, בלייבען תמיד אַ בעל־חוב ביי דער מענשהייט, — מעג יעדער איינצעלנער פֿון אונז אויפֿטהאָן פֿאַר איהר הרים ונבעות, — און ווייל אין צווישען־פֿעלקערליכען לעבען ווערען די חובות אויפֿגעמאָהנט אויף אַ ברוטאַלען אופֿן און דער ניט־צאָהלער אָדער אפֿילו דער שלעכטער

צאָהלער בעקומט אָנצועהערעניסען אין דער פאָרם פון רדיפות, בע־
לײדיגונגען פון דעם פאָלקס־נאָמען און אָפּטמאָל דירעקטע בלוט־
פערגיעסונגען און שוידערליכע אויסשלאַכטונגען. דאָס פאָלק דער־
בעל־חוב מ ו ז ווען עס איז קומען צום שכל און זעהן אויסצו־
גלײכען דעם חשבון.

דאָס אידישע פאָלק הויבט איצטער אָן קומען צום שכל. מיט
געוואַלט רײסען זיך טײלען פון איהם צו פיזישער ארבײט אין
שטאָדט און אין דאָרף. און ווי אַלע מאָל אין אַזעלכע פעלען,
זעהט גיט דער אײנצעלנער יענע טיעפערע טרײב־קראַפט, וואָס
בעשטימט זײן ווילען, און וואָס ליעגט אַלע מאָל אין די אָנגע־
וואַקסענע נויטען פון דעם גרעסערען קאָלעקטיוו, צו וועמען ער
געהערט קודם כל, ד. ה. צו דעם קאָלעקטיוו פון זײן פאָלק.

אין דערינען בעשטעהט די ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר ע וו אָ־
ל ו צ י ע, וואָס קומט איצטער פאָר אין אונזער לעבען, וואָס
ארבײט זיך ארויס א י נ ס ט י נ ק ט י וו, אומבעוואוסט,
אין דעם שײן פון נאָר אײגענע אינדיווידועלע נויטען און זאָר־
גען. אָבער די רעוואָלוציע איז ווי יעדער בלינדער סטיכישער
געזעלשאַפטליכער פּראָצעס, דערווײלע ניט ביכולת צו זעהען ניט די
קרעפטען, וואָס ווירקען הינטער איהר, ניט די ענד־ציעלען, צו
וועלכע זי ווערט געטריעבען: אויך זי קאָן אין איהר בלינדקײט
זיך בעגרעניצען מיט צו א קלײנעם שטח אָדער אָנכאַפּען זיך ניט
פאַר די מיטלען, וואָס מען דאַרף, אָדער צוברעקלען זיך אין קלײ־
ניגקײטען און אויף אַזאַ'ן אופן ניט דערגרײכען דעם ציעל.

עס איז דעריבער אונזער חוב קלאָר צו מאַכען דעם פאָלק
דעם זין פון זײן אײגענעם שטרעבען און אָנווענדען אַלע כוחות, אז
דער ציעל פון דער רעוואָלוציע, — די פערוואַנדלונג פון א האַנ־
דעלס־פאָלק אין אַן ארבײטס־פאָלק, פון א דורכאויס שטאָדטישען
עלעמענט אין א שטאָדטישען און א דאָרפישען, — אז אַט דעם
ציעל זאָל דערגרײכט ווערן וואָס שנעלער, וואָס פולער, וואָס בע־
וואוסטזיניגער.

און נאָך דאַרף מען זעהען, אז די אינטעליגענץ אונזערע, וואָס
ווערט דערצויגען אין פרעמדע שולען, פרעמדע גימנאַזיעס און
פרעמדע אוניווערזיטעטען, זאָל בעקומען איהר בילדונג און ער־

ציהונג אין אייגענע אידישע שולעס, אידישע גימנאזיעס און איר־דישע אוניווערזיטעטען אויף די יסודות פון דער אייראפעאישער אויפקלעהרונג און אהן א ברעקעל ביימישעבץ פון א וועלכען עס איז אבלינאטארישען רעליגיעזען אונטעררייכט. די רעליגיע וועט ווערן אויך פאר דעם אידישען פאלק א ריינע פריוואט־זאך, איבער־געענטפערט צו יעדען אייגעם׳ס הארצען און געוויסען.

איך ווייס, וואס פאר א יעלות עס ווערן געמאכט אט ביז דעם פונקט. איך מיין דא ניט דעם פונקט פון רעליגיע, — די דאזיגע יעלות קאן מען דערטראגען און זייער ווערטה איז א שמעק טאבאק, — איך האב דא אין זינען דעם פונקט פון ניט־שטודירען אין פרעמדע בילדונגס־אנשטאלטען, פון ניט־מיטארבייען אין דער פרעמדער קולטור.

ריהרט מען אן דעם פונקט, הויבען זיך אויף די יעלות ביז צום הארצען פון הימעל. „אהא־א־א!" — שרייט מען אויסגעצויגען און מיט בייזער פרייד. — „אונזערע קינדער פון די גימנאזיעס ארויסטרייבען, אין די אוניווערזיטעטען ניט אריין לאזען, — אט דאס ווילט איהר? פורישקעוויטשעס זייט איהר!"

מיר האבען דערויף נאר איין ענטפער: אויב איהר קעמפט אנטקעגען די בעגרעניצונגען פון אונזערע בילדונגס־רעכט, ווייל די בעגרעניצונגען זיינען א בעליידיגונג פאר אונזער כבוד, א פער־מינערונג פון אונזער נאציאנאלער און מענשליכער חשיבות, זייַ־נען מיר מיט אייך. אויב אבער איהר מיינט, — אויב איהר, גבירים, באלאבאטים און באלאבעסלעך, מיינט, — אז, קעמפענדיג פאר א בעסערער קאריערע פאר אייערע קינדער, פערטיידיגט איהר דערביי ניט נאר דעם פאלקס כבוד, נאר אויך דעם פאלקס אינטערעסען, האט איהר א ביטערען און א געפעהרליכען טעות. אין דער פערבלענדענים פון אייער אייגענעם אינדיווידועלען אינטע־רעס, פערגעסט איהר זיך צו רעכענען מיט דער טראגיק פון אונזער לאנגע צווישען די פעלקער, און איהר שפיעלט זיך דא מיט פייער.

שוין לאנג האבען די פעלקער, צווישען וועלכע מיר וואוינען, געגומען שפירען, אז ביי יעדען פון זיי אויף די אקסלען הויבט אן אויסוואקסען א צווייטער קאפ, א פרעמדער, לעבען דעם איי־גענעם. דער פרעמדער קאפ איז דער אידישער. ביי איינינגע איז

ער שוין אויסגעוואקסען, ביי איינגע האט ער שוין אריבערגע־וואקסען דעם אייגענעם. און עס דערזעעט זיך א גרימצארן ביי די פעלקער אנטקעגען דעם פרעמדען קאפ, סאי דערפאר, וואס ער כאפט איבער דעם ביסען פון מויל, סאי דערפאר, ווייל ער מיט־בעשטימט די בעוועגונג פון דעם גאנצען ארגאניזם.

און עס קען אמאל ווערן ניט שעהן, — אבער  ג א ר  ניט שעהן, — מיט דעם אידישען קאפ, וואס וואקסט אויף פרעמדע אקסלען. פעלקער זיינען ברוטאל אין צווישען־פעלקערליכע חשבונות. אויך דא ליעגט אונזער רעטונג אין דעם „ככל הגוים“. נאר יעמאלט, ווען אונזער קאפ וועט וואקסען אויף אונזערע אייגענע אקסלען, וועלען מיר קאנען אויסמיידען יענעם קאנפליקט, פון וועלכען די פוילישע באיקאט־העצעריי איז אפשר ניט מעהר ווי א זאנפטע פרעלודיע.

איך ווייס, ווי שווער עס איז ארויסצואפערירען דעם אידישען קאפ פון דעם פרעמדען גוף, אהן א סכנה פאר ביידע ארגאניזמען. אבער דאס לעבען געפינט שוין מיטלען ווי דורכצופיהרען די גע־פעהרליכע אפעראציע; לכל הפחות, ווי אבצושטעלען דעם קראנק־האפטען פראצעס און ווי צו דערגרייכען א נארמאלען צושטאנד. אין דעם אידישען לעבען האט זיך שוין בעוויזען דער ביטערער  ק א מ ף  א נ ט ק ע ג ע ן  ד ע ר  א ס י מ י ל א צ י ע, וואס ווערט אנגעפיהרט פון דעם פראגרעסיוו־נאציאנאלען דור.

דאס איז די  נ א צ י א נ א ל ע  ר ע ו ו א ל ו צ י ע, וועלכע דאס אידישע פאלק לעבט איצטער דורך און וואס שפיעלט זיך אב א סך מעהר בעוואוסטזיניג, איידער די עקאנאמישע. אויך זי איז נאך אליין ניט גענוג קלאר אין איהרע מיטלען און וועגען, און דאס פאלק איז נאך ווייניג דורכגעדרונגען מיט איהר נייעם גייסט. אבער אין איהר וואקסען און זיך־פערשפרייטען ליעגט דער צוויי־טער וויכטיגסטער לעבענס־אינטערעס פון דעם אידישען פאלק.

און דער דריטער וויכטיגסטער לעבענס־אינטערעס פון אונזער פאלק ליעגט אין דעם, וואס מען קאן אנרופען  ד י  ק ו ל ט ו ר ע־ל ע  ר ע ו ו א ל ו צ י ע,  אין וועלכע מיר זיינען שוין אויך אריינ־געטראטען. דאס איז א קריטישע איבערשאצונג פון אלע קולטור־עלע ווערטהען, מיט וועלכע אונזער פאלק האט געלעבט ביז איין

דער איצטיגער צייט. ניט נאָר אַ בעפרייאונג פון דעם רעליגיעזען אינהאַלט, נאָר אויך אַ בעפרייאונג פון דער העברעאישער פאָרם, אין וועלכער די העבערע אידישע קולטור האָט עקזיסטירט ביז אהער.

די העברעאישע פאָרם פון אונזער ביזאהעריגען קולטור־לעבען האָט איינגעטיילט דאָס אידישע פאָלק אין צ ו ו י י ק א ס ט ע ן, — די ק א ס ט ע פון געלערנטע און די קאַסטע פון „עם הארצים". אַ תהום האָט זי בעשאַפען צווישען אינטעליגענץ און פאָלק. די קולטורעלע רעוואָלוציע, וואָס דער א י ד י ש י ז ם איז איהר בולט'סטער אויסדרוק, שאַפט אָב יענעם תהום, ברענגט ארוים אַ בעהעפטונגס־קראַפט צווישען אינטעליגענץ און פאָלק, און מאַכט, אַז די געבילדעטערע קלאַסען זאָלען קאָנען בלייבען אין דער היים און ניט דאַרפען זוכען קיין גליקען אין דער פרעמד.

דער אידישיזם, דער ראַדיקאַלסטער אויסדרוק פון דעם פראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלען געדאַנק, איז געבאָרען געוואָרען ווי אַ סטיכישער, אומבעוואוסטער מאַסען־פּראָצעס, וואָס האָט אין אָנהויב אַליין ניט פערשטאַנען, ווי טיעף די לעבענס־נויטען זענען, וואָס האָבען איהם ארויסגערופען, ווי שטאַרק די כוחות זענען, וואָס טראָגען איהם, ווי גרויס די ציעלען זענען, צו וועלכע ער ווערט געטריבען.

איצטער אָבער איז ער אפשר די איינציגע בעוועגונג ביי דעם אידישען פאָלק וואָס איז שוין געקומען צו זיין פולען און קלאָרען בעוואוסטזיין, צו דער זעלבסט־אָבשאַצונג פון דער אייגענער מאַכט און דער אייגענער בעדייטונג.

עס ווערט איצט קלאָר, אַז די אידישע שפראַך איז די נשמה פון יענעם טייל פון דעם אידישען פאָלק, וואָס רייסט זיך צו אַ פ ר אָ ג ר ע ס י ו ו ע ן לעבען. עס איז ביי איהם קיין ספק ניט, אַז אידיש איז די פאָרם, אין וועלכער עס וועט זיך אויסדריקען דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע לעבען און שאַפען פון דעם אידישען פאָלק, אין וועלכער עס וועט אריבערגענומען ווערען דער גאַנצער אוצר פון דער אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישער קולטור. און דערווייל מוזען אַלע מודה זיין, אַז די אידישע שפראַך איז דער לעבענס־אָטעם, וואָס בעגייט מיט יעדען אָטעם־צוג די עקזיסטענץ פונ'ם פאָלק. כל זמן אידיש לעבט, קאָן קיין ספק ניט זיין וועגען דעם לעבען פון דעם פאָלק.

דר. ח. זשיטלאווסקי

דער קאמף פאר אידיש איז דעריבער א לעבענס־קאמף פאר אונזער עקזיסטענץ און פראגרעסיווער ענטוויקלונג: די פערטיידיגונג פון אידיש — איינע פון אונזערע וויכטיגסטע לעבענס־אינטערעסען.

(17טען דעצעמבער, 1914.

---

# די אינטערעסען פון דעם אידישען פאלק

איך האב פריהער געהאט ברעה אויסצורעכענען אין דעם איצטיגען ארטיקעל נאך א צעטעל ווירקליכע לעבענס־נויטען פון דעם אידישען פאלק. איך זאג מיך אבער אב דערפון, ווייל דאס וואלט מיך אוועקגעפיהרט צו ווייט.

אגב, קאן יעדער איינער אליין אויסארבייטען דעם לייסטער, אויב ער וועט נאר געדענקען דעם כלל גדול פון דער אידישער נאציאנאלער פאליטיק, וועלכען מיר האבען פארמולירט אין די צוויי ווערטער: „ככל הגוים!" (ווי אלע פעלקער!)

נעהמט יעדען פאלק, וועלכען איהר ווילט, — פערשטעהט זיך, פון די מעהר אדער וועניגער ציוויליזירטע, און פערגלייכט זיין לעבען מיט אונזער לעבען, זיין לאגע, ווי א פאלק אין דער מענשליכער פאמיליע פון פעלקער, מיט אונזער לאגע: רעכענט אויס, ד ו א ס, א חוץ זיין שארען, זאל אויף אונז געזאגט ווערען, — פון זיין אייגענע שולעס ביז צו זיינע אייגענע קוואדראט־קילאמעטערס לאנד, — און איהר וועט האבען פאר זיך דעם גאנצען צעטעל פון אונזער פאלקס־נויטען, און איהר וועט פערשטעהן, פארוואס ער טאהר א ברעקעל ניט מקנא זיין אונז, ניט קוקענדיג אויף אונזערע ראטהשילדס און שיפס, און פאר וואס מיר האבען א רעכט צו קוקען אויף איהם מיט ברענענדע אויגען פון קנאה.

איך ווייס גאנץ גוט, ווי לעבערליך אזא געדאנק דארף אויסקומען אין די אויגען פון א באלעבאטישען אידען, ווי שווינדעליך עס דארף זיך אויסדוכטען דער ציעל, — אראבשלעפען אונזער פאלק

פון זיין איצטיגן „העכערן" מעמד צו דער לאגע פון א „פויערן־פאלק", ווי די סערבען אדער די בולגארען.

איך געדענק גאנץ גוט דעם פרעכטיגן וויץ, וועלכן יענער רייכער איד האט געמאכט פאר זיין זוהן, ווען זיי זיינען געפאהרען אין א קאראט איבער א רוסישען דארף, און בארוועסע שקצים זע־גען נאכגעלאפען נאך זיי און געשריען : „זשיד כאלאמיד !" „איצטער", האט דער רייכער איד געזאגט, „זעגען מיר אין גלות. אם־ירצה השם, אז משיח וועט קומען, וועט דאס זיין פונקט פאר־קעהרט : יעמאלט וועלען ז י י אומפאהרען אין קאראטען, און מיר וועלען בארוועסע נאכלויפען און שרייען : „גוי לאראנאי !"

די גאנצע צופריעדענקייט מיט דעם גלות, וואס הערשט ביי די, וואס פאהרען אין קאראטען, האט זיך אויסגעדריקט אין דעם דאזיגען וויץ. אבער אויך די גאנצע טראגעדיע פון א פאלק ענט־פלעקט זיך אין איהם, — פון א פאלק, ביי וועמען די טאג־טעגליכע אינטערעסען פון די אינדיווידוען געהען אפטמאל אזוי שארף זיך פאנאנדער מיט די טיפערע לעבענס־נויטען פון זיין עקזיסטענץ.

האט מען יענע נויטען אין זין, ווערט מען ניט נתפעל פון די באלעבאטישע אידעאלען און פון דער גאנצער גדלות, וואס עס האבען אידען אין קאראטען, און מען זאגט זיך : „געווים וואלט א סך געזינטער געווען פאר דאס אידישע פאלק, ווען די מאיאריטעט פון איהם וואלט אומגעגאנגען, אפילו א בארוועסע, אין די אייגענע דערפער, איבער די אייגענע פעלדער, איידער איצטער, ווען די גרויסע מאיאריטעט זיינע איז צונויפגעשטיקט אהן לופט און ליכט, אין די קעלערס פון די גרויסע שטעדט און אין די חורבות פון די קליינע שטעדטלעך, בעת אין די אויגען פון דער וועלט ווארפען זיך נאר די פאר אידען אין קאראטען".

דערהויפט מוז יענע טיפע נויטען האבען אין זין דער נא־ציאנאל־פראגרעסיווער דור אונזערער, וואס קאן שוין ניט לעבען מעהר מיט די האפענונגען און חלומות, וועלכע האבען אויפגעהאל־טען דאס אידישע חיות ביז אהער: ניט מיט דעם חלום פון אן איבערנאטירליכען משיח, ניט מיט דער האפנונג אויף דער אסימי־לאציע, אפילו ניט מיט דער טרייסט, אז איבערמארגען האלב זעקס פאר נאכט וועט אויסברעכען די סאציאלע איבערקעהרענים, וואס

וועט בעשאַפען אין איינס און צוויי אַ גן־עדן אויף דער וועלט פאַר אַלעמען.

בעפרייט פון די אַלע פאַנטאַזיעס און אילוזיעס, שטעהט דער נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווער דור פנים לפנים מיט דער ביטערער אידישער ווירקליכקייט און קאָן בויען זיינע האָפנונגען נאָר אויף יענעם רעוואָלוציאָנערען פּראָצעס, וואָס האָט זיך שוין אָנגעמערקט אין דעם אידישען לעבען: דעם שטרעבען צו פיזישע ארבייט, — דערהויפּט צו ערד־ארבייט, — דעם קאַמף אנטקעגען דער קולטור־שמד (אסימילאַציע בלע"ז), — וואָס פאַר אַ גאָלדיג־זוניגע פּער־ספּעקטיווען עס זאָלען זיך ניט פאַנאַנדערעפענען פאַר דעם קולטור־משומד, — און דעם אויפבוי פון דער מאָדערנער פּראָגרעסיווער אייראָפּעאישער קולטור אין אונזער אייגענער אידישער שפּראַך.

מען קאָן זיין זיכער, אז **א ו י ב** דער דאָזיגער רעוואָלוציאָנערער פּראָצעס איז דעם אידישען לעבען זאָל אָנגעהן ווייטער, ניט גאָר אומגעשטערט, נאָר בעוואוסטזיניג פערשטאַרקט מיט דער גאַנצער ענערגיע, וואָס די אידישע פאָלקס־מאַסען און די פאָלקס־טרייע אינטעליגענץ קאָן אויפווייזען, **מ ו ז** ער סוף־כל־סוף פיה־רען דערצו, אז דער אידעאַל פון „ככל הגוים"‚— אָנגעהויבען פון די אייגענע מוסקעלען און קנאָכען ביז צו די אייגענע קוואדראַט־קילאָמעטערס לאַנד, — זאָל מקוים ווערען אין דעם אידישען לע־בען, און אז ערשט דערנאָך, ווען מיר וועלען שוין זיין ניט ערגער פאַר אנדערע, וועלען מיר האָבען אַ רעכט צו דאגה'ן ווי מיר זאָלען ווערען בעסער פאַר אנדערע.

אָבער וואוהין דער פּראָצעס זאָל סוף־כל־סוף ניט פיהרען, אין איין זאַך קאָן קיין ברעקעל ספק ניט זיין, אז מיט יעדען טייל־ווייזען ערפאָלג פון זיין טענדענץ, מוז פאַרבעסערט ווערען די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרביימער, מוז העכער ווערען דער קולטורעלער מעמד פון די מאַסען, מוז פעסטער ווערען דער נאַציאָנאַלער יסוד פון דער אידישער עקזיסטענץ און עס מוז נאָרמאַלער ווערען אונזער לאַגע צווישען די פעלקער ארום אונז.

פערטיידיגען מיט דער גאַנצער קראַפט אָט די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק איז דעריבער דער איינציגער **ז י כ ע ר ע ר** וועג צו אונזער בעפרייאונג. ער איז אויך דער איינציגער וועג,

וואָס דאָס פאָלק אַליין ברעכט איהם דורך און אין וועלכען ער נעהמט ווידער דעם גורל פון זיין היסטאָרישער ענטוויקלונג אין זיינע איי-גענע הענד; די אידישע געשיכטע הערט דאָ אויף צו זיין אַ פּאַסי-ווער חומר, וואָס ווערט געקנאַטען, לויט דעם ווילען פון די רעגיע-רונגען אין דרויסען און פון די פאַרשיידענע פילאַנטראָפּישע חברות ביי אונז אינוועניג אין דער היים. זי ווערט ווידער אַ שאַפענדע לעבענס-קראַפט, אַן אַרויסשטראַהלונג פון דער איינענער פאָלקס-ענערגיע, וואָס קאָן און דאַרף זיך אויף קיינעם ניט פערלאָזען, אַ חוץ אויף זיך אַליין.

איך וויל דערמיט ניט זאָגען, אַז דאָס אידישע פאָלק קאָן אין גלות דורכפיהרען זיין בעפרייאונגס ווערק נאָר מיט זיינע אייגענע כחות אַליין. די בעשאַפונג פון יענע בעדינגונגען אין דער דרויסען-וועלט, וואָס זאָלען מעגליך מאַכען דעם ער-פאָלג פון זיינע רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען, שטייגט אַריבער די קראַפט פון אונזער פאָלק, אפילו ווען זי זאָל זיך אָנשטרענגען ביז צו איהר העכסטען גראַד. שוין די פּאָליטישע פרייהייט אין רוס-לאַנד, וואָס איז דער ערשטער בעדינג פאַר דער נאַציאָנאַל-פּראָ-גרעסיווער טהעטיגקייט פון די אידישע מאַסען דאָרטען, איז אַן אויפגאַבע, צו וועלכער דאָס אידישע פאָלק קאָן גאָר ניט צוטרעטען, ווען ער זאָל זיין איינער אַליין אויף דעם קאַמף-פעלד.

אָבער אין דער אַרבייט פאַר דער בעשאַפונג פון נייע בעדינ-גונגען אין די לענדער, וואו ער וואוינט, — דערהויפּט אין רוס-לאַנד, — איז דאָס אידישע פאָלק גאָר ניט פער'משפט צו בלייבען איזאָלירט. אַ סך אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער זיינען געצוואונ-גען צו פיהרען דעם זעלביגען בעפרייאונגס-קאַמף פאַר אינטערעסען, וואָס זענען אין אַ סך פונקטען עהנליך צו אונזערע. די געמיינזאַמע לאַגע וועט צונויפפיהרען זיי מיט אונז און אונז מיט זיי, און דער געמיינזאַמער קאַמף וועט ווערען געפיהרט אין די אינטערעסען פון אַלעמען.

ערשט ווען מען בעטראַכט די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק אָט פון ד ע ם שטאַנדפונקט, ווען מען דערבליקט זיי נאָר אין יענעם שטרעבען צו בענייאונג, וואָס נעהמט דורך אַלע מעהר און מעהר אַלע בעסערע טיילען פון דעם פאָלק, און אין יענער סאָ-

ליזאַריטעט מיט די אונטערדריקטע פעלקער, מיט וועמען מיר וועלען מוזען קעמפען האנד אין האנד, — ערשט יעמאָלט האָבען מיר אַ זיכערען מאַסשטאַב, מיט וועלכען מיר קאָנען אָבשאַצען אַלע וויכטיגע ערשיינונגען פון דעם לעבען, סאַי אין קריעג, סאַי אין פריעדען.

נאָר יענע ערשיינונגען קאָנען צונויפשטימען מיט די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק, וואָס וועלען פערשטאַרקען זיין ווידערבעלעבונגס-ענערגיע, בעשאַפען בעסערע מעגליכקייטען פאַר דער דורכפיהרונג פון דער עקאָנאָמישער, נאַציאָנאַלער און קולטור-רעלער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען ביי איהם; וואָס וועלען קלענער מאַכען די שאַנסען פאַר זיין צווישען-האַנדעל און גרעסער מאַכען די שאַנסען פאַר זיין אינדוסטריע און פאַר זיין אַרבייט; וואָס וועלען לעגען שטיינער אין וועג דעם ערגסטען פאָלקס-פיינד אונזערען, דער אַסימילאַציע, און וואָס וועלען אויפהויבען די שאַנסען פון דער אידישער שפּראַך.

קורץ: נאָר אין יענע ערשיינונגען זעען מיר פּערזאָנטעריערט, וואָס וועלען פעסטער מאַכען אונזערע פּאָזיציעס אין דעם בעפרייאונגס-קאַמף, — אין אונזער קאַמף פאַר אַ נאָרמאַלען לעבען „ככל הגוים“, ווי אַלע פעלקער פון דער וועלט.

19טען דעצעמבער, 1914.

# אונזער שטעלונג צו דעם פאָלק

אַלע פעלקער האָבען מעלות און חסרונות. און יעדעס פאָלק האָט ז י י נ ע מעלות און ז י י נ ע חסרונות. אויך דאָס אי־דישע פאָלק קאָן ניט בעשטעהן פון „כלו זעמעל־מעהל". אויך ביי איהם איז פאַראַן אַ היבשע פאַרציע קלייען, וואָס קריכט אריין אין אַלע פאָרמען פון זיין מהות און פון זיין לעבען.

אין פלוג דאַרף זיין אַזוי, אַז דער נאַציאָנאַליסט זאָל זיין פער־אינטערעסירט אין דעם אידען׳ס מעלות; אויף זיי דאַרף ער אַנשטעלען זיין בליק; פון זיי דאַרף ער אריין אין התפעלות שבת און יום טוב און אַ גאַנצע וואָך.

צוריק, דער אַסימילאַטאָר, וואָס קעמפט אַזוי האַרטנעקיג אַנטקעגען דעם נאַציאָנאַליסט, דאַרף אויך דאָ ארויסטרעטען מיט אַ פּאָלעמיק אַנטקעגען דעם אידען׳ס פערליעבטקייט אין דעם אידען, אויפדעקען אָהן רחמנות אַלע פעהלערען און מאַנגלען פון דעם אי־דישען פאָלק און אויפווייזען, ווי פאַלש און אומגערעכט עס איז דאָס איינזייטיגע ליעד פון דעם „מה טובו אוהליך יעקב!"

ביז צו אַ געוויסען גראַד איז דאָס אַזוי און קאָן אַנדערש ניט זיין.

דער נאַציאָנאַליסט קעמפט פאַר דער זעלבסט־דערהאַלטונג און די וייטערדיגע היסטאָרישע ענטוויקלונג פון דעם אידישען פאָלק. ער פאָדערט, אַז אַלע אונזערע פאָלקס־קינדער, וואָס זענען אַנטלאָפען פון אונז און גיבען אוועק זייערע כחות אין דער פרעמד, זאָלען זיך אומקעהרען צו אונז און אַרבייטען פאַר אונז. מיט וואָס דען זאָל מען זיי צוציהען, אויב ניט מיט דער בעשרייבונג פון אַלע שעהנקייטען, וואָס געפינען זיך אין דער היים?

און אין דער אמת׳ען זענען דאָך נאָך ניט אַלע אונזערע אוצרות אויפגעעפענט. פיעלע איידעל־שטיינער און פערעל, — פאַר־

פון אונזער קולטור, סאי פון אונזער פאלקס־שאפען, סאי פון אונזער כאראקטער און פון אונזער לעבען, — ליגען נאך דאך אונטער א בארג פון שום, און דארפען ערשט ארויסגעראבען און איבערגעזייעט ווערען, כדי זיי זאלען צוציהען צו זיך דאס הארץ פון דעם אנגע־לאפענעם.

קאן יעמאלט איינעם ליגען אין זינען אויפצורייסען די פעלס־ערלעך און בעווייזען, וועלכע גאנגרענעזע וואונדען עס בעהאלטען זיך אונטער זיי? קאן איינער האבען אזא טאמערשע הארץ אראבצושלעפען דאס לעצטע העמד פון דעם פאלקס לייב, אוועקשטע־לען עס נאקעט פאר דער גאנצער וועלט און אנטייטלען מיט די פינגער אויף דעם פערדעכטיגען אויסשיט, מיט וועלכען עס איז בעדעקט?

און דערצו קומט, וואס מיר זענען ארומגערינגעלט מיט א וועלט פון שונאים, וואס לאזען ניט דורך קיין איינציגע געלע־גענהייט, צו בעשולדיגען אונז און פער'מיאוס'ען אונז אין די אויגען פון די פעלקער, צווישען וועלכע מיר וואוינען. ווי פאר־זיכטיג מיר דארפען זיין מיט יעדען ווארט אונזערען, מיט יעדען אויסדרוק! עס איז גענוג מיר זאלען זיך אויסרעדען, אז א איד, ווי יעדער מענש בכלל, זויגט אמאל אויס אן איינגעשניטענעם פינגער, כדי די שונאים זאלען דערפון דרעהען א שטריק פאר אונזער האלז. „אהא!", וועלען זיי שרייען מיט א וואוטיגער פרייד: „איהר זעהט זיך אלע מודה, אז אידען זענען בלוט־זויגערס און גע־ברויכען קריסטליך בלוט אויף פסח!"

איז נאך דער נאציאנאליסט דערצו א שאוויניסט, וואס גלויבט אז עס איז גאר ניטא אויף דער וועלט אזא אלגעמיין־מענשליכער פרוב־שטיין, וואס מיט זיין הילף זאלען מיר בעשטימען, וואס איז א פאלקס־מעלה און וואס איז א פאלקס־חסרון; אז אלץ, וואס א פאלק ברענגט ארויס און ו ו י עס ברענגט ארויס, איז שוין ממילא גוט פאר דעם פאלק, און אז איהם דארף ניט אינטערעסירען וואס אנדערע פעלקער קאנען דענקען וועגען דעם, — דער שאוווי־ניסט, זאג איך, האט אודאי ניט וואס אבצושטעלען זיך אויף די ח ס ר ו נ ו ת פון זיין פאלק: ווי קומען צו איהם חסרונות? ער איז, וואס ער איז, און איז אזוי, ווי ער איז, ווי זיין „פאלקס־

גייסט" האָט איהם בעשאַפען, און ווי ער זאָל זיין, לויט די פאָדערונגען פון ז י י ן איגענעסטער טבע.

„מאַי פּיפּל, ראַיט אָר ראָנג", — „מיין פאָלק, גערעכט אָדער שלעכט", און — אַ כפרה די גאַנצע מענשהייט פאַר זיין מינסטען נאָגעל !

צוריק, האָט זיך איינער לגמרי בעפרייט פון דער „נאַציאָנאַליסטישער פעסט", איז ער געקומען צום בעשלוס, אַז מיר דאַרפען אויפגעבען אונזער איינענע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ און פערלייקענען אונזער נאַציאָנאַלען מהות, מוז זיין ניט מעהר ווי נאַטירליך פאַר איהם, ער זאָל זיך דוקא גראָבען אין אונזערע חסרונות און פערשימעלטקייטען.

„וועמען געהט איהר דאָס פערטיידיגען ? פון וועמעס לעבען און מהות ווערט איהר דאָס אַזוי נתפעל ? זעהט, ווי דורך און דורך קראַנק און צובראָכען דאָס איז ! זעהט, ווי צושימעלט, צופוילט און צוהויקערט ! זאָלען מיר צוליעב ד ע ם פאָלק פערבייטען דאָס לעבען אין דער שטאַרקער, און רייכער, און פרעהליכער פרעמד ?"

אַזוי קומט דאָס פאַר אָפטמאָל אין לעבען און אַזוי שטימט דאָס צונויף מיט דעם טאָג־טעגליכען שכל : דער נאַציאָנאַליסט איז דער מליץ־יושר, דער פערליעבטער אַנהענגער, וואָס בעזינגט די מעלות פון פאָלק און שטעלט עם אַוועק אויף דער שפּיץ פון דער מענשהייט. דער אַסימילאַטאָר איז דער קטגור, דער פּראָקוראָר. ער לאָזט ניט דורך קיין איין שפּרינקעלע אויף דעם פאָלקס נשמה, כדי דאָס גלייך אַריינצושטעלען אין זיין בעשולדיגונגס־אַקט, וואָס דאַרף פיהרען צו אַ „חייב מיתה" פאַר דאָס גאַנצע פאָלק, ווי אַ בעזונדער נאַציע.

אין די טיעפניסען פון דעם לעבען ווערען אָבער אַלע מאָל בעשאַפען סיטואַציעס, וואָס פאַטשען אין פנים דער טאָג־טעגליכער לאָגיק פון דער אויבערפלעך. מען דאַרף אייביג געדענקען, אַז דאָס לעבען קאָן אַמאָל נעהמען און אַרויסברענגען פון דער טיעף זיין איינענעם שכל, אויף וועלכען מיר האָבען זיך לכתחילה גאָר קיינמאָל ניט געקאָנט ריכטען.

אויך אין אונזער שטעלונג צו דעם אידישען פאָלק, צו זיינע

מעלות און חסרונות, האָבען מיר אזא פאַל. דאָס לעבען האָט בעשאַפען אזא לאַגע, וואָס צווינגט אונז צו „פערבייטען די יוצרות". וואָס דיקטירט דעם אַסימילאַטאָר צו ווערען אַ מליץ־יושר פון דעם אידען און לעגט ווערטער אין מויל אַריין דעם נאַציאָנאַליסט, וועלכע מען האָט פריהער געקאָנט הערען נאָר, שונאי ישראל, פון אַן אַנטי־סעמיט.

דער אַסימילאַטאָר וויל, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל וואָס גיכער פערשווינדען, ווי אַ פאָלק, און פון איהם זאָלען נאָר בלייבען די איינצעלנע מענשען, וואָס דאַרפען „איינגעשלונגען ווערען", אַסימי־לירט ווערען פון די אַרומיגע פעלקער.

כדי עמיצער זאָל אונז וועלען „איינשלינגען", דאַרף ער דאָך האָבען „אַפּעטיט" צו אונז. ווי איז אָבער, אַז מיר זענען אין אונזער איצטיגער געשטאַלט, — נאָך דורות פון אזא גלות־לעבען, וואָס משוגע צו ווערען, — ווי איז, אַז מיר זענען איצטער גאָר ניט אזא „אַפּעטיטליכער" ביסען, די פעלקער זאָלען פון אונז וועלען לעקען די פינגער?

ווי איז, אַז מיר האָבען באמת אויף אונזער לייב אַן אויסשלאַג פון קאָפּ ביז די פיס, וואָס קאָן ניט דערוועקען ביי איינעם דעם חשק, מיר זאָלען זיך אינגאַנצען צונויפגיסען מיט איהם?

אַן אויסשלאַג? ספּעציפיש־אידישע חסרונות? הייסט עס, אַז עס איז דאָ עפּעס אַזוינס, וואָס שיידט אָב דעם אידען פון אַנדערע אומות? וואָס בעשאַפט א י נ ו ו ע נ י ג ס ט ע לעבענס־נויטען און פּראָבלעמען פון דעם אידישען פאָלק, מיט וועלכע נאָר מיר קאָנען און מוזען זיך בעשעפטיגען, בעת די א נ ד ע ר ע זענען גאָר ניט מחויב צו טראַכטען וועגען דעם?

ניין, אזא זאַך קאָן דער אַסימילאַטאָר ניט צוגעבען. ניטאָ קיין ספּעציפיש־אידישע חסרונות, ווי עס איז ניטאָ קיין־אידישע מעלות. מענשען זענען מענשען. אַביסעל בעסערע, אַביסעל ער־גערע, ניט כפי דעם מהות פון יעדען פאָלק, נאָר לויט די איינגע־שאַפטען פון יעדען יחיד. נישט'קשה, מיר זענען גאָר ניט אַזוי שלעכט, ווי די שונאים מאַלען אונז אויס. עס וועט חלילה דער מענשהייט ניט פערשאַדען, ווען זי זאָל אונז צו געזונד פערשלינגען. אַנדערע אַסימילאַטאָרען וועלען מחמת דערזעלבינער טיעפערע

דאגיק פון זייער סיסטעם, נאך מעהר נוטה זיין צו זינגען שירות והשבחות אויף די מעלות פון יעדען איינצעלנעם אידישען אינדי־ווידיאום: קלוג איז עס און פעהיג, און ענערגיש און מיט א שטארקען חוש פאר געזעלשאפטליכער טעטינקייט און פראגרעסיווע אידעאלען. און בענעהמט אלץ אזוי ליכט, און פאסט זיך צו צו אלץ אזוי גרינג, און איז א בריה אין אלע איידעלע פראפעסיעס.

ווי א שדכן, וואס וויל גיכער צונויפפיהרען א שידוך, אזוי וועט אויך דער אסימילאטאר ניט קארגען אין שבחים פאר דער כנסת־ישראל, וועלכע ער וויל וואס שנעלער „פערשלייערן" מיט דעם פרעמדען בן־מלך. לייענט דורך אלע, אזוי אנגערופענע „יודא־פילישע" צייטונגען, אין די שפראכען פון די אומות־העולם, וואס ווערען ארויסגעגעבען פון די אסימילאטארען, — פון דעם אלטען „וואסכאד" אין פעטערבורג ביז צו דעם „אמעריקאן היברו" אין ניו יארק. זעהט, אויב ניט פון יעדער שורה זייערער שלאגט אייך אקעגען דער ריח פון דעם וואלוועלסטען שדכן'ישען גייסט, מיט זיינע איבערטריבענע פערענטפערונגען, פערגלעטונגען און צייהן־פערריידענישען!

גאנץ אנדערש איז די לאגע פון דעם נאציאנאליסט, דעם אמת'ען פאלקס־פריינד, דעם פראגרעסיווען. ער איז ניט פעראינטערעסירט אין דעם שדוך מיט די ארומיגע פעלקער. ער וויל בלייבען אין דער היים, אין א געזונטער, שעהנער, מענשליכער, פרייער אידישער היים. ער טאר קיין זאך ניט פערגלעטען און פערדעקען. עס איז זיין חוב אויפצורייסען אלע פלעסטערלעך, וואס ניט געניטע און ניט פעראנטווארטליכע הענט האבען ארויף געקלעפט אויף די פאלקס־וואונדען. ער מוז זיי שטודירען מיט דער ליעבע פון אן איבערגעבענעם זוהן און מיט דער ערנסטקייט און אומערשראקענהייט פון א וויסענשאפטליכען ארצט, וואס זוכט אויסצוגעפינען די טיעפסטע אורזאכען פון אלע „אויסשלאגען", און אויסרייסען זיי מיט די ווארצלען.

די פראגרעסיווע נאציאנאליסטען שפירען אין זייער ברוסט דעם רוף פון דער מענשהייט, דעם רוף פון דעם מענשליכען פאר־גרעס. דער רוף זאגט צו זיי:

„אין אייערע הענד האבען מיר אוועקגעלעגט דאס גורל פון דעם

פראָגרעסיווען לעבען פון אייער פאָלק. איהר דאַרפט אָבגעבען אייך דין וחשבון פאַר אַלע, וואָס קומט אין איהם פאָר. א י ה ר זענט שולדיג פאַר אַל־דאָס קראַנקע און אבנאָרמאַלע, וואָס קומט אין איהם פאָר; פאַר אַל־די פער'סם'טע זאַפטען, וואָס קרייזען אין זיין בלוט, ווייל איהר און נאָר איהר קאָנט נעהמען אין אייערע הענד זיין ווידערבעלעבונג און היילונג!"

צו שטאַרק איז אַזא פאָדערונג פון דער מענשהייט, צו בעפעה־לעריש איהר שטים אין אונזער ברוסט, מיר זאָלען שוואַך ווערען, לאָז זיין אויף אַ רגע, און ניט קוקען דער אמת'ער לאַגע פון'ם פאָלק אויג־אין־אויג, ווי טרויעריג זי זאָל ניט זיין.

און מיט דעם זעלביגען רוף פון דער מענשהייט, וואָס קלינגט אין אונזער ברוסט, ווענדען מיר זיך צו די „אַנטלאָפענע", צו די אינטעליגענטע אסימילאַטאָרען. מיר שילדערן זיי אונזער פאָלק, ווי עס איז, מיט אַלע זיינע אומגעהויערע מעלות, מיט אַלע זיינע אומגעהויערע חסרונות. און אָנווייזענדיג נאָך מעהר אויף די חסרונות, איידער אויף די מעלות, זאָגען מיר זיי:

„די מענשהייט ערוואַרט פון אייך, איהר זאָלט פערלאָזען די פרעמדע, וואו מען קאָן אויסקומען אָהן אייך, און אומקעהרען זיך אַהיים, וואו איהר זענט אַזוי נויטיג. זעהט, וואָס פאַר אַ ארבייט עס שטעהט אייך פאָר. קיינער קאָן זי ניט טהאָן אַ חוץ אייך. איהר און נאָר איהר אַליין קענט דאָ ברענגען הילף. קומט און טהוט".

4טען נאָוועמבער, 1915.

---

# פראָגרעסיווער און רעאַקציאָנערער נאַציאָנאַליזם

דער נאַציאָנאַליזם בכלל איז אַ שטרעבען צו דיענען די אינ־טערעסען פון דעם אייגענעם פאָלק, צו זיכערען איהם זיין פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט, כדי ער זאָל קאָנען פיהרען אַן אומגע־שטערטען נאַציאָנאַלען לעבען.

עס איז שוין לאַנג פאַרביי די צייט, ווען דער פראָגרעסיווער געדאַנק האָט אויף י ע ד ע ן נאַציאָנאַליזם געקוקט, ווי אויף אַ

רעאַקציאָנערע בעוועגונג. מיר האָבען זיך איצטער איינגעזאונט, פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין די פערשיידענע בעוועגונגען, וואָס טראָגען א נאַציאָנאַליסטישען כאַראַקטער און מאַכען אַן אונטערשייד צווישען דעם רעאַקציאָנערען און דעם פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם.

אַז אָט די צוויי אַרטען נאַציאָנאַליסטישע בעוועגונגען האָבען באמת א פּלאַץ אין דעם פּאָליטישען לעבען, קאָן זיך יעדערער איבערציינגען, ווען ער דערמאָהנט זיך נאָר אָן די וויכטיגסטע היסטאָרישע פיגורען, וועלכע דער נאַציאָנאַליזם האָט ארויסקערוקט. מיר געפינען צווישען זיי א ביסמאַרק און א גאַריבאַלדי, א פערדינאַנד לאַסאַל און א פּורישקעוויטש.

זיי אַלע פיער זענען געווען נאַציאָנאַליסטען, אָבער עס איז דאָך קלאָר, אַז דער נאַציאָנאַליזם פון ביסמאַרק האָט ניט געקאָנט זיין דער נאַציאָנאַליזם פון א גאַריבאַלדי און די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון א לאַסאַל קאָנען זיך ניט דעקען מיט די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון א פּורישקעוויטש. ביסמאַרק און פּורישקעוויטש זענען בולט'ע פערטרעטער פון דער רעאַקציאָנערער וועלט־אַנשויאונג, בעת לאַסאַל און גאַריבאַלדי זענען געווען ניט נאָר פּראָגרעסיווע מענשען, נאָר אויך אויסגעשפּראָכענע ראַדיקאַלע רעוואָלוציאָנערען.

אין וואָס בעשטעהט אָבער די נפקא מיניה צווישען דעם פּראָגרעסיווען און רעאַקציאָנערען נאַציאָנאַליזם? וואָס איז דער סימן מובהק, וואָס מיט זיין הילף זאָלען מיר קאָנען זיכער אונטערשיידען איין מין פון דעם אַנדערען?

איינער א טהעאָרעטיקער פון דעם אידישען נאַציאָנאַליזם, דער בעריהמטער פּובליציסט און היסטאָריקער, מ. דובנאָוו, האָט פאָרגעשלאָגען אזא כלל, וואָס זאָל אונז העלפען פערענטפערען די שאלה. דער כלל זאָגט: יעדע נאַציאָנאַליסטישע בעוועגונג פון א **הערשענדען** פאָלק איז רעאַקציאָנער; יעדער נאַציאָנאַליזם פון אַן **אונטערדריקטען** פאָלק איז פּראָגרעסיוו.

אין פלוג קאָן מען קיין בעסערען און בעקוועמערען כלל זיך גאָר ניט פאָרשטעלען.

א הערשענדער פאָלק האָט שוין זיין פרייהייט און זעלבסט־

שטענדיגקייט, בעזיצט אַלע בעדינגונגען פאַר אַן אומגעשטערטער נאַציאָנאַלער ענטוויקלונג. וואָס דאַרף עס נאָך? אויב ביי איהם פלאַקערט אויף אַ נאַציאָנאַלע בעוועגונג, וואָס זאָל דיענען זיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסען, איז דאָס תמיד אין דער פאָרם פון אַ קאַמף אַנטקעגען אַ וועלכעס עס איז אַנדער פאָלק וואָס ווערט פון איהם אונטערדריקט. זיין ציעל איז דעריבער די פערשקלאַפונג פון אַן אַנדער פאָלק אָדער לכל הפּחות דאָס בעשטרעבען צו געווינען די אויבערמאַכט איבער איהם, און דאָס איז רעאַקציאָנער.

צוריק וויעדער דער נאַציאָנאַליזם פון אַן אונטערדריקטען פאָלק איז תמיד פּראָגרעסיוו, ווייל זיין ציעל איז קודם כל אָראָב־צוװאַרפען פון זיך דעם פרעמדען יאָך, געווינען פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט, און דאָס איז בלי ספק פּראָגרעסיוו.

ווערט מען אָבער אַ ביסעל נעהענטער בעקאַנט מיט דעם ווירק־ליכען כאַראַקטער פון די פערשיידענע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, וואָס האָבען געהערשט און הערשען נאָך עד היום אין דער מענשליכער געשיכטע, ווערט מען באַלד געוואָהר, אַז די זעהר בעקוועמע און טעאָרעטיש שעהנע פאָרמעל, וועלכע דובנאָוו שלאָגט פאָר, איז ניט אַלע מאָל אין שטאַנד, אינגאַנצען צו פערענטפערען אונ־זער פּראָבלעם.

לאָמיר נעהמען יענע נאַציאָנאַלע בעוועגונג וואָס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען: „דער פּוילישער אויפשטאַנד פון דעם יאָהר 1863“. בעטראַכט מען זי אין דעם ליכט פון דובנאָוו'ס פאָרמעל, קאָן ביי קיינעם קיין ספק ניט זיין, אַז זי איז געווען אַ דורכאויס פּראָגרעסיווע. פּוילען איז אַן אונטערדריקט פאָלק און דער ציעל פון יענער בעוועגונג איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי נאָר דער איין־איינציגער: אָראָבצושליידערען פון זיך דעם רוסישען יאָך, געווינען די אייגענע פולע פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט און ממילא אויך דעם גרונד־בעדינג פאַר אַ זיכערער נאַציאָנאַלער עק־זיסטענץ און אַ נאַציאָנאַלער רוהיגער ענטוויקלונג.

אַזוי דוכט זיך דאָס אויף דעם ערשטען בליק. קוקט איהר אָבער אריין אַ ביסעל טיעפער אין דעם מהות און די טענדענצען פון יענע קרעפטען, וואָס האָבען געטראָגען און אויסגעקעמפּט דעם פּוילישען אויפשטאַנד פון 1863, אַזוי מוזט איהר שוין אָנהויבען

שטאַרק צו צווייפלען אין דעם פּראָגרעסיווען כאַראַקטער פון דעם גאַנצען קאַמף.

איך וויל בשום אופן נים לייקענען, אז צווישען די שטרעמונגען וואָס האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין דעם אויפברויז פון דעם פּוילישען „מיאַטעזש", האָבען זיך אויך געפונען אַ סך פּראָגרעסיווע עלעמענטען; די פאָרשונגען פון דער לעצטער צייט האָבען אויפגעדעקט אויך אַ ריין סאָציאַליסטישען גערדאַנקענשטראָם, וואָס האָט בלי ספק בעגייסטערט אַ טייל פון דער פּוילישער יוגענד צו דעם העלדענקאַמף אַנטקעגען דעם צאַרישען דעספּאָטיזם.

אָבער קאָן מען דען זאָגען, אז אַט די פּראָגרעסיווע און סאָציאַליסטישע עלעמענטען האָבען געגעבען דעם גרונד־טאָן צו יענער העראָאישער סימפאָניע פון דעם פּוילישען פאָלק? אין קיין פאַל ניט! זיי האָבען געשפּיעלט נאָר אַן עג זאָדישע און זעהר אומבעדייטענדע ראָליע. די בעוועגונג האָט געצויגען איהר אימפּעט פון גאַנץ אַנדערע כוחות, און יענע כוחות האָבען אַרויסגעגעבען גאַנץ אַנדערע טענער, איידער די, וואָס האָבען אַזוי ליעבליך געקלונגען אין די אויערען פון דעם פּוילישען דעמאָקראַט אָדער דעם פּוילישען סאָציאַליסט.

די ערשטע פיעדעל האָט אין דעם פּוילישען אויפשטאַנד געשפּיעלט דער פּ ר י ץ, דער רייכער „שלאַכטשיץ", דער מאַגנאַט. וואָס האָט איהם געטריבען „אין וואַלד אַריין"? וואָס האָט געשטיינערט זיין דאָרשט צו פּוילישער פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט?

די היסטאָרישע אומשטענדען פון דער צייט גיעבען אונז אַ קלאָרע תשובה אויף דער שאלה. רוסלאַנד האָט נאָר וואָס דורכגעפיהרט די פּ ו י ע ר י ם ־ ב ע פ ר י י א ו נ ג אין פּוילען און האָט מיט אַ זיכערען און טיעף־בליקענדען פּאָליטישען פערשטאַנד זיך דערביי אַ סך מעהר גערעכענט מיט די לעבענס־נויטען פון דעם „כלאָפּ", איידער מיט די אינטערעסען פון דעם „פּאַן".

אויף וויפיעל דאָס איז איבערהויפּט געווען מעגליך פאַר דער צאַרישער פּאָליטיק, האָט די רוסישע רעגיערונג, דורך איהרע אַגראַרעפאָרמען אין פּוילען בעשאַפען אַ קלאַס פון זעלבסטשטענדיגע איינענטימער, וואָס איז דורך זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסען גע־

וואָרען צוגעבונדען צו דער פּאָליטישער אויבערהערשאַפט פון רוס־לאַנד.

דאָס האָט נאַטירליך געבראַכט דעם פּוילישען אָדעל. ער האָט געוואוסט, אַז אויב פּוילען וואָלט געווען „פריי און זעלבסט־שטענדיג און וואָלט געהאַט אַלע בעדינגונגען פאַר אַ נאָרמאַלער נאַציאָנאַלער ענטוויקלונג", וואָלט ניט געקומען צו אַזאַ בראָך אויף זיין מאַטעריעלען און פּאָליטישען מעמד. און ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן צו דער ביקס.

די ערשטע פּיעדעל פון דעם אָדעל איז געווען סעקונדירט דורך דעם ברום־באַס פון די קאַטוילישע גלחים, וועמעס אינטערעסען עס זענען מקדמונים געווען פאַרבונדען מיט די אינטערעסען פון דעם אָדעל־שטאַנד. אַ חוץ דעם האָבען זיי געליטען פון דער „פּראַוואָסלאַווגער" אויבערהערשאַפט, וואָס האָט געקעמפּט אַנט־קעגען דער אַבסאָלוטער שליטה פון דעם קאַטוילישען גלויבען איי־בער די נשמות פון דעם פּוילישען פאָלק. אויך פאַר זיי האָט זיך גרייליך געלוינט, פּוילען זאָל זיין פריי און זעלבסטשטענדיג.

פרעגט זיך איצטער: וואָס פאַר אַ פּראָגרעסיווען ווערטה האָט געהאַט דער נאַציאָנאַלער אויפשטאַנד פון דעם אונטערדריקטען „פּוילישען פאָלק"? עס איז אַ פאַקט, אַז דער קאַמף־געשריי: „פּוילענס פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט!" האָט אין דער ווירקליכקייט געהאַט דעם טייטש פון פרייהייט און זעלבסטשטענ־דיגקייט נאָר פאַר די פּוילישע פּריצים און גלחים אויף דעם חשבון פון דעם גאַנצען פּוילישען פאָלק. קאָנען מיר דען אָנרופען פּראָ־גרעסיוו אַזאַ בעוועגונג, וועמעס ציעל עס איז די מאַטעריעלע פערשקלאַפונג פון דעם פאָלק צו דעם פּריץ און זיין גייסטיגע פער־שקלאַפונג צו דעם פּאַפּסט פון רוים?

עס איז דעריבער קלאָר, אַז דובנאָוו'ס טעאָריע האָלט אין דעם פאַל ניט אויס קיין ברעקעל קריטיק. און ניט נאָר אין דעם פאַל, נאָר אויך אין אַלע אַנדערע פעלען. ווי שטאַרק מיר זאָלען ניט זיין איבערגעבען דעם אידעאַל פון פרייהייט און זעלבסטשטענ־דיגקייט פאַר אַלע פעלקער, מוזען מיר דאָך, ווען מיר בעגעגענען זיך מיט אַ וועלכער עס איז נאַציאָנאַלער בעוועגונג אין ווילען אָבשאַצען איהר פּראָגרעסיווען אָדער רעאַקציאָנערען כאַראַקטער,

ניט בלייבען שטעהן ביי דעם אויבערפלעך, ניט נתפעל ווערען פון דעם שעהנעם אויבען־אויף, נאָר אריינבליקען א ביסעל אין דער טיעף.

נעוויס האט יעדעס פאָלק א רעכט אויף פרייהייט און זעלבסט־שטענדיגקייט, ווייל קיין אנדער פאָלק האט קיין רעכט ניט צו אונטערדריקען איהם און געוועלטיגען איבער איהם. געוויס מוזען מיר סימפאטיזירען מיט יעדען פאָלק, וואס וויל אראָבוואַרפען פון זיך א פרעמדען יאָך, ווייל אונזערע אנטיפאטיען געהערען צו דעם עד שכנגד. דאס איז א פראגע פון ר ע כ ט, א וויכטיגע און גרויסע, אָבער פאָרט ניט קיין פראגע פון פ ר אָ ג ר ע ס. מיר וועלען ניט נאָר סימפאטיזירען, נאָר אויך העלפען דעם קאמף פון א ק אַ ט אָ ל י ק, אויב ער ווערט ערגעץ וואו בעגרעניצט אין זיין רעכט אויף זיין רעליגיעזען גלויבען.. אָבער מיר נארען זיך דערביי אליין ניט אָב און ווייסען גאנץ גוט, אז די טהעטיגקייט פון דעם בעפרייטען קאטאליק וועט זיין דורכאויס א רעאקציאָנערע.

דובנאָוו'ס פאָרמעל מוז דריבער פערביטען ווערען אויף אן אנדערער, וואס בלייבט ניט שטעהן ביי דער אויבערפלעך פון דער זאך, נאָר לאזט זיך אראָב אויף איהר גרונד. דער סימן מובהק פון רעאקציאָנער אָדער פראָגרעסיוו ליעגט ניט אין דעם פאקט פון „הערשענד" אָדער „אונטערדריקט", נאָר אין יענע לעבענס־ציעלען, צוליעב וועלכע דאס פאָלק אָדער די פּארטיי קעמפט פאר פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט.

אויב די לעבענס־ציעלען פון דער נאציאָנאליסטישער בעוועגונג בעשטעהען אין דער פערשטארקונג פון דעם אלגעמיין־מענשליכען פראָגרעס אין אלע צווייגען פון דעם פאָלקס ענטוויקלונג, איז יעמאָלט איהר נאציאָנאליזם א פראָגרעסיווער; אויב אָבער מען האט אין זין, אויסצונוצען די נאציאָנאלע פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט, כדי צו קעמפען אין דעם איינענעם לעבען פון דעם פאָלק אנטקעגען די פאָדערונגען פון דעם אלגעמיין־מענשליכען פראָגרעס, כדי צו פערשטארקען די רעאקציאָנערע עלעמענטען פון דעם לעבען, — יעמאָלט מעג די בעוועגונג זיין פון אן ווי אונטערדריקטען און גע'רודף'טען פאָלק, איז איהר נאציאָנאליזם פאָרט אין תוך אריין א רעאקציאָנערער.

דאָס איז דער קריטעריום, וואָס דאַרף אונז העלפען פאַנאַנדער־קלויבען זיך אין די פערשיידענע נאַציאָנאַלע שטרעמונגען און בעוועגונגען סאַי ביי די אומות העולם, סאַי ביי אונזער אייגענעם פאָלק.

20טען סעפּטעמבער, 1915.

---

## דאָס פּראָבלעם פון פּראָגרעס

א בארג מיט ליטעראַטור איז אָנגעשריבען געוואָרען וועגען דעם מענשליכען פּראָגרעס: ביכער, בראָשורען, מעמואַרען און אַרטיקלען. די פּאָעזי האָט איהם בעזונגען, די וויסענשאַפט האַלט איהם אין איין אויספאָרשען, די פילאָסאָפיע בעלייכט איהם און זוכט אַריינצודרינגען אין זיין פערבאָרגענעם מהות. די גרעסטע דענקער און פאָרשער האָבען זיך גע'חקרן'ט וועגען איהם.

ווען איהר לאָזט אָבער פערבייציהען פאַר אייער גייסטיגען אויג אַלע רעזולטאַטען, צו וועלכע די פאָרשער און דענקער זענען געקומען, און איהר שטעלט זיך אוועק די פּשוט'ע פראַגע: איז וואָס איז פּאָרט אַזוינס דער מענשליכער פּראָגרעס? — געפינט איהר, אַז איהר האָט ניט אויף איהם קיין איינהייטליכען און קלאָרען ענטפער.

נראָד די טיעפסטע קעפּ, — די הענעלס און די ספּענסערס, — האָבען געוואָלט אויסגעפינען דעם פילאָסאָפישען תמצית ניט אַזוי פון דעם מענשליכען פּראָגרעס, ווי פון דער וועלט־ענטוויקלונג בכלל.

האָט העגעל אויסגעפונען, אַז דער אינווענינסטער תוך פון דער גאַנצער וועלט איז אַ לאָגישער פּראָצעס, וואָס שפּיעלט זיך אָב אין דעם וועלט־שכל, און דער מענשליכער פּראָגרעס איז דער העכסטער שטאַפּעל פון זיין ענטוויקלונג.

האָט ספּענסער זיך דערטראַכט, אַז די וועלט־עוואָלוציע איז אַ מעכאַנישער פּראָצעס, וואָס קומט פאָר, נאָך בעשטימטע געזעצען, אין דעם אַלוועלטליכען שטאָף, און אַז אויך די מענשליכע געזעלשאַפט איז ניט מעהר ווי אַ ספּעציאַל־פאַל פון יענע אייבינע געזעצען, וואָס בעהערשען דעם אייבינען שטאָף.

צווישן די צוויי עקסטרעמען, — דעם לאָגיש־אידעאַליסטישן פון העגעל און דעם מעכאַניש־גשמיות'דיגען פון ספּענסער, — ליגט אַ גרויסע צאָהל פון פילאָסאָפישע וועלט־אַנשויאונגען, וואָס נייגען זיך אָדער צו דעם, אָדער צו יענעם ברעג. זיי אַלע דערצעהלען אייך, ווי אַזוי די וועלט האָט פּראָגרעסירט און האַלט אין איין פּראָגרעסירען און פאַר וואָס דער מענשליכער פּראָגרעס איז אין תוך אַריין דיזעלבע זאַך, ווי די עוואָלוציע פון דער טויטער און לעבעדיגער נאַטור.

ווידער אַנדערע, ווי די גרויסע סאָציאָלאָגען און געשיכטס־פילאָסאָפען, די קאָנטס און די באָקלס און די מאַרקסעס, זענען פער־אינטערעסירט אויסצוגעפינען יענע גרונד־קרעפטען וואָס רופען אַרויס דעם מענשליכען פּראָגרעס, און וואָס האָבען די גרעסטע שליטה אויף זיין גאַנג.

זאָגט קאָנט, אַז די גרונד־קראַפט איז די ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען שכל. זאָגט באָקל, אַז דעם גאַנג פון דעם מענשליכען פּראָגרעס בעשטימען די דרויסענדיגע געאָגראַפישע סביבה, דער מצב פון די מענשליכע קענטניסען וועגען דער נאַטור און דער ברואה, אין וועלכע די קענטניסען זענען פערשפּרייט צווישען דעם פאָלק.

קומט מאַרקס און איז מבטל אַלע פריהערדיגע טעאָריעס. די „סבה העליונה", די לעצטע גרונד־קראַפט, וואָס ברענגט אַרויס דעם מענשליכען פּראָגרעס, בעשטעהט, זאָגט ער, אין דער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען, אין דעם אַנטוויקלען פון יענע כחות, אַ דאַנק וועלכע דער מענש ווערט דער אויבער־האַר איבער דער נאַטור, און אין יענע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדען, וואָס וואַקסען אַרויס אין דער געזעלשאַפט, לויט דעם מעמד פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען.

אָבער ניט די פילאָסאָפען, ניט די סאָציאָלאָגען האָבען זיך ניט גענעבען די טירחה קודם כל, קלאָר צו פאָרמולירען, וואָס אַזוינס דער מענשליכער פּראָגרעס איז, אין וועלכע לעבענס־ערשיינונגען דריקט ער זיך אויס, און דערנאָך ערשט ספּעקולירען צו זיין זיך וועגען זיין פילאָסאָפישען תוך און וועגען די כוחות, וואָס בעהערשען און בעשטימען איהם.

אַנדערע ווידער האָבען זיך געבראָכען די מחות אויף דער שאלה צי איז דער מענשליכער פּראָגרעס דאָס, וואָס ער דאַרף זיין; צי נעהט ער וואוהין מען דאַרף און צי איז ער גאָר ניט פערקראָכען רחמנא לצלן קיין בויבעריק.

איינער, אַ רוסישער שריפטשטעלער, ניקאָלאַי מיכאַילאָווסקי, אַ שאַרפזיניגער און אין פּיעלע פּונקטען אַן אמת־גענישאַלער דענקער האָט אָנגעשריבען אַ גרויסען חבור מיט דעם נאָמען: „וואָס איז אַזוינס פּראָגרעס?" דאַרטען וואָלט איהר געהאַפט שוין אויף זיכער צו קריגען אַ קלאָרען ענטפער אויף דער שאלה, וועלכע דער מחבר שטעלט זיך אליין אַוועק.

לאָזט זיך אויס, אַז מיכאַילאָווסקי גיט אונז ערטערווייז גלענצענדע געדאַנקען וועגען דעם, וואָס דער פּראָגרעס האָט ניט בעדאַרפט זיין, און זעהר טיעפע בליקען וועגען דעם, וואָס יענער פּראָצעס פון דער מענשליכער געשיכטע זאָל, לויט מיכאַילאָווסקי'ס אויסרעכענונגען, אָנהויבען אויפטהאָן פאַר דעם מענשען.

און אין דער לעצטער שורה פון זיין אָריגינעלער, טיעפזיניגער פאָרשונג קומט אויס, אַז דאָס אָבגעשטאַנענע, כמעט אין אַלע פּרטים פון דער ציוויליזאַציע צוריק געבליבענע, רעאַקציאָנערע רוסלאַנד, וואָס האָט זיך עד היום גאָך זעהר ווייניג בעטהייליגט אין דעם פּראָגרעסיווען לעבען פון דער מענשהייט, שטעהט נעהענטער צו דעם, וואָס פּראָגרעס זאָל זיין, איידער די מעריב־אייראָפּעאישע לענדער און פעלקער, וואָס האָבען אין זייער לעבען און קעמפען אויסגעוועהטיגט די יסודות פון יענעם ווירקליכען פּראָגרעס, וועגען וועלכען מיר רעדען און וועלכען מיר שטודירען.

מיכאַילאָווסקי'ס קריטיק פון דעם מענשליכען פּראָגרעס, — איהר מעגט איינשטימען מיט איהם אָדער ניט,—איז געוויס אַן עהרליכע, וואָס איידעלע אידעאַלען געטראָגענע און אָפטמאָל זעהר טיעפע הקירה וועגען דעם וויכטיגסטען ענין, וואָס דאַרף אינטערעסירען אַ מאָדערנעם מענשען. אָבער אויך זי גראָבט ערגעץ־וואו אָן אַ זייט. לפּחות אָן אַ זייט פון יענער פראַגע, וואָס דאַרף פערענטפערט ווערען קודם כל: די פראַגע, וואָס איז אַזוינס דער מענשליכער פּראָגרעס, דער ווירקליכער, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזען אין דער ביזאַהעריגער מענשליכער געשיכטע. וואָס דער

פּראָגרעס ז אָ ל זיין, אָדער זאָל נ י ט זיין, איז זיך אַ בעזונ־
דערע פראַגע, אַ ס ו ב י ע ק ט י ו ו ע, בעת אַן אויפגאַבע האָט
מיכאַילאָווסקי זיך אָוועקגעשטעלט אַן אָ ב י ע ק ט י ו ו ע:
אויסצוגעפינען, וואָס דער פּראָגרעס א י ז.

דער רוסישער פאַרשער וועגען פּראָגרעס איז ניט דער איינ־
ציגער, וואָס איז אומצופריעדען מיט זיין איצטיגען גאַנג. נאָך
פאַר איהם זענען אויפגעטראָטען דענקער, וואָס האָבען געמאַכט אַ
סך ראַדיקאַלערע אָנפאַלען אויף דעם פּראָגרעס. דער טיעפסטער
און אָריגינעלסטער פון זיי אַלעמען איז געווען דער זשענעווער פילאָ־
סאָף און אויפקלהרער, זשאַן־זשאַק רוססאָ, וועמעס געדאַנקען עס
האָבען בעפרוכפערט די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע און האָבען
ניט אויפגעהערט צו בעפרוכפערן דאָס מענשליכע דענקען ביז טיעף
אין אונזער ציים אריין, ביז אויף אַ טאָלסטאָי, אַ ניעטשע, אַ
בערגסאָן.

ניט נאָר דעם מענשליכען פּראָגרעס, נאָר די גאַנצע קולטור
די מענשליכע, איהר ציוויליזאַציע, אויף וועלכע זיין דור איז געווען
אַזוי שטאָלץ, גרייפט רוססאָ אָן אין זיין קריטיק. „אַלץ, וואָס קומט
ארויס פון דער נאַטור'ס הענד איז גוט, און אַלץ ווערט פערדאָרבען
אין דעם מענשען'ס הענד", האָט רוססאָ געלערענט.

„לייענט מען רוססאָ", האָט אַמאָל וואָלטער בעמערקט, „ווילט
זיך איינעם אָנהויבען צו קריכען אויף אַלע פיער".

דאָס וואונדערליכסטע מיט רוססאָ איז, וואָס ער האָט געהערט
צו אַ דור פּראָגרעסיווע דענקער און טהוערס, וואָס האָבען דאָס
וואָרט פּראָגרעס פון מויל ניט ארויסגעלאָזען, וואָס האָבען צום ער־
שטען מאָל דערקענט, אַז די מענשהייט געפינט זיך אין אַ פּראָגרע־
סיווער ענטוויקלונג, וואָס האָבען דיעזע ענטוויקלונג אויפגעהויבען
צו דער מדרגה פון דעם העכסטען אידעאַל פון דעם מענשען, און
האָבען אין דעם נאָמען פון דעם נייעם אידעאַל געקעמפט אַנטקעגען
אַלע אָבגעלעבטע כחות פון דער אַלטער געזעלשאַפט, וועלכע האָבען
געשטערט איהר פּראָגרעסיווען גאַנג. און נאָך וואונדערליכער איז
עס צו דערמאָהנען זיך, אַז רוססאָ'ס ווערק זיינען נאָך עד היום
דער בעסטער אַרסענאַל פון כלי־זיין פאַר יענעם אייביגען קריעג,
וועלכען דער פּראָגרעס דאַרף פיהרען אַנטקעגען זיינע פיינד.

אבער אוין ביי רוססא'ען וועט איהר אומזיסט זוכען אן ענטפער אויף דער אונז אינטערעסירנדער שאלה, און איך בין זיכער, אז אויב ער וואלט זיך פריער פערטראכט וועגען דעם, וואס דער פראגרעס איז, איידער ער איז געגאנגען קריטיקירען איהם, וואלט ער באלד איינגעזעהן, אז ער אליין איז איינער פון די, וואס קעמפען פאר געוויסע נויטווענדיגע יסודות, אהן וועלכע מען קאן זיך ניט פארשטעלן א מענשליכען פראגרעס.

נאך אן ערגערען סך־הכל, איידער רוססא, האט פון דעם גאנצען פראגרעס געמאכט דער פעסימיסט שאפענהויער. פראגרעס? לא היו דברים מעולם! אין גאנצען אן אויסגעטראכטע זאך. וואס די מענשען זאגען געווען, דאס זענען זיי און דאס וועלען זיי אייביג פערבלייבען! דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת. עס געהט א דור נאך א דור און די ערד בלייבט ווי זי איז געווען. אזוי ענטפערט שאפענהויער מיט דעם ניגון און אין דעם סגנון פון אונזער קהלת.

פון אזא דענקער האט איהר אודאי קיין רעכט ניט צו פאדערען ער זאל אייך דערקלעהרען, וואס אזוינס איז פראגרעס.

דאס הייסט: הושר זיין בין איך חושד שאפענהויער'ן (זאל דאס בלייבען א סוד צווישען אונז), אז ער האט גראד געוואוסט, וואס אזוינס פראגרעס איז. ער האט איהם אבער דערקלעהרט פאר אן אילוזיע, ווייל ער, — דער פראגרעס, מיין איך, — האט ניט געפאסט צו זיין סיסטעם פון „הבל הבל" און צו זיין רעאקציאנערער טענדענץ.

על־כל־פנים, בלייבט אויך ער אונז שולדיג א תירוץ אויף דער שאלה, וואס איז אזוינס פראגרעס, דערזעלביגער פראגרעס, אויף וועלכער מיר זאלען מהיום והלאה קוקען ווי אויף א פערבלענדעניש, אויף א כישוף, וואס האט ניט קיין ברעקעל רעאלען ווערטה אין דעם לעבען.

22טען סעפטעמבער, 1915.

# וואָס איז פּראָגרעס?

די רייכע ליטעראַטור וועגען דעם מענשליכען פּראָגרעס גיט אונז ענטפערס (שוין אַ ביסעל צו פיעל ענטפערס!) וועגען זיין פילאָסאָפישען תוך, וועגען יענער אייבינער, אַל־וועלטליכער קראַפט, וואָס ווירקט אין איהם און וואָס געפינט אין איהם זיין העכסטען אויסדרוק.

די פאַרשטעהער און דענקער דערצעהלען אונז אויך וועגען יענע אורזאַכען, וואָס רופען איהם אַרויס אין לעבען און וואָס האָבען די גרעסטע שליטה אויף זיין גאַנג.

זיי אַמפּערן זיך אָפטמאָל וועגען דעם, צי געהט ער אין יענע דרכים, אין וועלכע ער האָט באַדאַרפט געהן, לויט איינעם'ס אויס־רעכנונג; צי ער האָט געבראַכט גוטעס דעם מענשען, אָדער גאָר שלעכטס, און אייניגע, ווי צ. ב. שאָפּענהויער, לייקענען אין גאַנצען אָב, אַז עס איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ מין געשעהען, וואָס זאָל קאָנען אָנגערופען ווערען פּראָגרעס.

אָבער ביי קיינעם פון זיי געפינען מיר ניט קיין קלאָרען און פּינקטליכען ענטפער אויף דער שאלה, וועלכע האָט געדאַרפט אַוועק־געשטעלט ווערען און פערענטפערט ווערען פריהער פאַר אַלץ: ו ו אָ ס א י ז אַזוינס פּראָגרעס?

נאָך גאָר ניט לאַנג, — מיט אַ יאָהר אַנדערהאַלבען צוריק, איז אין פראַנקרייך, ביי דער בעריהמטער פערלאַגס־פירמע פעליקס אַלקאַן, אַרויס אַ צוויי־בענדיגע בוך מיט דעם נאָמען „פּראָגרעס און גליק". זיין מחבר איז דער אויך דעם אידישען לעזער בעקאַנ־טער רוסיש־אידיש־פראַנצויזישער כל־בו־שריפטשטעלער, זשאַן פי־נאָ. אין דעם בוך נעהמט ער זיך אונטער צו געבען ניט ווייניגער, ווי „די פילאָסאָפיע, די מאָראַל און די וויסענשאַפט פון פּראָגרעס און גליק". מאָלט אייך, אַז וואָס דאַרטען אין בוך פעהלט נאָך צו

די אַלע זאַכען, זאָלען מיר דאָס ווען עס איז האָבען, לאָז זיין אפילו אין אַ פאַר דורות ארום.

אָבער איין זאַך האָט דער מחבר געוויס ניט געטאָרט פערפעהלען: דעם ענטפער אויף דער אויבען־אוועקגעשטעלטער שאלה, אַ קלאָרע בעשרייבונג פון דעם, וואָס ער פערשטעהט אונטער דעם נאָמען פּראָגרעס, וועגען וועלכען ער נעהמט זיך אונטער צו רעדען אין דער לענג און אין דער ברייט. ליידער, בלייבט אויך דער שרייבער געטריי צו די טראַדיציעס פון דער ליטעראַטור וועגען אונזער ענין: מען האָט זיך ווי צונויפגערעדט, וועגען דער הויפּט־זאַך צו מאַכען אַ שוויג.

וואָס איז דאָס פאַר אַ צרה מיט דעם פּראָגרעס? געהערט ער צו יענע, אַלעמען בעקאַנטע ענינים, וואָס לאָזען זיך ניט אריינפּרעסען אין אַ וועלכער עס איז פאָרמעל? איז זיין גורל דערזעלביגער, ווי דער גורל פון רוים, צייט און לעבען, וואָס יעדער ווייס זיי, רעדט וועגען זיי און קיינער קאָן זיי ניט דעפינירען? מוזען מיר אויך אויף דעם פּראָגרעס אַנווענדען יענעם קלוג און טיעף ווערטעל, וואָס דער הייליגער אויגוסטין האָט געזאָגט וועגען דער צ י י ט: „אז מען פרעגט מיך ניט, וואָס אזוינס צייט איז, ווייס איך יוצא דאָס איז; פרעגט מען מיך אָבער, ווייס איך ניט"?

מיר דוכט, אַז די שוועריקייט ליעגט דאָ ניט אזוי אין דעם פּראָבלעם גופא, ווי נאָר אין דעם, וואָס די טהעאָרעטיקער און פאָרשער זיינען דער עיקר געוועזען פעראינטערעסירט ארויסצוזאָגען און בעווייזען זייערע מיינונגען ו ו ע ג ע ן דעם פּראָגרעס, אויסצונוצען די ערשיינונג, כדי צו אונטערשטיצען מיט איהר זייערע ליעבלינגס־אידעען, — פילאָסאָפישע, סאָציאָלאָגישע אָדער מאָראַלישע. מען האָט זיך אָבער נאָר ווייניג אינטערעסירט מיט אַ ריין אָביעקטיווען, ריין עמפּירישען אַנאַליז פון דעם, וואָס אזוינס דער פּראָגרעס שטעלט מיט זיך פאָר אין דער ווירקליכקייט, — אַלץ איינס, וואָס פאַר אַ פילאָסאָפיע עס קאָן אויף איהם געשטיצט ווערען, אַלץ איינס, וואָס איהר זאָלט ניט דענקען וועגען זיין ווערט און זיין מהות.

מיר דוכט, אַז אויב מען וואָלט זיך אוועקגעשטעלט אזא ריין וויסענשאַפטליכע, ריין אָביעקטיווע אויפגאַבע, וואָלט לחלוטין ניט

געווען אזוי שווער פארטיג צו ווערען מיט איהר. מענשליכער פּראָגרעס איז קודם כל אַן ערשיינונג אין דעם געזעלשאַפטליכען און היסטאָרישען לעבען. דאָ שטעהען מיר ניט פאַר וועלכע עס איז סודות פון דער נאַטור, פון דער אונז אונבעקאַנטער דרויסען־וועלט, וואָס דעם מענשליכען שכל איז אזוי שווער אריינצודרינגען אין איהר.

מיר אַלע געברויכען טאָג־טעגליך די איינטיילונג פון פעלקער און לענדער אין „פּראָגרעסיווע" און „אָבגעשטאַנענע". אַמעריקאַ, ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, זאָגן מיר, זענען פּראָגרעסיווע לענדער; רוסלאַנד, טערקיי, כינאַ זענען, זאָגן מיר, אָבגעשטאַנענע לענדער.

די זעלביגע איינטיילונג פיהרען מיר אויך דורך בנוגע צו פערשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען. מיר זאָגען: די „קאַדעטען" אין רוסלאַנד זענען אַ פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, די אָקטאָבריסטען נור לפּנים פּראָגרעסיוו, די סאָציאַליסטען זענען די פּראָגרעסיווסטע און די „שווארץ־מאה'ניקעס" זענען די ריינסטע רעאַקציאָנערען. און מיט דער זעלבער זיכערקייט רעדען מיר וועגען פּראָגרעסיווע און רעאַקציאָנערע צייטען אין דער מענשליכער געשיכטע.

אויף וועלכען גרונד מאַכען מיר אַזאַ אונטערשיידונג? עס מוזען דאָך דערביי זיין ביי אונז געוויסע סימנים פון פּראָגרעס און אָבגעשטאַנענקייט, איידער מיר זאָלען קאָנען פּאַנאַדערטיילען די לענדער, פּאַרטייען און עפּאָכען אין פּראָגרעסיווע און ניט פּראָגרעסיווע.

און אויב יענער גרונד איז אונז אַלעמען נאָך ניט אין גאַנצען קלאָר, דאַרפען מיר נאָר נעהמען און פערגלייכען די פּראָגרעסיווע לענדער, פּאַרטייען און עפּאָכען מיט די אָבגעשטאַנענע, זיך אַליין דערביי פרעגן, מ י ט  וו אָ ס  זיי  שערען זיך אָב איינע פון די אנדערע אין דעם אונז אינטערעסירענדיגען ענין, פּרובען צוריקפיהרען אַלע געפונענע סימנים צו אַ געוויסער קליינער צאָהל י ס ו ד ו ת, וועלען מיר יעמאָלט האָבען אַן ענטפער אויף אונזער שאלה.

אמת, דער ענטפער וועט יעמאָלט זיין פילאָסאָפיש ניט איבעריגס טיעף און אפשר אויך וויסענשאַפטליך ניט גאָר אין גאַנצען

פונקטליך, אָבער לכל הפחות וועלען מיר וויסען, ו ו אָ ס איז אַזוינס דער ענין, וועלכער דאַרף אונז, אַלס פּראָגרעסיווע מענשען, אינטערעסירען אַזוי שטאַרק. און ערשט נאָכדעם, ווען מיר וועלען אויסגעפינען אָביעקטיוו די יסודות פון דעם פּראָגרעס, זאָל זיך יעדערער פילאָסאָפירען וועגען זיין אינווענינסטען תוך, אויספאָרשען די קרעפטען וואָס ברענגען איהם ארויס, אָבשעצען זיין ווערטה, און ארויסזאָגען זיין מיינונג, צי ער געפעלט איהם אָדער ניט, צי ער וואָלט געוואָלט איהם האָבען אַזאַ ווי ער איז, אָדער אפשר גאָר אַן אַנדערען, אַ בעסערען און אַ שעהנערען.

נאָך מיין מיינונג לאָזען זיך אַלע סימנים פון פּראָגרעס, — סאַי אין די פּראָגרעסיווע לענדער, סאַי אין די לעהרען און טהאַטען פון די פּראָגרעסיווע פּאַרטייען, סאַי אין די פּאַסירונגען פון די פּראָגרעסיווע צייטען, — צוריקפיהרען צו פיער י ס ו ד ו ת, וואָס פון זיי, הפנים, בעשטעהט דער גאַנצער מענשליכער פּראָגרעס.

דער ערשטער יסוד איז ד י פּ ע ר ז ע נ ל י כ ע פ ר י י ה י י ט. מען קאָן זאָגען, אַז דאָס איז דער וויכטיגסטער יסוד פון אַלע און אַז אין קיין זאַך דריקט זיך דער פּראָגרעס פון דער מענשהייט ניט אַזוי בולט אויס, ווי אין איהם. מען קאָן זאָגען, אַז אויף דער גאַנצער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט דאַרף אַנגעווענדט ווערען דער שפּרוך פון דער הגדה: „מעבדות לחירות!“ פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט!

וואָס פאַר אַ צווייג פון דער מענשליכער קולטור איהר זאָלט ניט אַנכאַפּען, — פון דעם גשמיות'דיגסטען ביז צו דעם רוחניות'דיגסטען, — וועט איהר זעהען, אַז זיין פּראָגרעס בעשטעהט אין אַ וואָסער עס איז אַרט בעפרייאונג פאַר דעם מענשען.

נעהמט איהר די מאַטעריעלע ענטוויקלונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, דעם פּראָגרעס פון וויסענשאַפט און טעכניק, די ענטוויקלונג פון יענע כוחות, וועלכע דער מענש ווענדט אָן אין דער פּראָדוקציע פון אַלע זיינע גיטער, זעהט איהר, אַז ער, דער פּראָגרעס, שוואַכט אָב דעם מענשען'ס אָבהענגיגקייט פון דער נאַטור, אַז ער לערנט איהם, ווי אַזוי פ ר י י, ד. ה. לויט דעם איינענעם ווילען, צו בעהערשען איהרע געזעצען און קרעפטען.

נעהט איהר איבער צו דער גייסטיגער זייט פון דער מענשלי־

בער קולטור, געפינט איהר אויך דא, אז יעדער שריט פאראויס איז פערבונדען מיט א בעפרייאונגס־אקט, וואס מאכט דעם מענשען זעלבסטשטענדיגער און אונאבהענגיגער אין זיין דענקען און פיהלען און לערנט איהם, זיך צו בעגעהן אהן פרעמדער הילף, לערנט איהם אראבטרייסלען פון זיך יענע חוקים ומשפטים, מיט וועלכע אלער־ליי אויטאריטעטען, —רעליגיעזע, פילאזאפישע און געזעלשאפטליכע, — זוכען איינצוצאהמען זיין דענקען, פארשען, פיהלען און טהאן.

און אייך וואונדערט ניט דעריבער, וואס אין א פראגרעסי־ווען לאנד געניסט דער מענש א סך מעהר פרייהייט, איידער אין אן אבגעשטאנענעם; וואס א פראגרעסיווע פארטיי פאדערט מעהר פרייהייטען פאר דעם מענשען, איידער א קאנסערוואטיווע, און אז דער קאמף פון פראגרעס און רעאקציע שפיעלט זיך אב קודם כל אויף דעם פעלד פון פאליטישע פרייהייט.

די פערזענליכע פרייהייט איז אבער ניט דער איינציגער יסוד פון דעם פראגרעס און ניט אויף איהם אליין שטעהט די גאנצע פראגרעסיווע וועלט. פריי, אבסאלוט פריי איז אויך געווען א ריא־גען אין דעם אלטערטהום, וואס האט זיך אבגעזאגט פון אלע קולטורעלע בעדערפענישען און האט דערגרייכט אזא מדרגה, אז ער האט געקאנט אוועקווארפען דעם איינציגען קולטורעלען חפץ, וועלכען ער האט נאך בענוצט, — דאס לעהמענע קריגעל צו טרינקען וואסער. פריי, אבסאלוט פריי, קאן אין דעם רעאקציא־נערסטען לאנד זיין יעדער איינער, וואס פערלאזט דעם מענשליכען ישוב און געהט אוועק אין מדבר אדער אין טיעפען וואלד, צו לעבען דארטען, ווי די נאטור האט געבאטען. איז דאס דער וועג פון דעם מענשליכען פראגרעס? פיהרט אויך ער צו א פרייהייט אין ארעמקייט, צו א לעבען אהן בעדערפעניסען?

בעשיינפערליך, ניט. עס איז גענוג א בליק צו טהאן אויף דער גאנצער געשיכטע פון דער מענשהייט, כדי איינצוזעהען, אז דער וועג פון איהר ענטוויקלונג פיהרט ניט פון רייכקייט צו ארעמקייט, נאר פארקערט: פון ארעמקייט צו רייכקייט.

דער מענש האט אנגעהויבען זיין מענשליכען לעבען ווי א קבצן. סאי אין מאטעריעלע חפצים, סאי אין גייסטיגע אידעען

און עניים האָט געהערשט אַ שרעקליכער דלות. און איצטער איז די מענשליכע קולטור אַזוי רייך, אַז זי קאָן באמת פערגליכען ווערען צו אַ ים, וועלכער קיינער איז ניט ביכולת אויסצושעפּען.

דער חילדער פון אַמאָל, מיט זיין בלעטער־גאַרטעל, ווי בע־קליידונג, מיט זיין פייל־און־בויגען, ווי געצייג, מיט זיין קערפּער־געמעל, ווי בעציערונג, האָלט געקאָנט שטאַלץ זאָגען וועגען זיך, אַז ער האָט אויפגענומען אין זיך די גאַנצע מענשליכע קולטור פון זיין צייט־אַלטער.

איצטער איז שוין אַזאַ שטאָלץ געוואָרען אונמעגליך. קיינער קאָן ניט האָבען די העזה צו זאָגען, אַז ער קאָן אריינגעהמען אין זיך די גאַנצע קולטור פון זיין צייט. וואָס אַ יאָהר וואַקסען אַלץ נייע און נייע חפצים צו בעפריעדיגען די אַלץ מעהר אַנוואַקסענדע מענשליכע בערערפניסען; עס ווערען אויסגעטראַכט אַלץ נייע און נייע געצייג און מעטהאָדען, ווי צו פערפערטיגען די נויטיגע חפצים. עס ווערען ארויסגעבראַכט אַלץ נייע און נייע אידעען אין וויסענ־שאַפט און קונסט, אין רעליגיע און פילאָסאָפיע, אין מאָראַל און געזעלשאַפטליכען לעבען, וואָס דאַרפען בעפריעדיגען דעם קיינמאָל ניט זאַט־ווערענדען גייסטיגען הונגער פון דעם מענשען.

דער צווייטער יסוד פון דעם מענשליכען פּראָגרעס איז דע־ריבער די קולטורעלע רייכקייט.

24סטען סעפּטעמבער, 1915.

---

# די יסודות פון דעם מענשליכען פּראָגרעס

דער ערשטער יסוד פון דעם מענשליכען פּראָגרעס איז, ווי מיר האָבען געזעהען, פערזענליכע פרייהייט. זיין צווייטער יסוד איז קולטורעלע רייכקייט.

די איצטיגע מענשליכע קולטור איז אַ ים, וועלכען קיין איינצעלנער מענש קאָן ניט אויסשעפּען. און דער ים האַלט אין איין וואַקסען און זיך פאַנאַנדערפּלייצען. שוין אין דער איצטיגער צייט קאָן מען זאָגען, אַז די מענשליכע קולטור איז געוואָרען אַ

צ ו ו י י ט ע  ו ו ע ל ט, וואס דער מענש האט אליין בעשאפען, אדער, — אויב איהר ווילט, — וואס די געטליכע קראפט האט בעשאפען דורך דעם  מ ע נ ש ע ן.

די צווייטע וועלט איז אין א סך פרטים אפשר נאך העכער און אינטערעסאנטער, איידער די ערשטע, די נאטירליכע, די וואס רינגעלט ארום דעם מענשען. אין איהר געפינען מיר אזעלכע אוצרות, וועלכע מען קאן בשום אופן נים אנטרעפען אין דער נאַ־טירליכער וועלט. ניטא אין דער גאנצער טבע אזא זאך, ווי אן אייזענבאהן, א בעטהאווען׳ס סימפאניע, א סולצער׳ס „אדם יסודו", א רעמבראנדט׳ס א בילד, א היינע׳ס פאעזי, אן אמעריקאנער „דעקלערייזשאן אוו אינדעפענדענס", א טאלסטאי׳ס „קריעג און פריעדען". און אפילו אין דעם רייכסטען טראפישען וואלד קאן נים אויסוואקסען אויף א בוים דער „קדושת לוי" פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער.

דער מענש האט דאס אלע בעשאפען, און זיין שאפונגס־קראפט שטעהט נים שטיל אויף א מאמענט. פון אלע זייטען שלאגען קאסקאדען פון אלץ נייע און נייע בעשאפונגען, און זיי אלע זאמלען זיך אן אין דעם באלד אונענדליכען ים פון דער מענש־ליכער קולטור.

אין קיין זאך איז נים אזוי ניכר און בולט ווי די אביעקטייוע ארבייט פון דעם מענשליכען פראגרעס, ווי אין דעם בעשאפונגס־פראצעס פון דעם קולטורעלען רייכטהום, פון די אלע חפצים, וועלכע ער ברענגט ארויס כדי צו בעפריעדיגען דעם מענשענס בעגעהר, פון די אלע ענינים, וועלכע ער טראכט אויס, כדי צו שפייזען זיין שכל און זיין נעמיטה.

און פון דעסטוועגען איז קולטורעלע רייכקייט אליין, אפילו אין איינעם מיט דער פערזענליכער פרייהייט, נאך נים גענוג, כדי אויסצושעפען דעם גאנצען ענין פון דעם מענשליכען פראגרעס: א הויכען גראד פון קולטור־רייכטהום קאנען מיר אנטרעפען אפילו אין די רעאקציאנערסטע לענדער.

נעהמט א רייכע, ליבעראלען און געבילדעטען פוילישען מאג־נאט, אזוי, אן ערך, אין די צוואנציגער יאהרען פון דעם פאריגען יאהרהונדערט. זיין הויף איז כמעט א „זעיר אנפין", א מיניאטור־

קאָפּיע פון דער גאַנצער יעמאָלטיגער קולטור. זיין פּאַלאַץ איז דער בעסטער מאָדעל פון בוי־קונסט; אין די אָראַנזשעריעס ווערען אויסגעבראַכט די זעלטענסטע טראָפּישע פרוכטען; די ספּריב־אַלמערס ברעכען זיך פון די בעסטע ביכער, אין וועלכע עס ווערען אויפבעוואַהרט די איידעלסטע און טיעפסטע געדאַנקען; די ווענד אין זאַל בעהאַנגען מיט די זעלטענסטע קונסט־בילדער; אויף די קלאַוועסינען און קלאַוויקאָרדען ווערען געשפּיעלט די סענטימענטאַלסטע מוזיק־פּיעסען פון דער צייט...

נאָר אָפּטמאָל רייסט זיך אריין אין דער מוזיק עפּעס אַ משונה ווילדער געשריי פון דעם הויף, פון דעם וויטען שטאַל, — אַ געשריי, וואָס מאַכט ניט קיין בעזונדערען איינדרוק אויף די ליבעראַלע מענשען, וואָס געניסען די צאַרטסטע פרוכטען פון דעם מענשליכען פּראָגרעס: דאָס שמייסט מען בעת מעשה אַן אָרעמען „כלאָפּ“, וואָס האָט זיך פערזינדיגט פאַר זיין באַלאַבאָס.

אין די רעאַקציאָנערע אָדער אָבגעשטאַנענע לענדער געפינט זיך דער קולטור־רייכטום נאָר אין ווענינע הענד, און די מאַסען זענען כמעט אין גאַנצען אויסגעשלאָסען פון איהם.

ס'איז אמת, אויך אין די פּראָגרעסיווע לענדער זענען די מאַסען נאָך ווייט־ווייט ניט אין דער לאַגע, פריי צו שאַפען און פריי צו געניסען די מענשליכע קולטור, באמת הנאה האָבען פון אַלע איהרע מאַטעריעלע און גייסטיגע אוצרות.

אָבער, ווען איהר פערגלייכט די פּראָגרעסיווע לענדער מיט די רעאַקציאָנערע אין דעם פּרט, מוזט איהר דאָך פאָרט צוגעבען, אַז אין די ערשטע איז די קולטור אַ ביסעל גערעכטער פערטיילט צווישען דעם פאָלק, איידער אין די צווייטע.

אין דייטשלאַנד, אַמעריקאַ, ענגלאַנד און פראַנקרייך האָט דער מאַסען־מענש לפי ערך אַ סך אַ לייכטערען צוטריט צו דעם גרויסען קולטור־ים, איידער אין אונגאַרן, רוסלאַנד אָדער דער טערקיי. דער קולטור־רייכטהום איז אין אַ פּראָגרעסיווען לאַנד אַ ביסעל גערעכטער פערטיילט צווישען פאָלק, איידער אין אַ רעאַקציאָנערען; און וואָס פּראָגרעסיווער אַ פּאַרטיי איז אין אַ לאַנד, אַלץ ענערגישער שטעלט זי זיך איין פאַר דעם פּרינציפּ פון סאָציאַלע גערעכטיגקייט.

אפילו די בורזשואַזעסטע פון די פּראָגרעסיווע פּאַרטייען מוז אויך צוגעבען, אַז דאָס סאָציאַלע לעבען פון דער געזעלשאַפט דאַרף אויפגעבויט ווערען אויף דעם יסוד פון „גלייכע געלעגענהייטען פאַר אַלעמען" („איקוואַל אַפּאָרטיוניטים"). דאָס הייסט אַז אַפילו די בורזשואַזעסטע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען פאָדערן, אַלע מענשען זאָלען האָבען דעם גלייכען צוטריט צו דעם גרויסען קולטור־ים.

מען דאַרף אונז, סאָציאַליסטען, ניט דערצעהלען, וואָס פאַר אַ זין די „גלייכע געלעגענהייטען" האָבען אין די רייד פון דעם בורזשואַזען סאָציאַל־רעפאָרמער און וואָס פאַר אַ פּנים די „איקוואַל אַפּאָרטיוניטים" האָבען אין דעם איצטיגען לעבען.

אויף אַ גרויסען יאָג־פעלד שטעלט מען אויס אין איין ג ל י י כ ע ר ליניע אַ מענשען אין אַן אָטאָמאָביל, אַ מענשען אויף אַ לאָהמער שקאַפּע און אַ מענשען צופוס, און מען זאָגט זיי: „איצטער זענט איהר אַלע „ג ל י י ך". פליעהט, וואָס כוחות איהר האָט! און ווער עס וועט פריהער דערגרייכען דעם ציעל, דער וועט בעקומען דעם פרייז."

אָבער אפילו אין דעם מאוים'דיגען זיך יאָגען צום ציעל, אין דעם האַרטסטען קאָנקורענץ־קאַמף, וואָס די מענשען פיהרען אין דעם איצטיגען לעבען, איז די פערטיילונג פון די גיטער בלי ספק אַ סך אַ גערעכטערע אין די פּראָגרעסיווע לענדער, איידער אין די אָבגעשטאַנענע, און עס איז ניטאָ קיין איין איינציגע פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, וואָס זאָל, — אין פּרינציפּ, ווענינסטענס, — ניט צוגעבען, אַז אַלע מענשען זיינען „גלייך געבוירען, גלייך אַן אָרדענטליך געשלעכט" און אַז קיין איין מענש און קיין איין מענשליכע גרופּע טאָר, אין די „מעגליכקייטען" פון דעם סאָציאַלען און פּאָליטישען לעבען, ניט האָבען קיין איין בעקעל איבערוואָג איבער אַן אנדער מענשען, אַן אַנדער מענשליכער גרופּע.

פּראָגרעסיווע פּאַרטייען קעמפען אומעטום פאַר אויסגלייכען די לאַגע פון מענער און פרויען, פון אַרבייטער און אונטערנעהמער, פון אַלע רעליגיעזע גלויבענס, פון אַלע ראַסען און פעלקער־גרופּען אין די גרעניצען פון איין שטאַאַט, און וואָס פּראָגרעסיווער אַ לאַנד איז, אַלץ אין אַ גרעסערער מאָס איז אין איהם פערווירקליכטע יענע אויסגלייכונג.

מיר קאנען דעריבער גאנץ זיכער זאגען, אז דאס שטרעבען צו סאציאלע גערעכטיגקייט איז דער דריטער יסוד פון דעם מענשליכען פראגרעס.

ביז אהער האבען מיר בעטראכט דעם מענשליכען פראגרעס, ווי ער שפיעלט זיך אב אין די גרעניצען פון איינצעלנע לענדער און פעלקער. אבער דער מענשליכער פראגרעס איז ניט נאר בלויז א מענשליכער. ער איז א פראגרעס פון דער גאנצער מענשהייט.

דער פראגרעס איז א פראצעס, וואס ווייזט זיך ארויס אין דער מענשליכער געשיכטע, און די מענשליכע געשיכטע איז איין־איינציגע, אויסגעטראגען אין פרייד און לייד פון דער איין־איינציגער מענשהייט.

די איינצעלנע פעלקער זיינען נאר איהרע איינצעלנע ט י י ל ע ן, וואס שפינען די כשר'ע און ניט כשר'ע פעדים פון דער מענשליכער קולטור און וועבען זיי אריין אין דעם איין־איינציגען געוועב פון דער היסטארישער ענטוויקלונג. פעלקער ארבייטען דא האנד אין האנד און איין פאלק גיט איבער זיין ירושה צו אנדערע, ווען עס איז פער'משפט צו פערשווינדען פון דער וועלט.

„ממצרים ועד הנה“, פון דעם ערשטען אויפלייכטען אין דער עגיפטישער ציוויליזאציע, ביז אויף דעם היינטיגען טאג, ציהט זיך איין איינציגע מענשליכע קולטור־ענטוויקלונג, וואו די פעלקער ווארפען זיך איבער מיט די פעדים, וועלכע זיי שפינען, ווירקען איינע אויף די אנדערע, און נאר א דאנק אט דעם אייביגען ווירקען און גענגען־ווירקען, ווערט ניט אבגעשטעלט אויף א מינוט דער וועבשטוהל פון דער צייט.

טרעט אב א וואסער עס איז פאלק פון דעם אלגעמיינעם וועבשטוהל, מאכט עס „שבת פאר זיך“ און רינגעלט זיך ארום מיט א כינעזישער מויער, יעמאלט ווערען ביי איהם גלייך אבגעשוואכט די בעשאפענדע כוחות פונקט ווי ביי אן איינצעל־מענש, וואס פערלאזט דעם מענשליכען ישוב און ווערט פערווילדערט אין א מדבר.

די אינטערנאציאנאלע הין־און־הער־ווירקונג איז איינע פון די וויכטיגסטע טרייבענדע קרעפטען, וואס ברענגען ארויס די מענשליכע געשיכטע, און די א י נ ט ע ר נ א צ י א נ א ל ע

סאָלידאַריטעט איז איינער פון די וויכטיגסטע יסודות פון דעם מענשליכען פּראָגרעס.

עס איז שווער אין אונזער צייט פון דעם גרויסען וועלט־קריעג, ווען די ציוויליזירטעסטע און פּראָגרעסיווסטע פעלקער פון דער וועלט האָבען זיך א וואָרף געטהאָן איינער אויף דעם אַנדערן, ווי הונגעריגע וועלף, — עס איז שווער אין אזא צייט צו שרייבען וועגען אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט, ווי א יסוד פון דעם מענשליכען פּראָגרעס.

— „אָט דאָס איז אייער „מענשליכער" פּראָגרעס", זשומעט מיר אין אויער די ביטער־גאַליגע בעמערקונג פון דעם רעאַקציאָנער.

אָבער, מיין הארצענס־געליעבטער רעאַקציאָנער! פיהלסט דו ניט, אז מיט דיין ביטערער בעמערקונג זאָגסט דו אליין עדות אויף מיינע רעד? דו לאַכסט מיט גרינע גאַל פון א פּראָגרעס, וואָס דריקט זיך אויס אין א ברודער־מאָרד פון פעלקער. הייסט עס, דו גיסט אליין צו, אז דער קריעג איז דער היפּך פון פּראָגרעס, אז צו די יסודות פון דעם פּראָגרעס געהערט ניט דער קריעג, נאָר די צווישענפעלקערליכע ברודערשאַפט.

און אין דער אמת'ען איז עס טאַקי אזוי. וואָס טיעפער דער פּראָגרעס דרינגט אריין אין דעם לעבען פון דער מענשהייט, אלץ נעהענטער ווערן די פעלקער איינע צו די אַנדערע, אלץ בעסער קאָנען זיי פערשטעהן איינס דעם צווייטען, אלץ מיט מעהרערע בענדער ווערען זיי אויסגעבונדען, אלץ ענגער ווערען זיי צונויפגעקניפּט איינער מיט דעם אַנדערן.

און אויך דער איצטיגער קריעג איז אין איין פּרט א ראיה לדבר. א ביספּיעל א שטאַרקערער טעמפּאָ אין דער נאַציאָנאַל־סערבישער בעוועגונג האָט אריינגעוואָרפען אין קאָנוואולסיעס כמעט די גאַנצע מענשליכע וועלט.

עס איז נאָך ווייט־ווייט ביז דער פערווירקליכונג פון יענעם פּראָגרעסיווען אידעאַל, וועלכען אונזערע נביאים האָבען צוערשט אַנגעזאָגט דער וועלט, — דעם אידעאַל פון אייביגען פריעדען און פעלקער־ברידערשאַפט. אָבער אויך ביז צו דער סאָציאַלער גערעכטיגקייט איז נאָך א היבשער מהלך און אויך די פּערזענליכע פרייהייט איז נאָך ניט אומעטום און ניט אין גאַנצען געזיכערט.

דער מענשליכער פּראָגרעס איז נאָר איינער פון די פּראָצעסען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אין דער מענשליכער געשיכטע; נאָר אַ מעאַדענג, וואָס שלאָגט זיך דורך דורך איהם, — אַ טענדענץ, וואָס האָט תמיד אַנטקעגען זיך פיינדליכע כוחות, וועלכע ער דאַרף בעזיעגען, אָבער וועלכע שטרעבען איהם צו דערווערגען.

מען טאָר זיך דעריבער ניט אויסמאָלען דעם פּראָגרעס, ווי אַ גלייכמעסיגען גאַנג פון ענטוויקלונג, וואו אַלע זיינע יסודות געהען אַלץ פאָראויס און פאָראויס מיט דערזעלביגער שנעלקייט אין דערזעלביגער צייט.

דער פּראָגרעס איז ניט קיין טריאומף־מאַרש אויף דעם פּאַראַדע־פּלאַץ, וואו זיינע פיער יסודות זיינען ווי פיער רעגימענטער, וואָס געהען פוס אין פוס אונטער דעם יובלענדען קלאַנג פון דער מוזיק.

דער פּראָגרעס איז אַ האַרטער, ביטער־ערנסטער קאַמף, וואָס איז פול מיט נצחונות אָבער אויך אָפט מיט ניעדערלאַגען, — אַ קאַמף, אין וועלכען דער אָדער יענער יסוד זיינער איז צייטענווייז געצוואונגען אָבצוטרעטען צוריק, כדי אַן אַנדער יסוד זיינער זאָל זיך קאָנען בעסער בעפעסטיגען אין לעבען.

נאָר — וועגען דעם **גאַנג** פון דעם פּראָגרעס, — זיין שטילען וואַקסען, זיין רעוואָלוציאָנערען ברויזענדען שטורעמען, זיינע מפּלות און נצחונות אין דעם קאַמף מיט דער רעאַקציע, — וועלען מיר אפשר רעדען אַן אַנדערס מאָל.

דערווייל לאָמיר אָבשליסען אונזער בעטראַכטונג מיט דעם ענטפער, וואָס מיר האָבען געפונען אויף דער שאלה: **וואָס איז פּראָגרעס?**

**דער פּראָגרעס איז אַ שטרעבען אין דער מענשליכער געשיכטע אַרויסצוברענגען פערזענליכע פרייהייט, קולטורעלע רייכקייט, סאָציאַלע גערעכטיגקייט און אינטערנאַציאָנאַלע ברידערשאַפט.**

וואָס מעהר פערזענליכע פרייהייט, וויאָס אַ גרעסערער קול־

מאַרעלער רייכטום, וואָס טיעפער די סאָציאַלע גערעכטיגקייט און וואָס ענגער די אינטערנאַציאָנאַלע ברידערשאַפט, אַלץ מעהר פּראָגרעס. און וואָס ערנסטער אַ פּאַרטיי אָדער אַ בעוועגונג איז איבערגעגעבען צו יענע פיער פּרינציפּען, אַלץ מעהר פּראָגרעסיוו איז זי.

27טען סעפּטעמבער, 1915.

---

# „אייגענע“ און „פרעמדע“ קולטור

„אַלגעמיין־מענשליכער פּראָגרעס אויסגעדריקט אין אייגענאַרטיגע, נאַציאָנאַלע פאָרמען“, — אין דערין, האָבען מיר ניט לאַנג בעוואוסט, בעשטעהט דער גרונד־געדאַנק און די גרונד־פאָדערונג פון דעם פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם. א דאַנק דעם שיידט ער זיך שאַרף אָב סאַי פון דעם שאָוויניזם, וואָס וויל נאָר וויסען פון די נאַציאָנאַלע אייגענאַרטען און זיך גאָר ניט רעכענען מיט דעם מענשליכען פּראָגרעס. סאַי פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס געדענקט נאָר דעם אַלגעמיין־מענשליכען תוך, פערגעסט אָבער דערביי אָן די ספּעציפישע נאַציאָנאַלע פאָרמען, אין וועלכע יענער תוך מוז געפינען זיין אויסדרוק.

דער קאָנסעקווענטער פּראָגרעסיווער נאַציאָנאַליזם מיט זיין קייער שטעלונג צו די פּראָבלעמען פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען און דער נאַציאָנאַלער קולטור האָט זיך ביי אונז, אידען, בעוויזען לפי ערך גאָר ניט לאַנג. ארויסגעוואַקסען פון דעם קאָסמאָפּאָליטישען אידעען־קרייז, האָט ער, נאַטירליך, זיך קודם כל פּאָלעמיש געמוזט ווענדען אנטקעגען איהם און העפטיג אָנפאַלען אויף אַלע זיינע טעאָרעטישע פעסטונגען. דעריבער האָט ער אין דעם משך פון דעם קאַמף אנטקעגען דעם קאָסמאָפּאָליטיזם צו ווייניג געקאָנט טראַכטען וועגען זיין נאָך ערגערען שונא, דעם שאָוויניזם.

ער פלעגט געוויס ניט פערגעסען אָבצושטויסען איהם מיט'ן פוס, ווען יענער פלעגט זיך אונטערשאַרען, ווי א ברודער, אונטערצוהעלפען אין דעם געמיינזאַמען שטרייט. אָבער פּנים־לפּנים אנטקעגען איהם האָט ער ערנסט נאָך ניט געקעמפט. עס איז אָבער די העב־

סטע צייט, מיר זאָלען אונטערפיהרען אונזערע השבונות אויך מיט דעם שאָוועניזם, כדי מען זאָל סוף־כל־סוף וויסען, „ווער איז ווער“.

דאָס מאָל וועלען מיר א נעהם טהאָן די שאָוועניסטישע שטעלונג צו דעם פראָבלעם פון דער נאַציאָנאַלער קולטור.

אויך צווישען אונזערע מיט־שטרייטער און פּראָגרעסיווע קעמפּער קאָנט איהר איצטער געפינען מענשען, וואָס וועלען אייך זאָגען, אז יעדעס פאָלק ארבייט אויס זיין אייגענע קולטור, און אז אלץ, וואָס דאָס פאָלק אַרבייט אויס, דאַרף איהר זיין טייער, שוין דערפאַר אליין, וואָס ע ר האָט דאָס אַרויסגעבראַכט, וואָס דאָס איז ז י י נ ע. און ניט נאָר דאַרף דאָס איהם זיין טייער, ווי א צייכען פון זיין בעשאַפונגס־קראַפט, נאָר דאָס דאַרף איהם אויך זיין הייליג ווי א געבאָט, ווי א ציעל פאַר זיין לעבען. אין זיינע לעבענס־ציעלען האָט זיך אונזער פאָלק נים וואָס צו רעכענען מיט די פאָדערונגען פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען שכל און יושר, נאָר מיט דעם אייגענעם שכל און דעם אייגענעם יושר. ווייל אַלץ וואָס איז „מיינע“, איז גוט, און אַלץ, וואָס איז „פרעמדע“ איז שלעכט.

לאָמיר זיך אליין אוועקשטעלען אויף א ווײַלע אָט אויף דעם שאָוועניסטישען שטאַנדפּונקט און זעהן, וואוהין ער וועט אונז פיהרען.

פאַר מיין גייסטיגען אויג ציהט פאַרביי די גאָלדענע קייט פון אונזער אידישען שאַפען און מיין בליק ווערט צוגעצויגען צו איהר וויכטיגסטען, מיט עדעלשטיינער בעזעצטען רינג: דעם תנ"ך.

איך שטעל מיך אָב אויף דעם ווערטהפולסטען דימענט פון יענעם רינג: די פּראָפּעטישע לעהרען פון דעם נביא מיכה המורשתי.

מיכה הויבט אויף זיין בעגייסטערטען רעוואָלוציאָנערען פּראָטעסט אַנטקעגען אַלע יסודות פון דעם אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען פון זיין צייט, אַנטקעגען אַלע גרונד־פּרינציפּען פון דער הערשענדער מאָראַל און דער הערשענדער רעליגיע. אַנטקעגען אַלע אַלטע פאָדערונגען און געבאָטען שטעלט ער אַרויס זיין נייע אויפפאַסונג פון גאָטס ווילען.

„היגיד לך, אדם, מה טוב ומה ד' דורש ממך: כי אם עשות משפט ואהבת חסד והצנע לכת עם אלהיך“ (מיכה, 6, 8). „עס איז דיר געזאָגט געוואָרען, מענש, וואָס גוט איז און וואָס גאָט פאָדערט

פון דיר. ניט מעהר (!) ווי טהאָן גערעכטיגקייט, ליעבען גענאַד און צניעות'דיג אומגעהן מיט דיין גאָט“.

מערקט אייך גוט דאָס ווערטעל: „כי אם“ — ניט מעהר! גאָט'ס פאָדערונגען, וועלכע דער נביא רעכענט אויס, זענען ניט קיין צוגאָב צו נאָך אנדערע פאָדערונגען, וועלכע מען קאָן אויך אריינגעהמען אין דעם סיסטעם פון דער אידישער רעליגיע. ניין! זיי און נאָר זיי זאָלען זיין די בעשטימענדע אידעען פאַר דעם מענ־שען'ס שטעלונג צו וועלט און גאָט.

און וואָס מעהר איהר טראַכט זיך אריין אין די דריי געטליכע פאָדערונגען, וועלכע דער נביא מיכה שטעלט ארויס, אַלץ מעהר ווערט אייך קלאָר, אז מעהר דאַרף מען ניט, כדי צו קאָנען פיהרען א רעליגיעזען לעבען. יעדע פון די דריי פאָדערונגען בעדעקט מיט זיך א בעזונדער פעלד פון דער מענשליכער מאָראַל און זיי אַלע אין איינעם מאַכען גאַנץ און פול איינע די אנדערע.

איך וועל דאָ אָנהויבען מיט זיין צווייטען פרינציפּ: דער ליעבע צו גענאָד.

די „אהבת חסד“, די איבערגעבענקייט צו די מענשען, זאָל זיין די טרייבענדע קראַפט פון אונזער *אינדיווידועלען לע־בען*, פון אונזערע *געפיהלען* צו דער מיט־וועלט, — דער יסוד פון דער *פערזענליכער* מאָראַל. דאָס העכסטע פאַר אונז דאַרף זיין דאָס, וואָס וואַקסט ארויס פון אונזער ליעבע־געפיהל, פון אונזער גענאָד. אָבער אויף דעם פרינציפּ אַליין קאָנען ניט זיין אויפגעבויט מיינע האנדלונגען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. ווי שטאַרק מיין ליעבע זאָל ניט זיין צו די מיט־מענשען, ווי ווייט און ברייט עס זאָל זיך ניט דערשטרעקען מיין גענאָד, — מיינע געפיהלען זענען פאָרט *סוביעקטיוו* און פאָלגענדיג זיי אַליין און נאָר זיי, קאָן איך א מאָל אָנטהאָן דעם אנדערן אַ סך מעהר צרות, איידער גוטס.

די ליעבע און די גענאָד טרייבען מיך צו טהאָן דעם אנדערן א טובה. אָבער ווי איז, אז יענער וויל פון מיינע טובות ניט וויסען? ווי איז, אז ער איז בלינד צו זיינע אייגענע אינטערעסען און זעהט ניט איין די גרויסע גוטס, וואָס מיין האַרץ האָט פאַר איהם אויס־

געטראַכט? זאָל איך אוים רַחמנות צו איהם אַ ר ו י ס צ ו ו י נ־ג ע ן אויף איהם דאָס העכסטע גליק?

לאָזט מיך אייך דאָ נאָך אַ מאָל דערמאָהנען דאָס מאָראַלישע פּראָבלעם, וואָס וויקטאָר הוגאָ האָט אוועקגעשטעלט אין זיין דראַמאַ „טאָרקוועמאַדאַ“.

דער גרויסער, בלוטדורשטיגער אינקוויזיטאָר, טאָרקוועמאַדאַ, וואָס האָט אַזוי פיעל אומשולדיגע מענשען, אַפּיקורסים און ניט־גלויבער, געלאָזט פערברענען אויף די פלאַקערס פון דער אינקוויזיציע, ווערט פון דעם דיכטער געשילדערט, ווי אַן איידעלער, ליעבע־פולער כאַראַקטער, וואָס איז פעראינטערעסירט אין דער אייביגער גליקזעליגקייט פון זיינע מיט־מענשען. ער זעהט, ווי אַ סך פון זיי ווערען פערפיהרט פון דעם טייוועל, ווי זיי פערשפּיעלען זייער נשמה פאַר אַ פּאָר יאָהר צולאָזענעם לעבען. ער ווייס, אַז מיט אַ ביסעלע וועהטאָג, וואָס דעם זינדיגערס גוף וועט דורכלעבען אויף דעם פלאַ־קער, וועט ער אויסלייטערען די אייביגע נשמה און זי וועט קומען אַ ריינע, אַ געהייליגטע אין די הימלען פון דער אייביגער פרייד. ער, דער אינקוויזיטאָר, האָט די מאַכט דאָס צו טהאָן. זיין קריסט־ליכער „אהבת חסד“ דיקטירט איהם דאָס צו טהאָן, און פערברענענ־דיג מענשען לעבעדיגערהייד, פיהלט ער, אַז ער דיענט דעם גאָט פון ליעבע און גענאָד...

עס איז אַקוראַט, ווי מיכה וואָלט פאָראויסגעזעהן די געפאַהרען פון דער איינזייטיגער קריסטליכער ליעבע־מאָראַל, און ער האָט דעם פּרינציפּ פון „אהבת חסד“ בעגרעניצט מיט דעם ערשטען פּרינציפּ, וואָס דאַרף זיין דער יסוד פון דער ס אָ צ י אַ ל ע ר מאָראַל, דעם „עשות משפט“, ט ה אָ ן ג ע ר ע כ ט י ג ק י י ט. דעם אַנדער־רענ׳ס רעכט טאָרען ניט אָנגעריהרט ווערען, צי זיי שטימען איין מיט דיינע אידעאַלען אָדער ניט. דו קאָנסט זיך אָבזאָגען פון ד י י נ ע רעכט צוליעב דעם אַנדערן, אויב דאָס פאָדערט פון דיר דיין „אהבת חסד“. אָבער אין דיינע האַנדלונגען בנוגע צו דעם אַנדערן טאָרסטו ניט אַריבערטרעטען די גרענעצען פון ז י י נ ע רעכט, וועלכע דו מוזט אייביג רעספּעקטירען, אַפילו ווען זיי זאָלען פּאַטשען אין פּנים אריין יענער מאָראַל, וועלכע דו רעכענסט פאַר דער העכסטער.

און ווי אינטים און צאַרט איז דער דריטער פּרינציפּ, דער פּרינ־

ציפ פון דער רעליגיעזער מאראל, וואס דארף בעשטימען די בעציהונגען פון מענש צו גאט און וואס ווערט פון מיכה'ן אויסגעדריקט אין די ווערטער: „הצנע לכת עם אלהיך“, צניעותדיג אומגעהן מיט דיין גאט.

דער וואס טראכט זיך אריין אין מיכה'ס גאנצען געדאנקענגאנג, פאר יענעם קאן קיין ברעקעל ספק ניט זיין, אז, לויט מיכה, קאן די רעליגיע ניט זיין קיין עפענטליכע אנגעלעגענהייט. ער זעהט דא פאראויס יענעם בליק אויף דעם רעליגיעזען לעבען, וואס איז אונז קלאר געווארען גאר אין דער לעצטער צייט און וואס איז פראקלאמירט געווארען פון אזעלכע געלערנטע דענקער און פארשער, ווי ערנסט העקקעל, און אסטוואלד, די פיהרער פון דעם פריידענקער־בונד.

לויט זייערע געדאנקען און לויט מיכה'ס פאדערונג איז די רעליגיע א ריין אינדיווידועלע, פערזענליכע אינטימע בעציהונג צווישען דעם מענשען און זיין גאט. אזא רעליגיע קאן ניט האבען קיין אנדערע אויסדרוקס־פארמען, ווי נאר די „יחידות“ און די „התבודדות“, וואו דער מענש, דער איינצעל־מענש זוכט אויסצוגיסען זיין נשמה פאר דעם „האר פון דער וועלט“ אדער צונויפגיסען זיין נשמה מיט דעם וועלטען־גייסט, אין וועלכען ער גלויבט (אויב ער גלויבט !).

דא קאן ניט זיין קיין רייד פון מצוות און עבירות, פון ריטועלע פארשריפטען, פון טעמפלען, קרבנות, תפלות בציבור, פון טריף און כשר, פון שולחן־ערוך'ס, פון דינים און מנהגים. דאס אלץ, זאגט מיכה, וויל גאט ניט, ווייל פאדערען פאדערט נאר איינס (כי אם!): „עשות משפט“ און „אהבת חסד“.

מיכה איז „מיינער“. זיינע לעהרען זענען אויסגעארבייט געווארען פון דעם אידישען פאלק. אין דערזעלביגער צייט האט אבער דאס אידישע פאלק אויסגעארבייט אויך אנדערע לעהרען, וואס געהען פונקט להיפוך צו די, וועלכע מיכה (און נאך איהם ישעיה הנביא) האבען געפרעדיגט.

יענע אנדערע לעהרען דערציילען מיר, אז גאט פאדערט פון מיר ניט נאר „אהבת חסד“ און „עשות משפט“, נאר אויך אבהיטען אלע תרי"ג מצות פון דער תורה און די תרפ"ט מאל תרי"ג נייע

גזירות און דינים, וואָס די שפּעטערדיגע האָבען ארויסגע־פּלפּולט פון זיי. ער פאָדערט, איך זאָל ג ל ו י ב ע ן אין זאכען, וואָס לעגען זיך בשום אופן נים אויף מיין שכל, און נאָך טויזענדער אנדערע פאָדערונגען שטעלט ער צו מיר, וואָס ווערען אלע אָראָבגעוואָרפען דורך מיכה'ס געניאַלען פּסוק.

די אנדערע לעהרען זענען אויך „מיינע". אויך זיי האָט אויס־געאַרביים דער נאַציאָנאַלער גייסט פון מיין פאָלק. פעראייניגען זיי ביידע אין איין נשמה איז אָבער אונמעגליך. איך מוז אויסקלייבען צווישען זיי. אָדער „מיכה" מיט זיין געניאַלען און טיעפען אויס־טייטש פון גאָט'ס ווילען, וואָס בעפרייט מיך פון אלע אָבערגלויבענס און קאָנפעסיאָנעלע פאָרמען, און הויבט מיך אויף אויף דער הויך פון דעם מין „מענש". („היגיד לך, א ד ם!" „עס איז דיר, מ ע נ ש, געזאָגט געוואָרען!") אָדער „זיי", די אנדערע, אויך „מיינע", וואָס בעוועגען זיך אין דיזעלביגע מענשליכע נידערונגען, ווי דער מאַהאַ־מעדאַנער און דער קריסט און אפילו דער פּשוט'סטער געצענדיענער.

וואָס זאָל זיין דער מאַסשטאַב. מיט וועלכען איך זאָל אָבשעצען, ו ו ע מ ע ן איך זאָל אַריינגע[illegible]ען אין מיין נשמה, — „מיכה'ן" אָדער דעם „שולחן ערוך"? עס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אז דאָס קאָן נים זיין דער נאַציאָנאַלער מאַסשטאַב, — דער מאַסשטאַב פון „מיין" קולטור, — ווייל סאַי מיכה, סאַי דער „שולחן ערוך" זענען ביידע פּראָדוקטען פון דעם אידישען שאַפען. און אויב איך בין גע־צוואונגען אויסצוקלייבען צווישען זיי, מוז איך שוין יעמאָלט אָנ־ווענדען א גאַנץ אנדער מאַסשטאַב, איידער דעם פּשוט'ען פּרינציפּ, אז איך דארף בלייבען טריי צו דעם אייגענעם נאַציאָנאַלען גייסט.

איך מוז שוין אָנקומען צו ער הילף פון מיין א ל ג ע מ י י ן־מ ע נ ש ל י כ ע ן שכל און יושר, כדי אויסצוגעפינען וואָס פון מיין פאָלקס־שאַפען איז גוט און וואָס איז נים גוט פ א ר ד ע ם מ ע נ ש ע ן.

אָבער אויב אלע, וואָס געפינט זיך אין מיין נאַציאָנאַלען אוצר דארף זיך פערענטפערען פאר מיין מ ע נ ש ל י כ ע ן שכל, קאָן איך דאָך דעם זעלביגען מאַסשטאַב אָנווענדען אויך אויף די קולטור־אוצרות פון אלע אנדערע פעלקער און זעהן, טאָמער געפינט זיך

אויך ביי זיי עפּעס אַזוינס, וואָס איז „גוט פאַר דעם מענשען", וואָס עס פעהלט נאָך אָבער אין מיין אייגענעם לעבען.

און ווען איך געפין דאָס, איז יעמאָלט מיין חוב אריינצוברענגען עס אין מיינע אייגענע נאַציאָנאַלע פאָרמען, אַזוי, אַז עס זאָל ווערען אַ טייל פון מיין אייגענעם נאַציאָנאַלען זיין, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס דאָס שטאַמט „פון דער פרעמד".

29טען סעפטעמבער, 1915.

---

# איז דער העברעאיזם פּראָגרעסיוו ?

אין איינינע פריהערדיגע אַרטיקלען מיינע אינ'ם „טאָג" האָב איך געפּרובט אויסגעפינען יענע סימנים, לויט וועלכע מיר זאָלען קאָנען פאַנאַנדערקלייבען זיך אין די נאַציאָנאַלע בעוועגונגען פון אונזער פאָלק און פאַנאַנדערשיידען צווישען אַ פּראָגרעסיווע בעוועגונג און אַ רעאַקציאָנערע.

מיר האָבען געפונען, אַז פּראָגרעסיוו איז נאָר יענע נאַציאָנאַלע בעוועגונג, וואָס האָט די אינטערעסען פון דעם אַלגעמיין-מענשליכען פּראָגרעס אין אויג, ד. ה., די אינטערעסען פון פּערזענליכע פרייהייט, קולטורעלע רייכקייט, סאָציאַלע גערעכטיגקייט און אינטערנאַציאָנאַלע ברידערשאַפט. יעדע נאַציאָנאַלע בעוועגונג, וואָס נעהמט להיפך צו אָט די קאַרדינאַל-פּרינציפּען פון דער מענשליכער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג, מוז פון אונז, פּראָגרעסיסטען, בעקעמפט ווערען, אין וואָס פאַר אַ שעהנע מאַנטלען זי זאָל זיך ניט דראַפּירען.

אָט דער כלל גיט אונז די מעגליכקייט אויפצודעקען דעם רעאַקציאָנערען כאַראַקטער פון אַ סך בעוועגונגען, וואָס הערשען ביי אונזער פאָלק און וואָס ציהען ליידער צו צו זיך די געמיטער פון זעהר פיעל איידעלע און באמת פּראָגרעסיוו-דענקענדע מענשען.

לאָמיר קודם זיך אָבשטעלען אויף יענער נאַציאָנאַלער שטרעמונג, וואָס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען : „העברעאיזם".

אונטער „העברעאיזם" דארפען מיר פערשטעהן יענע נאציאָנאַלע בעוועגונג, וואָס וויל, אַז העברעאיש זאָל ווערען די נערעדטע שפּראַך פון אונזער פאָלק און אַז דער גאַנצער קולטורעלער שאַפען אונזערער זאָל זיך אויסדריקען נאָר אין דעם העברעאישען לשון.

צו דעם העברעאיזם דארף מען ניט רעכענען אַלע די גייסטיגע שטרעבונגען וואָס ווילען, אַז אונזער פאָלק זאָל זיך מעהר אָבגעבען מיט דעם שטודיום פון דער אַלטער העברעאישער שפּראַך, אַז מען זאָל העברעאיש אָנהויבען לערנען שוין אין די פאָלקס־שוהלען און אַז יעדער איד זאָל קאָנען לייענען אין אָריגינאַל אַלע ווערק פון אונזער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור.

אַלע אַזעלכע בעוועגונגען צו גונסטען פון אונזער אַלטען לשון, וואָס פאָדערען ניט, אַז ער זאָל ווערען די נערעדטע שפּראַך פון פאָלק און די שפּראַך פון דעם וויטערדיגען קולטורעלען שאַפען, געהערען ניט צו דעם אייגענטליכען העברעאיזם, און זייער פּראָגרעסיווער אָדער רעאַקציאָנערער כאַראַקטער דארף בעטראַכט ווערען גאַנץ בעזונדער.

דאָ האָבען מיר אין אויג דעם קאָנסעקווענטען העברעאיזם, ווי מיר האָבען איהם אויבען פאָרמולירט.

איז אַזאַ בעוועגונג, פּראָגרעסיוו אָדער רעאַקציאָנער?

קודם דארפען מיר בעמערקען, אַז לעת עתה איז דער העברעאיזם נאָך ערגעץ ניט ארויסגעטראָטען אין זיין גאַנץ ריינער פאָרם. ער איז איצטער כמעט דורכאויס צונויפגעוואַקסען מיט נאָך אַנדערע נאַציאָנאַלע שטרעמונגען און שטימונגען. איך האָב נאָך ערגעץ ניט אָנגעטראָפען קיין העברעאיסט, וואָס זאָל אין דערזעלביגער צייט ניט זיין קיין ציוניסט, און זעהר זעלטען וועט איהר בעגעגענען אַזאַ העברעאיסט, וואָס זאָל אין גאַנצען פריי זיין פון דער ע ב ר ־ ר אָ מ אַ נ ט י ק. איך וויל דערמיט זאָגען: פון יענעם נאַציאָנאַליזם, וואָס מיינט, אַז אַלע קולטור־אוצרות פון אונזער עבר דארף זיין אַ הייליגטום פאַר אונז, און אַז אויך אונזער וויטערדיגע קולטורעלע ענטוויקלונג דארף געהן אין דעם זין און אין דעם גייסט פון די לאַנג פערשטאָרבענע דורות.

די אידעען־פערבינדונג צווישען דעם העברעאיזם און דעם ציוניזם, ווי אויך דער עבר־ראָמאַנטיק, איז אָבער אין תוך אריין

גים קיין לאָגישע, ניט קיין אבסאָלוט נויטווענדיגע, נאָר א היס־טאָרישע, ד. ה., אזא, וואָס איז אויסגעוואקסען נאָר אין א בעשטימ־טער היסטאָרישער צייט און קאָן פערשווינדען אין אן אנדער היס־טאָרישער צייט.

מיר קאָנען זיך גאנץ גוט פאָרשטעלען א העברעאיסט, וואָס זאָל זיין לגמרי פריי סיי פון דער עבר־ראָמאנטיק, סיי פון דעם ציוניזם, און וואָס זאָל בויען זיין אידעאל אויף די זעלביגע „גלות'יס־טישע" אָדער טעריטאָריאליסטישע יסודות, ווי דאָס טהוען די אי־דישיסטען.

איך וויל דערמיט בשום אופן ניט זאָגען, אז איך האלט פאַר וואהרשיינליך, עס זאָל ביי אונז ווען עס איז אויסשפּראָצען א פּראָגרעסיווער, ריין „גלות'יסטישער" העברעאיזם, אין א בעוואוס־טינן נעגענזאץ צו דעם ציוניזם און דער עבר־ראָמאנטיק.

אָבער ווען מיר אנאליזירען א וואָסער איז געזעלשאפטליכע שטרעמונג און ווילען אָבשאצען איהר פּראָגרעסיווען אָדער רעאק־ציאָנערען כאראקטער, מוזען מיר זי נייסטיג פאנאנדערלעגען אין איהרע לאָגיש־זעלבסטשטענדיגע עלעמענטען, כדי ניט צו־צושריי־בען אויף דעם חשבון פון איין עלעמענט דאָס, וואָס שטאמט גאָר פון אן אנדער עלעמענט, מיט וועלכען ער איז היסטאָריש פערבונדען.

דעריבער מוזען מיר אויך פון דער העברעאיסטישער בעוועגונג פריהער ארויסדעסטילירען דעם „ריינעם" העברעאיזם, אזוי צו זאָ־גען, די „סובסטאנץ" זיינע, און מיר געפינען, אז אין זיין ריינער געשטאלט איז ער ניט מעהר, ווי א נאציאָנאלע שפּראך־בעוועגונג, וואָס איז לחלוטין אונאבהענגיג פון דעם ציוניזם און דער עבר־ראָמאנטיק, און איז דעריבער אבסאָלוט ניט פעראנטוואָרטליך פאַר יענע זינד אנטקעגען דעם פּראָגרעס, וועלכע עס ווערען אפשר בע־גאנגען פון זיינע צוויי שותפים. ער דאַרף פיהרען זיין אייגענעם חשבון מיט דעם מענשליכען פּראָגרעס, לויט זיין אייגענעם לאָגי־שען מהות.

בעטראַכט מען דעם ענין אין אזא בעלייכטונג, קאָן איינעם אויסדוכטען, אז דער ריינער העברעאיזם, — דאָס בעשטרעבען צו מאכען העברעאיש פאַר דער גערעדטער און דער נאציאָנאלער שפּראך פון אונזער פאָלק אומעטום, איז אן אידעאל, וואָס געהט

לחלוטין, ניט להיפך צו די פאָדערונגען פון דעם מענשליכען פּראָגרעס. אַ שפּראַך איז אין דער ערסטער ליניע אַ געצייג, אַ כּלי־זיין. עס ווענדט זיך, צוליעב וואָס איהר ווענדט זי אָן.

אויב דער העברעאיסטישער אידעאַל זאָל מקוים ווערען אין לעבען, איז יעמאָלט קאָנט איהר, מיט די מיטלען פון דעם העברעאישער שפּראַך, קעמפען אויפ׳ן ראַדיקאַלסטען אופן פאַר די ראַדיקאַלסטע דורכפיהרונג פון אַלע פיער יסודות פון דעם מענשליכען פּראָגרעס: פון פערזענליכע פרייהייט, קולטורעלע רייכקייט, סאָציאַלע גערעכטיגקייט און אינטערנאַציאָנאַלע ברידערשאַפט. פאַר וואָס־זשע זאָל אַזאַ אידעאַל ניט קאָנען זיין פּראָגרעסיוו?

מיר מוזען מודה זיין, אַז אין דעם א י ד ע א ל קאָן דער העברעאיזם זיין דורך און דורך פּראָגרעסיוו. אונזערע ראַדיקאַלע זשורנאַלען און צייטונגען וואָלטען דורך דעם איבערבייט אין דער שפּראַך ניט געוואָרען ווענינגער ראַדיקאַל, איידער זיי זענען איצטער, און הלואי שטעהען זיי אין זייער ראַדיקאַליזם אויף יענער פּרינציפּיעלער הויך, אויף וועלכער עס איז א י ן ז י ן צ י י ט געשטאַנען דער העברעאיש־סאָציאַליסטישער זשורנאַל „האמת“.

די צרה מיט דעם העברעאיזם איז אָבער, וואָס ער געהערט צו יענע געזעלשאַפטליכע בעוועגונגען, וואָס זענען אָדער קאָנען זיין פּראָגרעסיוו נאָר א י ן ד ע ם א י ד ע א ל, ד. ה., ווען מען שטעלט זיך פאָר, אַז די בעוועגונג האָט שוין דערגרייכט איהר ציעל, און וואָס קאָנען ניט זיין פּראָגרעסיוו אין ד ע ר ו ו י ר ק ל י כ ק י י ט, ד. ה. אין דעם גאַנצען משך פון די יאָהרען, אין וועלכען זיי קעמפען פאַר זייער ענד־ציעל. (אַזאַ בעוועגונג, אגב, איז אויך די אסימילאַטאָרישע.)

כּל־זמן דער העברעאיזם איז נאָך ניט אין גאַנצען פערווירקליכט אין דעם לעבען, כּל זמן די גרויסע מאַסען קאָנען ניט רעדען קיין העברעאיש און קאָנען ניט שעפּען זייער קולטורעלע חיונה פון העברעאישע קוועלען, מוז די העברעאישע קולטור זיין ניט מעהר, ווי א ן א ר י ס ט א ק ר א ט י ש ע ר א א ז י ס אין דעם פאָלקס־לעבען, און די גאַנצע גרויסע דעמאָקראַטיע, דאָס גאַנצע פאָלק מוז פערוואַנדעלט ווערען אין אַ מדבר.

דער העברעאיזם, אפילו אין דער פאָרם פון דער ראַדיקאַלסטער בעוועגונג, מוז (און טהוט) אויסגראָבען אַ תהום צווישען דעם הייפּעלע געבילדעטע, וואָס באָדען זיך לוסטיג אין דעם רייכען ים פון דער מענשליכער קולטור, און די גרויסע מאַסען וואָס געהען אוים פון דאָרשט אין דעם זאַמדיגען מדבר. ער מוז אָבציהן צו זיך אַלע כוחות, וואָס וואָלטען קאָנען בעריייכערען די פאָלקס־קולטור אין דער פאָלקס־שפּראַך; ער מוז אַ מאַך טהאָן מיט דער האַנד אויף דעם שיקזאַל פון די גרויסע מאַסען, מיט וועלכע ער קאָן זיך ניט און וויל זיך ניט צונויפרעדען אין זייער שפּראַך.

אין בעסטען פאַל מוז ער מאַכען קאָמפּראָמיסען מיט דער פאָלקס־שפּראַך, ווארפען פאַר די מאַסען ברעקלעך פון זיין רייכען טיש און ניט צולאָזען, אַז די קולטור אין יענער שפּראַך זאָל זיך אויפהויבען ביז צו דערזעלביגער קולטור־מדרגה, אויף וועלכער ער אַליין שטעהט, ווייל יעמאָלט ווערט פערלאָרען דער גאַנצער זין פון זיין עקזיסטענץ.

נעהמט דעם העברעאיזם, ווי אַ ריינע שפּראַך־בעוועגונג, אָהן אַ וועלכע עס איז שייכות צום ציוניזם און עבר־ראָמאַנטיק, יעמאָלט בעשטעהט זיין יחוס נאָר אין דעם, וואָס ער האָט לעת־עתה אַ רייכערע קולטור, איידער די, וואָס ענטוויקעלט זיך אין דער פאָלקס־שפּראַך. אפילו ווען מען זאָל צוגעבען, אַז דאָס איז אמת (אין תוך אריין איז דאָס נאָך אַ גרויסע שאלה), ווערט זיין יחוס געגרינדעט נאָר אויף דעם פּראָגרעסיווען פּרינציפּ פון קולטורעלע רייכקייט. ער קומט אָבער דערביי אין אַ שרייענדען ווידער־שפּרוך צו דעם נאָך וויכטיגערען גרונד־פּרינציפּ: דעם יסוד פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט וואָס פאָדערט, אַז די מאַטעריעלע און קולטורעלע גיטער פון דער מענשהייט זאָלען פערטיילט ווערען צווישען אַ וואָס גרעסערע צאָהל פון דעם פאָלק.

דער העברעאיזם איז דעריבער אין דער רעאַלער ווירקליכקייט אַן אַריסטאָקראַטיש־נאַציאָנאַלע בעוועגונג, און זיין ראָליע פאַר דעם פּראָגרעס פון דעם אידישען פאָלק איז דיזעלבינע, וואָס די ראָליע פון דעם פּוילישען מאַגנאַט, וועלכען מיר האָבען דערמאָהנט אין אַ פריהערדיגען אַרטיקעל. בעת זיין פּאַלאַץ איז געווען

פול מיט אַלע אוצרות פון דער מענשליכער קולטור, האָט מען זיין הונגעריגען „בלאָפ״ געשמיעסען ביי איהם אין שטאַל.

ניט אין דעם אידעאַל, אין דער ווירקליכער בעוועגונג שטויסט זיך צונויף דער העברעאיזם מיט די אינטערעסען פון די פאָלקס־מאַסען, מיט די פאָדערונגען פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פראָגרעס. און ער מוז זיך צונויפשטויסען, ווייל יענע פאָדערונגען קאָנען איהם ניט איבערלאָזען קיין איין שפאַן פלאַץ, אויף וועלכען ער זאָל קאָנען אָנהויבען בויען דעם טעמפעל פון זיין צוקונפט.

אין דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג, וואָס איז אין תוך אריין אַ שפּראַכען־קאַמף, אין דעם בוי פון קולטורעלע אַנשטאַלטען פאַר'ן פאָלק, אין דעם קאַמף פאַר די געזעלשאַפטליכע מיטלען, וואָס דאַרפען אויסגעגעבען ווערען אויף זיי, אין דעם בעשאַפען פון קולטורעלע גיטער, אין דער אָרגאַניזאַציע פון פאָלקס־בעוועגונגען — אומעטום מוז די דעמאָקראַטיע ארויסטרעטען אַנטקעגען דער אַריסטאָקראַטיע און אין דעם נאָמען פון דעם מענשליכען פראָגרעס ניט דערלאָזען די פערווירקליכונג פון די אַריסטאָקראַטישע אידעאַלען אין דעם לעבען פון דעם פאָלק, ווען אפילו די אידעאַלען גופא, לויט זייער אבסטראַקטען אינהאַלט, גיהען ניט להיפך צו די פאָדערונגען פון דעם פראָגרעס.

אין דערין ליעגט די גרויסע געפאַהר פון אַלע אַזעלכע אידעאַלען: דער פראָגרעסיווער טוהער וואָס זעהט נאָר דעם ענד־ציעל, וואָס פאַנטאַזירט וועגען דעם שוין אויפגעבויטען בנין, בעמערקט ניט, אַז מיט יעדען שריט צו זיין אידעאַל טרעט ער מיט די פיס די בערעכטיגסטע פאָדערונגען פון דעם פאָלק און שטערט איהם אין זיין פראָגרעסיווען גאַנג. ער שפּייזט זיך מיט פראָגרעסיווע אידעאַלען אין חלום און ווערגט דעם פראָגרעס אויפ'ן וואָהר.

סוף־כל־סוף העלפט דער פראָגרעסיווער טוהער מיט זיין טהעטיגקייט ניט דעם פאָלק און ניט דעם פראָגרעס ביי זיין פאָלק נאָר דעם אמת'ען, ריין־בלוטיגען שאָוויניסט און רעאַקציאָנער.

---

די העברעאיסטישע בעוועגונג, ווי א גאַנצעס, האָט נאָך אַנ־

דערע רעאַקציאָנערע טענדענצען אין זיך, וואָס לאָזען זיך זעהר שטאַרק פיהלען אין אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען. אָבער יענע טענדענצען שטאַמען ניט פון איהם גופא, ווי פון א בעשטימטער שפּראַך־בעוועגונג, נאָר פון דעם זווג זיינעם מיט געוויסע אַנדערע עלעמענטען.

4־טען אָקט. 1915

# וואָס איז אַסימילאַציע?

אין פּוילן איז גאָר אַ בזיון אין דער איצטיגער צייט אויפצושטעלן אַזאַ שאלה. ווער ווייס דאָס ניט, וואָס אַסימילאַציע איז? ווער ווייס דאָס ניט, אַז אַסימילאַציע איז דער היפּך פון נאַציאָנאַליזם, זיין ערגסטער פיינד, אַנטקעגן וועלכן ער מוז פירן דעם פאַרביטערסטן קאַמף?

יע, דאָס איז אמת, און פונדעסטוועגן טרעפט אָפטמאָל אַזאַ מין מעשה.

עס אַמפּערן זיך צוויי נאַציאָנאַליסטן פון צוויי פאַרשיידענע ריכטונגען וועגן די וויכטיגסטע פּראָבלעמען, ווי צו פאַרענטפערן די אידישע נאַציאָנאַלע פראַגע. ביידע זיינען זיכער אין זייער האַס צו דער אַסימילאַציע; ביידע קאָנען לכתחילה זיין איבערצייגט, אַז זיי האָבן אַ געמיינזאַמען פיינד, וועלכן זיי מוזען בעקעמפען: די אַסימילאַציע. און אַז זיי רעדען זיך אַ ביסעל גרינדליכער פונאַנדער וועגן די מיטלען צו בעקעמפען זי, שטעלט זיך אַרויס, אַז זיי זענען געצוואונגען צו בעשולדיגען איינער דעם אַנדערען אין אַסימילאַציאָניזם!

— „איך פערשטעה ניט“, האָט מיר איינמאָל מיינער אַ געגנער געזאָגט: „איך פערשטעה ניט, ווי קאָנט איהר, וואָס איהר רופט זיך אַ אידישער נאַציאָנאַליסט, זיין אַן אָנהענגער פון דעם „זשאַרגאָניזם“. איז ניט דער זשאַרגאָן, וועלכן די אידען רעדען, אַ דייטשער דיאַלעקט? איז ער ניט אַ פּראָדוקט פון יענעם אַסימילאַציאָנס־פּראָצעס, וועלכן די אידען האָבן אין מיטעלאַלטער דורכגעמאַכט אין די דייטשע לענדער? איז ער ניט די פערקערפּערונג און די סימבאָליזירונג פון אַסימילאַציע? מוזען מיר ניט קוקען אויף די „אידישיסטען“, ווי אויף אַסימילאַטאָרען? איז ניט אונזער העבּרעאיזם דער איינציגער מיטעל אָראָבצוטרייסלען פון זיך די לעצטע רעשטען פון אַסימילאַציע?“

אַן אַנדער גענגער מיינער, — אויך אַן איבערגעבענער נאַציאָ־נאַליסט, אויך אַ דם שונא דער אַסימילאַציע, — האָט זיך אין אַ געשפּרעך אויסגעדריקט, אַז ער זעהט ניט קיין בייז אין דעם, אַז, מיר, אַמעריקאַנער אידען, זאָלען אָנהויבען רעדען ענגליש און פאַר־געסען אין גאַנצען אונזער אידיש. פאַר וואָס ניט? ענגליש איז אַ זעהר קולטורעלע שפּראַך און קאָן אַזוי לייכט אויפגענומען ווערען פון דעם אידישען פאָלק.

— ס׳טייטש — פּראָטעסטיר איך, — דאָס איז דאָך הוילע אַסימילאַציע!

— פאַר וואָס אַסימילאַציע? ווער רעדט דאָ פון אויפהערען צו זיין אידען! מען דאַרף זעהן, יעדער איד זאָל דורכגענומען ווע־רען מיט די גרויסע טראַדיציעס פון זיין וואונדערבאַרען עבר, מיט דער בערוישענדער אידעע פון זיין גלענצענדער צוקונפט אויף אַן אייגענעם לאַנד. מען דאַרף זעהען, ער זאָל מיט זיין גאַנצער גייס־טיגער ענערגיע אַריינגעהמען אין זיך יענעם וואונדערבאַרען עבר, שטרעבען צו דער בערוישענדער צוקונפט. דורך דעם קולטורעלען, רייכען ענגליש קאָנען מיר דאָס בעסער דערגרייכען, איידער דורך דעם אָרעמען פערהויקערטען זשאַרגאָן. און האָבען מיר דאָס איינ־מאָל דערגרייכט, — וועלכע קוילען פון דער אַסימילאַציע וועלען אונז קאָנען נעהמען?

און זעהר אָפט קאָן מען אין דער נאַציאָנאַליסטישער ליטעראַ־טור אָנטרעפען דעם געדאַנק, אַז די אידען קאָנען זיך איבער־הויפּט ניט אַסימילירען, והראיה, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס אין אַ סך מערב־אייראָפּעאישע לענדער האָבען זיי זיך, אין דעם אויסערען לעבען און אין די אינוועניגסטע אידעאַלען, אין גאַנצען אויסגעגליכען מיט די אַרומיגע שכנים, שווימען זיי נאָך אַלץ אַרום אויבען, „ווי בוימעל אויפ׳ן וואַסער“. די קליינע גרופּע אי־טאַליענישע אידען, צום ביישפּיעל, וואָס רעדען די איטאַליענישע שפּראַך, זיינען פּאַטריאָטען פון דעם לאַנד איטאַליע און רעכענען זיך פאַר קינדער פון דעם איטאַליענישען פאָלק, זיינען פאָרט אַ באַ־זונדער אידישע גרופּע, וואָס יעדער קאָן אָנדייטען אויף איהר מיט די פינגער.

אַט האָט איהר דריי פעלען מיט דריי פערשיידענע אויסטייטשונגען פון אַסימילאַציע.

אין דעם ערשטען פאַל, וואָס בעטראַכט די אידישע שפּראַך פאַר אַ פּראָדוקט פון דער דייטשער אַסימילאַציע, איז אַן אַסימילירטער איד דער, וואָס האָט אָנגענומען אַ פרעמדע שפּראַך. אין דעם צווייטען פאַל, איז דאָס דער, וואָס האָט זיין נשמה אַוועקגעגעבען דעם פרעמדען פאָלק, וואָס לעבט ניט מיט די אידעאַלען פון דער אייגענער געשיכטע. אין דעם דריטען פאַל איז נאָר דער איד באמת אַסימילירט, וואָס האָט שוין אין גאַנצען אָנגעוואוירען זיין אידישקייט און אפילו אויך זיין אידישען פּרצוף פּנים, אַזוי, אַז מיט קיין זאַך קאָן ער זיך שוין מעהר ניט אָבשיידען פון דער אַרומיגען בעפעלקערונג.

עס איז קלאָר, אַז דאָ איז עפּעס ניט קלאָר. די דריי אַזוי ווייט פאַנאַנדער אָבשטעהענדע ענינים קאָנען אמת אַרומגענומען ווערען מיט אַן איין־איינציגען בעגריף, אָבער עס איז דאָך אַ גרויסע נפקא מיניה, אין וועלכען זין איהר ווענדט איהם אָן. פערשיידענע אויסטייטשען פון אַסימילאַציע פיהרען צו פערשיידענע פּראָגראַמען, ווי אַזוי זי צו בעקעמפען. עס איז דעריבער נויטיג, צו געווינען אַ קלאָרען בעגריף וועגען דער זאַך, שוין צוליעב דעם אליין, מען זאָל וויסען „ווער איז ווער" און ווער עס קאָן געהן מיט ועמען און אַנטקעגען וועמען.

שטודירען דעם תוך פון אַסימילאַציע קאָן מען בעסער פאַר אַלע ביי יענע פּראַקטישע מומחות, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט דעם עסק אָן־גראָ. איך מיין דאָ יענע פעלקער, וואָס האָבען זיך אוועקגעשטעלט די אויפגאַבע צו אַסימילירען אין זיך אַנדערע פעלקער. זיי זענען, ברוך השם, דאָ אין אַ היבשער צאָהל. די רוסען רוסיפיצירען, די דייטשען גערמאַניזירען, די פּוילען פּאָלאָניזירען, די מאַדיאַרען (אין אונגאַרן) מאַדיאַריזירען און אַזוי ווייטער. זיי אַלע זעהען צו אַסימילירען אין זיך יענע טיילען פון דער בעפעלקערונג אין זייער לאַנד, וואָס געהערען צו אַנדערע פעלקער.

וואָס מיינען זיי מיט דעם „אַסימילירען"? ווען איז זייער ציעל דערגרייכט? עס קאָן זיין, אַז זיי וואָלטען אַלע וועלען, אַז די „פרעמדע" טיילען פון דער בעפעלקערונג זאָל אָהן אַ רעשט איינ־

געשלונגען ווערען פון זייער פאָלק. אָבער זיי נויטיגען זיך ניט אין אָט דעם ענדגילטיגען פון דעם אסימילאַציאָנס־פּראָצעס. דעם רוסישען אסימילאַטאָר אהרט ניט, אז די פּוילען און די פינלענדער זאָלען בלייבען אין די ערטער וואו זיי וואוינען, זאָלען זיך מתחתן זיין צווישען זיך און ברענגען אויף דער וועלט קינדער מיט אלע קערפּערליכע און גייסטיגע סימנים פון א פּויל אָדער א פין. וואָס דער רוסיפיקאטאָר וויל, איז נאָר איין זאך: דער פּויל און דער פין זאָלען אויפהערען צו רעדען פּויליש און פיניש, זיי זאָלען אָנהויבען צו רעדען ר ו ס. דאָס איז די איינציגע אויפגאַבע פון דעם רוסישען אסימילאטאָר. רוסיפיצירען א וועלכע עס איז געגענד אָדער א וועלכען עס איז טייל פון דער בעפעלקערונג הייסט מאכען, אז דאָס גאַנצע לעבען פון יענער געגענד אָדער יענעם בעפעלקערונגס־טייל זאָל זיך אָבשפּיעלען א י ן ד ע ר ר ו ס י ש ע ר ש פ ר א ך.

און דאָס אייגענע ציעל שטעלען זיך אלע אנדערע אסימילירענדע פעלקער. ווען די פּרייסישע „האַקאטיסטען" האָבען זיך אוועקגעשטעלט די אויפגאַבע אויסצוקויפען מיט דער הילף פון דער פּרייסישער רעגיערונג אלע לענדערייען אין פּרייסיש־פּוילען און צו בעזעצען זיי מיט דייטשען, האָבען זיי עס מאָטיווירט מיט דעם, וואָס די פּוילען ווילען זיך ניט גערמאַניזירען, ווילען ניט אָננעהמען די שפּראך פון יענעם פאָלק, מיט וועלכען זיי דאַרפען ווערען אסימילירט.

דער רוסיפיקאטאָר, גערמאַניזאטאָר, פּאָלאָניזאַטאָר און אזוי ווייטער פאָדערט פון דעם „פרעמדען" פאָלק נאָר איין זאך: בייט אוים דיין שפּראך אויף מיינע: נעהמסט דו אָן מיין שפּראך, ביסטו יעמאָלט מיינער. *)

און עס איז קיין חדוש ניט, וואָס ער איז אזוי „בעשיידען" אין זיינע פאָדערונגען און בענוגענט זיך מיט אָט דעם „ביסעל".

א פאָלק איז אַן אָרגאַניזם, וואָס בעשאַפט מענשליכע קולטור. די קולטור דריקט זיך אוים אין אלע זייטען און אויסערונגען פון

*) אין דעמזעלביגען זין נוירקט איצטער דער „אמעריקאניזאטאָר"— רוזוועלט. אמעריקאניזם, זאָגט ער, איז דער טויטש, אז אין אמעריקע איז דאָ פּלאַץ נאָר פאַר א י י ן שפּראך — דער ענגלישער. (1918).

פאָלקס־לעבען, אין אַלע זײנע געדאַנקען, געפיהלען, װילענס־שטרע־
בונגען און האַנדלונגען. אָבער װיכטיגער פאַר אַלץ זענען דאָ די
געדאַנקען, װײל „סוף מעשה במחשבה תחילה״. אַלץ, װאָס דער
מענש טהוט, מוז פריהער דורכגעהן דורך זײן געדאַנק, אײדער עס
קאָן װערען אַ טהאַט. אָבער דער געדאַנק װערט אַלע מאָל אויסגע־
דריקט אין בעשטימטע װערטער און די װערטער געהערען צו אַ בע־
שטימטער שפּראַך.

די שפּראַך איז דעריבער די **סובסטאַנץ** פון דער קול־
טור. אַלץ אין איהר װערט געבויט דורך דער שפּראַך און פון דער
שפּראַך. זאָל די מענשהייט אָננעהמען איין אײנציגע שפּראַך פאַר
אַלעמען, יעמאָלט װערט איין־אײנציגע אַלגעמיין־מענשליכע קולטור,
און אַלע פעלקער, װי בעזונדערע, קולטור־שאַפענדע אָרגאַניזמען,
פערשװינדען.

עס איז ניט דאָ דער אָרט, צו חקרן'ען זיך, צי דאָס איז מעגליך
אָדער צי דאָס װאָלט געװען אַ גליק אָדער אַן אומגליק. איך האַלט,
אַז דאָס איז אוממעגליך און אַז דאָס װאָלט געװען אַן אומגליק פאַר
דעם מענשליכען פּראָגרעס. אָבער ניט װעגען דעם רעדען מיר איצט.
עס איז פאַר אונז איצט װיכטיגער פאַר אַלץ, צו פערשטעהן, פאַר
װאָס דער אַסימילאַטאָר בענוגענט זיך מיט דעם „ביסל״ שפּראַך.
פרעסט ער אויף די שפּראַך פון אַ פאָלק, אַזוי האָט ער אויפגעפרע־
סען די סובסטאַנץ, פון װעלכער און אין װעלכער דאָס פאָלק קאָן
בעשאַפען זײן קולטור. און ביינדט ער צו אַ פאָלק צו זיך מיט די
פעדים פון זײן שפּראַך, אַזוי זעצט ער עס אַװעק פאַר יענעם װעב־
שטוהל, אויף װעלכען עס װערט געװעבט די קולטור פון זײן פאָלק.
די אידישע אַסימילאַטאָרען פון דער גאַנצער װעלט האָבען דאָס
אַלע מאָל פערשטאַנען און פערשטעהען אויך איצטער זעהר גוט.
די אָרשאַנסקים אין רוסלאַנד האָבען בשום אופן ניט געװאָלט, די
אידען זאָלען זיך אין גאַנצען צונויפמישען מיט דעם רוסישען פאָלק.
זיי האָבען גאָר געװאָלט אונז „רוסיפיצירען״, ד. ה. מאַכען, אַז מיר
זאָלען אָנהויבען טראַכטען און רעדען אין רוסיש. דורך דעם אַליין
זײנען זיי געװען „אַסימילאַטאָרען״. און װאָלטען זיי דורכגעפיהרט
זייער אידעאַל, װאָלטען מיר פערביטען אונזער שפּראַך אויף רוסיש,
װאָלטען מיר יעמאָלט געװען **אַסימילירט**, װי עס זײנען

שוין אַסימילירט די אידען אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליען, ענגלאַנד און האָלאַנד.

נאַציאָנאַלע אַסימילאַציע איז שפּראַכען־אַסימילאַציע. נאַציאָנאַלער קאַמף איז שפּראַכען־קאַמף. אַזוי פערשטעהט די וועלט, אַזוי קומט דאָס אויס לפי דער לאָגיק פון דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם.

הייסט עס, אַז מיר אידען, וואָס רעדען אידיש, זיינען אַסימילירטע אידען? יע, גאַנץ זיכער! מיר האָבען זיך אַמאָל אַסימילירט מיט דעם דייטשען פאָלק פון'ם מיטעלאַלטער. אָבער מיר זיינען אַוועק פון דייטשלאַנד. די שפּראַך, וואָס מיר האָבען אריבערגענומען פון דער פרעמד, האָט זיך ענטוויקעלט אין אונזער אייגענער מיט, זי האָט בעקומען אַן אייגען געשטאַלט און איז געוואָרען אַ גאַנץ אַנדער סובסטאַנץ, איידער די דייטשע שפּראַך. דער דייטש קאָן שוין נים שאַפען זיין דייטשע קולטור אין איהר. נאָר דער איד קאָן און טהוט אין איהר אויסדריקען זיין קולטורעלען לעבען און שאַפען. און דעריבער איז זי געוואָרען זיין שפּראַך, די סובסטאַנץ פון זיין קולטור, ד. ה. דער עצם פון זיין אינדיווידואַליטעט, ווי אַ פאָלק אויף דער וועלט.

אָנגרייפען אָט די שפּראַך, הייסט דעריבער אָנגרייפען די אידישע אינדיווידואַליטעט.

אָט דער אונגעהויער וויכטיגער פאַקט איז שוין פון לאַנג אַן אריינגעדרונגען אין דעם בעוואוסטזיין פון אונזער פאָלק. ער האָט אַ נאָמען געגעבען זיין שפּראַך: אידיש. דאָס בעטייט, אַז אונזער פאָלק וויים און פיהלט, אַז עס איז דאָ נאָר איין פאָלק אויף דער וועלט, וואָס בענוצט יענע שפּראַך, ווי אַ סובסטאַנץ פאַר זיין קולטור: דאָס אידישע פאָלק.

אונזער פאָלק וויים און פיהלט, אַז נאָר דער וויל נים רעדען און טראַכטען אין אידיש, וואָס שעהמט זיך צו זיין אַ איד, און אַז נאָר דער וויל, אַז אידיש זאָל פערשווינדען, ווער עס וויל, עס זאָל אויפהערען צו זיין אַ אידיש פאָלק.

אָט דאָס ליעגט אין דעם אויסדרוק „אידיש", וועלכען דאָס פאָלק האָט בעשאַפען. אין דעם לעבעדליכען זיעדעל־וואָרט „זשאַרגאָן" איז אונזער פאָלק נים שולדיג. דעם זשאַרגאָן־בלבול אויף

אונזער שפּראַך האָבען אויסגעטראַכט די געבילדעטע, די אַסימילי־לאַטאָרען, אונטער וועלכער מאַסקע זיי זאָלען זיך ניט בעהאַלטען.

אַסימילאַציע אין אונזער לעבען איז דעריבער יענער פּראָצעס, וואָס וויל אָבשאַפען אידיש און פערבייטען עס אויף אַ וועלכער עס איז אַנדער שפּראַך. און נאָר אַנטקעגען דער אַסימילאַציע האָבען מיר, נאַציאָנאַליסטען, צו קעמפען. און עס איז פאַר אונז קיין נפקא מיניה ניט, וועלכע שפּראַך עס וויל אויפעסען די סובּ־סטאַנץ פון אונזער לעבען און שאַפען, און מיט וועלכע פּרעטענזיעס זי קומט צו אונז.

אַסימילאַציע איז אַלץ, וואָס פיהרט צום פערשווינדען פון אי־דיש. אַ נאַציאָנאַלער קאַמף איז אַ קאַמף צוליעב אַלץ, וואָס דאַרף פערשטאַרקען די פּאָזיציע פון אידיש.

30־טען יוני 1915.

---

## די אַסימילאַציע, וואָס זי זאָגט צו און וואָס זי גיט

אָפטמאָל, ווען מיר פלעגט אויסקומען צו פיהרען ויכוחים מיט אונזערע אַסימילאַטאָרען, — דערהויפּט מיט די סאָציאַליסטי־שע ארבייטער וואָס האָבען זיך ערשט גענומען רייסען פון דער אידישער וועלט צו דער אַסימילאַציע — פלעג איך בעמערקען, אַז אין זייערע מוחות האָט זיך ניט גאָר ריכטיג אָבגעשפּיגעלט די שטעלונג, וועלכע ביידע צדדים, — די אַסימילאַנטען און די פּראָגרעסיווע נאַציאָנאַליסטען, — נעהמען איין אין דעם קאַמף.

זייער פאָרשטעלונג וועגען דעם קאָן איבערגעגעבען ווערען אין אַזאַ מין בילדליכער פאָרם:

אָבגעשניטען פון דער ליכטיגער וועלט און דער מענשהייט, לעבט דאָס אידישע פאָלק אין אַ פינסטערער הייהל. אַמאָל איז אויך דער צוגאַנג צו איהר געווען פערמויערט, אַז קיין שטראַל פון דער זון האָט פון ערגעץ ניט געקאָנט אריין שיינען אין איהר. שוואַך בע־לויכטען פלעגט זי ווערען נאָר פון אינוועניג, פון אָרעמע, קליינע, היילינע פייערלעך: פון אַ נשמה־ליכט, אַ הבדלה־ליכט, אַ חנוכה־

לעמפּעל און דערגליכען. פון די דאָזיגע טונקעלע הייליגע פּלעמעלעך פלעגען אומגעהן ציטעריגע געהיימניספולע שאָטענס איבער די גראָהע, פייכטע, שטיינערנע ווענד, און אַלעמען האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז ניט קיין שפּיעל פון אייגענע שאָטענס אויף די גראָהע ווענד, נאָר אַז דאָס זענען סודות־טיעפע שריפטצייכענס פון אַ געטליכער בשורה צו אונז, אַן אָנזאָג אויף אַ וואונדערליכער גאולה און אַ בעפעהל צו לײַדען און צו וואַרטען און בשום אופן ניט ארויסצוגעהן פון דער הייהל. און אונזער גאַנצע נשמה, אונזער גאַנצער בענקען און האָפען איז געווען געווענדט צו די סודות־פולע שאָטענדיגע צייכענס.

אָבער אָט האָט דער פּראָגרעס פון דער מענשהייט דורכגעבראָכען דעם פערמויערטען צוגאַנג צו דער פינסטערער הייהל, און פּאַסטען פון בלענדענדען טאָג־ליכט האָבען זיך אריינגעריסען אין איהר. וואו נאָר זיי פלעגען פאַלען אויף די ווענד, פלעגט תיכף פערשווינדען דער פער׳כשופ׳טער שאָטען־שפּיעל. אַ נייע וועלט האָט זיך געעפענט פאַר די, וואָס זענען געשטאַנען נאָהענט צום ארויסגאַנג: אַ וועלט פון מונטערן טאָג און זונען־שיין, מיט ווייטע, אונענדליכע האָריזאָנטען. קלאָר אין דעם זונען־שיין איז ביים ארויסגאַנג געלעגען דער וועג פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס, וואָס פיהרט צו גליק און פרייד פאַר אַלע מענשען־קינדער, אָהן אַ שום חילוק פון ראַסע, גלויבען און קולטור.

און די בעסטע, די פּראָגרעסיווסטע פון דעם אידישען פאָלק האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן האַסטיג פון דער פינסטערער הייהל און זיך אריין געוואָרפען אין די אָרעמס פון דער אַלגעמיינער, פּראָגרעסיווער מענשהייט. די בעסטע, די פּראָגרעסיווסטע, — דאָס זענען זיי, די אַסימילאַטאָרען, וואָס פליהען פון דער פינסטערער גייסטיגער קנעכטשאַפט צו דער ממשלה פון דעם זונען־שיין, געצויגען פון די ליכטיגע ווייטע האָריזאָנטען. אָבער מיר, די צוריקגעבליבענע, די רעאַקציאָנערע נאַציאָנאַליסטען, — אונזער אויג איז נאָך ניט געוועהנט צו דעם בלענדענדען שיין פון דער זון. אין אונזער הארצען זענען נאָך טיעף איינגעבאַקען די סודות־פולע צייכענס פון׳ם שאָטען־שפּיעל אויף די ווענד. מיר קאָנען זיך ניט טרענען מיט דער קאַלטער, גרויער, פייכטער, שטיינערנער הייהל

און מיר לויפען נאך זיי, נאך די לויפענדע און פאלען אויף זיי און פון רוקען און כאפען זיי פאר'ן קאלנער און שלעפען זיי צוריק, מיט אלע כוחות צוריק אין די פינסטערע הייהלען אריין...

אזוי מאלט זיך אוים אין די מוחות פון די אסימילאטארען דער זין פון אונזער קאמף. דאס איז א קאמף פון פינסטערנים און ליכט: פון פינסטערע שאטענס און אבגעשלאסענעם הייהלען־לעבען אויף אונזער זייט, פון ליכטיגע האריזאנטען און צונויפגום מיט דער גאנצער פראגרעסיווער מענשהייט אויף זייער זייט...

עס איז בלי ספק פאראן פיעל אמת אין יענעם אלעגארישען בילד, אבער נאר ביז צו א געוויסען גראד. פאלש ווערט ער אין גאנצען ווען ער שילדערט אונזער צונויפשטויס. נישט אין דער הייהל ווערט געפיהרט אגזער היסטארישער קאמף, נאר שוין דרויסען פון איהר, און ניט פון רוקען פאלען מיר אן אויף דעם אסימי־לאטארישען געגנער, ניט פאר'ן קאלנער ציהען מיר איהם צוריק: ברוסט אנטקעגען ברוסט שטויסען מיר זיך צונויף אין קאמף, די פינגער איינגעקרעמפט איינער אין דעם אנדער'נס גארגעל, ווייל געראנגעלט־זיך ווערט דא אויף לעבען אדער טויט!

איך רעכען, די לעזער פערשטעהען גאנץ גוט, אין וועלכען זין איך געברויך דא די לעצטע פאר ווערטער. דער קאמף פון די פראָ־גרעסיווע נאציאנאליסטען אנטקעגען די אסימילאטארען איז ניט קיין פערזענליכער קאמף פאר פריוואטע צוועקען. אין דעם פערזענ־ליכען פריוואטען לעבען קאנען מיר ווינשען איינער דעם אנדערן כל טוב. דאס איז א היסטארישער קאמף פון פיינדליכע אידעען, וואס קאנען ניט לעבען פריעדליך איינע מיט דער אנדערער, וואס צווינ־גען צונויפשטויסען זיך ברוסט אנטקעגען ברוסט אין א צארנדיגען פערניכטענדען שלאכטקאמף: טויט אדער לעבען.

ווי קומען מיר אין אזא לאגע פון ברוסט אנטקעגען ברוסט דרויסען פון דער הייהל?

די דערקלעהרונג איז גאר א פשוט'ע. מיר, די פראגרעסיווע אידישע נאציאנאליסטען, לויפען פון דארטען, וואוהין זיי, די אסימילאטארען לויפען מיט אזא האסט... עס קאן זיין, דאס איז דערפאר, וואס מיר זענען פריהער, א סך פריהער ארויס פון דער הייהל, אדער ווייל אונזערע פים זענען געוועזען בעפלי־

וועלט, אָדער ווייל דער איבערשטער האָט אונז מזכה געווען מיט קפיצת הדרך, — אָבער דער פאַקט איז, אז מיר זענען פריהער דערלאָפען צו דעם סוף פון דעם וועג, אויף וועלכען די אידישע אסימילטאָרען גהען ערשט ארוים. און ווען מיר זענען דערלאָפען ביז צום סוף האָט זיך פאַר אונזערע אויגען ענטפּלעקט אַן אבגרונד און אַז מיר האָבען אריינגעבליקט טיעף אין דעם תהום, האָבען מיר דערזעהען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אָנגעפילט אונזערע הערצער מיט צער און מיט אנגסט...

מיר האָבען דאָרטען דערזעהען ווידער לויערן יענע שלאַנג, מיט דריי קעפּ, פאַר וועלכער מיר זענען אנטלאָפען פון דער הייהל; יענע דריי־קעפּיגע שלאַנג, וואָס איין קאָפּ איהרער רופט זיך: „א נ־טיסעמיטיזם“ און דער אַנדערער: „דער ניעדעריגער קולטור־מעמד פון די מאַסען“ און דער דריטער: „די פערהויקערונג פון דעם אידישען מהות מענש“...

און מיר האָבען גענומען לויפען צוריק און דאָ האָבען מיר זיך געמוזט צונויפשטויסען מיט דעם אסימילאַנט ברוסט אנטקעגען ברוסט.

וואָס האָט אונז אַרויסגעטריבען פון דער הייהל? אין וואָס איז געלעגען דער מאַגנעט פון די ווייטע ליכטיגע האָריזאָנטען, וואָס האָט אונז אָבגעריסען פון אונזער פאָלק און האָט דעם געדאַנק פון פערשווינדען צווישען די פעלקער געמאַכט אַזוי הייליג און צוציהענד? פאַר וואָס?

געוויס, אין דעם גרויסען אידעאַל פון ברידערליכען פעלקער־צונויפגוס זענען דאָ געוועזן מאַגנעטישע עלעמענטען, וואָס זאָלען צו־ציהען צו זיך מוחות און הערצער פון אַלערליי מענשען, צו וועלכען פאָלק זיי זאָלען ניט האָבען געהערט. אויך אין די אידעאַלען פון דער אידישער אסימילאַציע האָט ביי אונזער דור הויך געקלונגען דער רוף פון דעם קאָסמאָפּאָליטישען סאָציאַליזם. ער האָט פאַר אונזערע אויגען אויסגעמאָלט דאָס בילד פון דער פעראייניג־טער מענשהייט, א בעפרייטער פון אַלע קייטען, נאָכדעם ווי עס וועלען ווערען אָבגעשלייפט ביז צום גרונד אַלע מויער־ווענד און באַריערען, וואָס האָבען פאַנאַנדערגעטיילט די מענשליכע קינדער בין אהער: די גרעניצען פון די מדינות, די ראַנגען און מדרגות פון

קלאסען און שטאנדען, די אהן טעם-געווארענע סכסוכים צווישען רעליגיע און רעליגיע, די אויסגעוועבטע פערשיידענהייטען פון פאלק צו פאלק.

אבער עס וואלט געווען א גרויסער טעות צו מיינען, אז די דאָ־זיגע ליכטיגע אידעאלען זענען ביי אונז געווען אנגעזאפט מיט א בעזונדערער שנאה צום אידישען פאלק, אדער לפחות מיט א גלייכגילטיגקייט צו דעם גורל פון די אידען, ווי אייגצעלנע מענשען.

ניין, נים נאר דער אלגעמיין-מענשליכער אידעאל (וואס נעהמט דאך אידען אויך אריין אין זיין קרייז) איז געווען דער אויבערהאר איבער אונזער נשמה, אויך שפעציעלע א י ד י ש ע לעבענס-נויטען האבען דערנומען אונזער הארץ.

אין דעם אויבען־אן פון די אידישע צרות איז געשטאנען דער אנטיסעמיטיזם, מיט זיינע רדיפות אהן א צאהל און אהן א מאס, מיט זיינע בעגרעניצונגען און פערצאמונגען, וואס ער האט אויפגעבויט פאר אונז כמעט אויף אלע וועגען און שטעגען. ווי ווערט מען פטור פון יענעם אנשיקענים ,וואס פערביטערט יעדע שעה פון אונזער לעבען ? פון ואנען נעהמט זיך יענע אייביגע רשעות צו אונז ? די אלטע וועלט האט אין דעם אנטיסעמיטיזם געזעהען קודם גאטס שטראף פאר אונזערע זינד, פאר אונזער נים-געגונג-טריי זיין צו די טויזענדער און אבער-טויזענדער געבאטען פון דעם אידישען גלויבען. אבער צו דעם האט זי אויך נים פערשוויגען די אכזריות, די אומ'ברחמנות'דיגע ווילדקייט פון די פרעמדע פעלקער, אין וועמעס הענד גאט האט אונז — אין זיין גערעכטען גרימצארן — איבערגעגעבען. וואלטען מיר תשובה געטהאן, וואלט דער אויבערשטער זיך אבגערעכענט מיט אונזערע פייניגער און אויסגעלעזט אונז פון זייערע הענד.

א גאנץ אנדערן ענטפער האט געמוזט געבען אויף דער שאלה די אויפגעקלערטע אסימילאציאנס-טעאריע.

די נעראנקען פון אויפקלעהרונג און בילדונג וואס האבען זיך, ווי די שטראהלען פון דער זון, אריינגעריסען אין דער הייהל, האבען געמאכט א נפקא מיניה צווישען דער רשעות צו אונז אין דער פערגאנגענהיים און דעם אידען־האס פון דער געבילדעטער אויפגעקלעהרטער צייט. די ערשטע איז געווען א פראדוקט פון דעם בלינ־

בען רעליגיעזען פאַנאַטיזם, וואָס האָט געהערשט אין דעם מיטעל־
אַלטער און וואָס האָט אַנגעריצט איין רעליגיע אַנטקעגען דער
אַנדערער. אין יענעם פאַנאַטיזם זענען די פעלקער און נאָר די
פעלקער געווען שולדיג. אין יענע צייטען זענען מיר, אָהן אַ ברעקעל
חטא פון אונזער זייט, אַריינגעטריעבען געוואָרען אין דער פינסטע־
רער הייהל, און דעם אַרויסגאַנג פון איהר האָט מען פערמויערט
פון דרויסען. אָבער פון יענער צייט אָן האָט זיך דער גורל איבער־
געביטען: די פעלקער זענען געוואָרען אַלץ געבילדעטער, ציוויליזיר־
טער און טאָלעראַנטער, בעת אונזערע זאַפטען זענען אין דער הייהל
אַלץ מעהר פערדאַרבען געוואָרען, אַלץ מעהר דורכגעמישט געוואָרען
מיט אַ שנאה און אַ פעראַכטונג צו די אומות העולם. איצטער זע־
נען מיר די שולדיגע און ניט זיי. זיי זענען שוין אַנגעגרייט אויפ־
צוברעכען די מויערן, וואָס שיידען אונז פאַנאַנדער. דער אַרויס־
גאַנג איז שוין פריי געמאַכט. לאָ'מ י ר פערלאָזען אונזער אומ־
גליקליכע תפיסה, לאָ'מ י ר אַרויס אויף דער ליכטיגער זון, לאָ־
מ י ר זיך צונויפגיעסען אין איינעם מיט די אומות העולם, האַנד
אין האַנד מיט זיי אַ לאָז טהאָן זיך אויף דעם וועג פון דעם אַלגע־
מיין־מענשליכען פראָגרעס און — אין אַ דור אָדער צוויי וועט פון
דעם אַנטיסעמיטיזם, לפחות, ביי די געבילדעטע, ניט בלייבען קיין
כמן און קיין זכר.

די אַסימילאַציע מיט די איבעריגע פעלקער — האָט ווייטער
גע'טענה'ט דער „גייסט פון דער נייער צייט" („רוח העת החדשה"),
— איז ניט נאָר נויטיג פאַר אונז, כדי פטור ווערען פון דעם אַנטי־
סעמיטיזם. זי איז אפשר נאָך נויטיגער פאַר אונזער אייגענעם גייס־
טיגען לעבען, פאַר דער פערבעסערונג פון דעם געזונקענעם קולטור־
מעמד.

די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבען פערבראַכט אין דער אָבגע־
זונדערטער אַטמאָספערע, האָבען מיר זיך געקאַכט אין אונזערע איי־
גענע זאַפטען. מיר האָבען געשפייזט אונזער מוח און אונזער האַרץ
מיט דער דערקלערונג פון די שאָטענס, וואָס האָבען מיסטעריעז
אומגעבלאָנקעט איבער די נאַסע, גרויע, שטיינערנע ווענט פון אונ־
זער הייהל. און אונזער קולטור־מעמד איז דעריבער געפאַלען פון
דור צו דור. טיעפע עם־הארצות בנוגע צו אַלץ, וואָס קומט פאַר

אין דער נאַטור און אין דעם מענשליכען לעבען; אַ גלויבען אין רוחות און שדים, נסים און מופתים, רביים און בעל־שם'ען, טאַטערן און מכשפים, סגולות און לחש'ען; אַ בטלנ'ישע אַבגעלאָזענקייט אין וואוינונג, קליידונג, ריינליכקייט און דרויסענדיגען אויסזעהען; אַ קינדערישע אומבעהאָלפענקייט אין אַלע מילין דעלמא, אין אַלע וועלטליכע ענינים; אַן עקאָנאָמישער לעבען פון שטויב און ווינד, פון האַנד אין מויל, פון אומנעהן שלינג־און־שלאַנג און קוועטשען די באַנק אין די קלייזלעך אָדער אין די בתי־מדרשים; אין בעסטען פאַל אַ לעבען פון אַ פּאַראַזיט אויף דעם קערפּער פון דעם „גוי", — אַזוי פערזומפּט און פערהויקערט איז געוואָרען דאָס אידישע לעבען און די אידישע ליטעראַטור. און אויף דעם הויקער זענען געזעסען רייטענדיג די צדיקים און רביים, די קהלם־לייט און כלי־קודש און האָבען איבערגעכאַפּט דעם ביסען, וואָס יעדערער האָט געטראָגען צו זיך אין מויל אריין. און אין דעם זומפּ האָבען זיך געווידמעט שקצים און רמשים, וואָבערניקעס און מוסרים, הונגעריגע בלוט־ווערים, וואָס האָבען נאָר געוואַרט אויף דער געלעגענהייט, וואוהין עס איז אריינצושטופּען זיך און אָנהויבען זויגען די חיונה...

אַט דער גאַנצער שפּל'ער קולטור־מעמד, — האָט אונז געלערנט דער אַסימילאַציאָנס־אידעאַל, — וועט אָבער מיט אַמאָל זיך אַ הויב טהאָן אין דער הויך, ווי נאָר מיר וועלען זיך אויסמישען מיט די קולטורעל העכער־שטעהענדע פעלקער.

און נאָך אַ דריטע זאַך האָט אונז די השכלה־צייט צוגעזאָגט אין דעם נאָמען פון דער אַסימילאַציע: די אויספיינערונג פון דעם אידישען מהות מענש.

געדענקט דער לעזער אפשר נאָך דעם טיעפען פּאָעטישען שיר פון חיינריך היינע: „די פּרינצעסין סאַבאַטה" (די פּרינצעסין שבת)? דאָס אידישע פאָלק ווערט דאָרטען פערגליכען מיט אַ בן־מלך, וועמען אַ בעזע מאַכט האָט פער'כשופ'ט אין אַ... הונד. גאַנ־צע זעקס טעג אין דער וואָך פערליערט ער זיין מענשליכע געשטאַלט און לויפט אום ווי „אַ הונד מיט הינטישע געדאַנקען". אָבער אַט קומט צו איהם די פּרינצעסין, דער הייליגער שבת, און דער כשוף־טאָג פאַלט פון איהם אַראָב און ער ווערט ווידער מגולגל אין אַ פּרינץ.

דר. ת. זשיטלאָווסקי

די טענדענץ פון היינע'ס שיר איז נאָך ניט פריי פון יענעם סאַטירישען, אין בעסטען פאַל הומאָריסטישען בליק, מיט וועלכען היינע האָט יעמאָלט געקוקט אויף יעדע רעליגיע בכלל און אויף דעם אידישען גלויבען בפרט. ער זעהט נאָך אין דער רעליגיע ניט מעהר ווי דעם פשוט'ען מענשענס בענקשאַפט נאָך פעטע שמאַלציגע הנאה פון לעבען, אויב ניט אויף דער וועלט, איז לאָז זיין אויף יענער וועלט; זיין שטרעבען, לכל הפחות אין די יום־טובים א ביסעל א נאַש טהאָן פון דעם פעטען טעפעל גליק. די פרינצעסין שבת וואָס איז, אונטער די קלאַנגען פונ'ם „לכה דודי" פערשלייערט געוואָרען צו דעם פרינץ ישראל,

אַלץ איז מתיר זי דעם ליעבען,
נאָר ניט רויכערן קיין טאַבאַק —
„ליעבסטער מיין, דו זאָלסט ניט רויכערן,
ווייל מען טאָהר דאָס ניט אום שבת.
און דערפאַר וועסטו בעקומען
היינט צו וואַרמעס א מתנה,
א געריכט, באמת געטליך,
א גן־עדן מאכל: טשאָלענט".

און היינע דערקלערט ווייטער, אַז

טשאָלענט איז א הימעל־מאכל,
וואָס דער ליעבער גאָט בכבודו
האָט געלערנט קאָכען משה'ן
אויף דעם הייליגען בארג־סיני.

ניט קוקענדיג אויף דער לייכטער איראָניע, מיט וועלכער היינע בעהאַנדעלט דעם אידישען שבת, האָט ער דאָך מיט זיין פאַטעטישען רוח־הקודש ארויסגעפונען דעם טיעפען און ערנסטען בעטייט וואָס דער שבת האָט געהאַט אין דעם אידישען לעבען. זעקס טעג אין דער וואָך איז דער איד א הונט.

הונט מיט הינטישע געדאַנקען,
קריכט ער אום די גאַנצע וואָך
אין דעם קויט און מיסט פון לעבען,
א געשפּאָט פאַר גאַסען־שקצים.

אָבער קומט דער שבת־קודש,
אַלע פרייטאָג בין השמשות,
פּלוצלונג ווייכט פון הונט דער בשוף,
און ער ווערט אויף'ם ניי א מענש.

מענש, מיט מענשליכע געפיהלען,
אויפגעהויבען קאָפּ און הארץ,
געהט ער, אָנגעטהאָן שיער רייַנליך,
יום־טוב'דיג אין פאָטערס פּאַלאַץ.

היינע האָט ניט בעמערקט, אז דעם איבערקעהר פון הונד אין בן מלך האָט די פרינצעסין שבת דורכגעפיהרט ניט נאָר דורך דעם וואָס זי האָט אויף א טאָג בעפרייט איהם פון דער נויטווענדיגקייט ארום צו קריכען ווי א הונד איבער דעם לעבענס קויט און מיסט. נאָך אן אנדער גבורה איז געלעגען אין דעם שבת, ווי אין דער גאַנצער אידישער רעליגיע בכלל: דער גלויבען, אז די הינטישע עקזיסטענץ איז דעם אידען בעשערט ניט אויף אויביג, נאָר אויף א צייט, ביז גאָט וועט זיך מרחם זיין און וועט שיקען זיין משיח אויסצולעזען דאָס פאָלק פון גלות. אָט דער משיח־גלויבען, דער איינציגער פונק פון מענשליכען בן־חורין־געפיהל, — אָט דאָס איז געווען די מלכות'דיגע קראַפט, וואָס האָט אויך ארויסגעשטראַהלט פונ'ם שבת. אין דעם טאָג פון רוה פלעגט דער איד פערליערען זיין אינדיווידועלע הונד־געשטאַלט און אָנגעהמען די נ א צ י אָ־נ א ל ע געשטאַלט פון דעם פערוואָגעלטען פרינץ, וואָס בענקט ניט נאָר נאָך זיין הימלישען פאָטער, נאָר אויך נאָך זיין ע ר ד י־ש ע ר ה י י ם, נאָך זיין לאַנד ישראל.

א שמץ פון דעם דאָזיגען נ א צ י אָ נ א ל ע ן זין אינ'ם אידישען שבת רייסט זיך דורך אויך אין היינע'ס ליעד דורך דער

סאטיריש־בומבאסטישער טשאלענט־שטימונג, אין וועלכער ער האט ליידער בעזונגען דעם הייליגען אידישען טאג. אלץ נאך רעדענדיג וועגען דעם טשאלענט, דערצעהלט אונז ווייטער היינע:

עסט דער פרינץ פון יענעם מאכל,
גלאנצט אין אויג עלית־נפש,
און ער קנעפעלט אויף זיין וועסטעל,
מיט א גליקליך שמייכעל רעדט ער:
„הער איך ניט, ווי ס'רוישט דער ירדן?״

איהר וועט געווים אויף מיר קיין פעראיבעל ניט האבען, וואס איך האב מיך אזוי לאנג אבגעשטעלט אויף היינע'ס ליעד. עס איז באמת א צער, וואס היינע האט בעהאנדעלט אזא טהעמע נאך אין דער צייט פון זיין יונגענד־אפיקורסות. שוין דערפאר שלאגט נאך אזוי שטארק פון דעם ליעד דער ריח פון דער ראדיקאלער השכלה. אבער זיין זשעני האט איהם שוין יעמאלט אריבערגעטראגען איבער דעם משכילישפריוואלען געלעכטער און האט מיט דעם אדלער־בליק דערזעהען דעם אינעווענייגסטען תוך פון דעם אידישען לעבען, וואס האט געהערשט ביז צו די אידעאלען פון דער אסימילאציע.

יע, אין א דאפעלטער געשטאלט האט געלעבט דער איד: אין דער־וואכען ווי א הונד, אום שבת — ווי א בן־מלך; און אין זיין דרויסענדיגער געשטאלט, ווי א הונד, איז ער געווען א אויסטערלישער עקזעמפליאר פון דעם מין: „א הונט מיט הינטישע געדאנקען״, וואס האט געהאלטען נאר אין איין טראכטען וועגען בעקומען ערגעץ־וואו א פעט ביינדעל, וואס האט געלעקט די שטויב פון די פיס ביי די, וואס האבען איהם געשטויסען. מען פלעגט זיך דעריבער טאג־טעגליך בעגעהען מיט איהם ווי מיט א ברור דיגען צוגעלאפענעם כלב.

אבער איינוועניג, אין הארצען האט געלעבט דער פרינץ, און דאס האט דעם אידען געגעבען די קראפט אויסצוהאלטען די הינטישע עקזיסטענץ, אריבערצוטראגען די זלזולים און בזיונות, וואס האבען טאג־טעגליך געהאגעלט אויף איהם. די טויזענטער

בעליידינונגען און רדיפות האבען נאר בעשמוצט אדער געמאַ־טערט זיין גוף; זיי האבען ניט איבערגעלאזען קיין איין שפרענ־קעל אויף זיין נשמה. צו הויך האט דער בן־מלך געטראכט וועגען זיך, צו ניעדעריג זענען געוועזען אין זיינע אויגען די פיינינער. ער האט זיי ניט גערעכענט פאר מענשען און דעריבער האבען זיי ניט געקאנט אנריהרען זיין אינווענינסטען געפיהל פון איינגע־נער חשיבות. אויף זייער שטוים מיט׳ן פוס האט ער געקוקט, ווי אויף א „ברוק״ פון א פערד׳ל, אין זיין חנפה׳נען און גלעטען האט געהאט אין זיך הקוראט אזוי ווענינ עהרליכע קנעכטישקייט, ווי ווען מען חנפה׳ט אין מען גלעט א ווילד־געווארענעם לאשאק.

דאס אלץ איז אבער געוועזען נאר יעמאלט, ווען דער גלויבען אין משיח און אין דער אויסדערוועהלקייט פונ׳ם פאלק ישראל האט געקאנט לעבען אין די מוחות און די הערצער פונ׳ם גאנצען פאלק, ד. ה. ניט נאר ביי די עם־הארצ׳ישע מאסען, נאר אויך ביי די דענקענדע קעפ.

ס׳איז ניט דא דער ארט צו שילדערן, ווי אזוי דער משיח־גלויבען האט געמוזט אין גאנצען פערשווינדען ביי דעם געבילדע־טערען עולם שוין אין דעם סוף פון דעם 18טען און דעם אנהויב פון דעם 19טען יאהרהונדערט: ער געהערט צו יענע אומרוהיגע שאטענס אויף די וואנד פון דער פינסטערער הייל, וואס זענען תיכף פערבלאסט געווארען, ווי נאר אויף זיי איז געפאלען דער פאס זונען־שיין, וואס האט זיך מיט דער השכלה אריין געריסען אין אונזער לעבען. און מיט דעם פערשווינדען פון דעם משיח־גלויבען, האט מען אויך אנגעוואהרען יענעם א י נ ו ו ע נ י נ ס־ט ע ן מ א ר א ל י ש ע ן ב א ל א נ ס, וואס האט געהאל־טען דעם אידען׳ס נשמה אין גלייכגעוויכט און האט זי ניט גע־לאזט אין גאנצען פער׳מקח׳וממכר׳ט ווערן אין דער אטמאספערע פון דעם קליינעם סוחר, ניט אין גאנצען פערשטויבט ווערן אין די וואלקענס פון שטויב און רויך, מיט וועלכע דאס רוב פון דעם אידישען פאלק האט געהאנדעלט.

אין איינעם מיט דעם משיח־גלויבען איז געשטארבען דער בן־מלך און געבליעבען איז... דער הונט! און וואס מעהר מענשלי־

פּע בילדונג. עס האָט גענומען אריין פּליעסען אין דער אידישער גייסטיגער וועלט, אַלץ אומוועדדינגער איז געוואָרען די הינטישע עקסיסטענץ, אַלץ אוממענליכער איז געוואָרען, זי צו דערטראָגען. פּראָיעקטען האָבען זיך גענומען ארומטראָגען אין לופטען, ווי אַזוי צו פערוואנדלען אידען אין „ניצליכע בירגער", ווי אַזוי „אויסצומענשלען" דאָס אידישע פאָלק.

„ווערט מענשען מיט מענשען גלייך". — איז געוואָרען דער לאָזונג פון דער השכלה. „ווערט מענשען" — דאָס איז דער טייטש: „הערט אויף צו זיין א י ד ע ן, לכל הפּחות, אין דעם נאציאָנאַלען זין פון דעם וואָרט." גיסט זיך צונויף נאציאָנאַל מיט די פעלקער, צווישען וועלכע איהר וואוינט. און ניט נאָר וועט די שנאה צו אייך פערשווינדען, ניט נאָר וועט די קולטור, די אידישע זיך אויפהויבען צו א העכערער מדרגה, נאָר אויך דער מין מענש, וואָס איז פערהינטישט געוואָרען אין זיין אָבגעזונדערטקייט פון דער איבריגער וועלט, וועט ווערן אַן אנדערער, א העכערער. דעם הינטישען גלגול וועט אָבשאַפען ניט די פּרינצעסין שבת און ניט נאָר פאר איין טאָג אין וואָך, נאָר דאָס לעבען אין דער אַלגעמיין־מענשליכער אטמאָספערע פאר אלע טעג פון א גאַנץ־יאָהר.

מען מוז מודה זיין: גלענצענד, בעצויבערנד זענען געוועזען יענע האָריזאָנטען, וואָס די אַסימילאַציע האָט אויסגעמאָלט פאר דאָס אידישע פאָלק, און עס איז קיין חידוש ניט, וואָס די בעסערע עלעמענטען זיינע האָבען זיך מיט אימפּעט א ריס געטהאָן פון דער היהל ארויס, מיט יובעל־געזאַנג פער'משפּט צום טויט זייער פאָלק און פרייודיג אריין געשטעלט זיך אין די מחנות פון דער פאַרווערטס מאַרשירענדער מענשהייט...

עס איז שוין איצטער איבער א הונדערט יאָהר, ווי די אידעאַלען פון דער אַסימילאַציע האָבען גענומען מקוים ווערן אין לעבען. אין איינינע לענדער, ווי צ. ב. אין האָלאַנד, האָט זי אָנגעהויבען איהר ארבייט נאָך א סך פריהער און איז שוין דערגאַנגען ביז צום סוף. די אַנדערע מעריב־אייראָפּעאישע לענדער, — ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, — האָבען זי באַלד אָנגעיאָגט.

אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער און אין אַמעריקע וואַקסט איהר פּאַקטישע מאַכט פון טאָג צו טאָג. עס איז, הייסט עס, שוין דאָ גענוג מאַטעריאַל, כדי צו קאָנען פערענטפערן די שאלה, צי האָט די אַסימילאַציע געהאַלטען וואָרט אין איהרע צוזאָגען און וואָס האָט זי אונז באמת געבראַכט.

האָט זי אָבגעשאַפט אָדער, לכל הפחות, שוואַכער געמאַכט דעם אַנטיסעמיטיזם?

האָט זי רייכער און ברוכפ'ערער געמאַכט די קולטור פון די אידישע מאַסען?

האָט זי אויפגעהויבען צו אַ העכערער מדרגה דעם אידישען מין מענש?

דער וואָס קוקט מיט אָפענע אויגען אויף דער געשיכטע פון דעם 19טען און 20טען יאָהרהונדערט, פאַר יענעם אַנטפּלעקט זיך יענער „ביטערער אמת“, אַז אין דעם פּרט פון דעם אַנטיסע־מיטיזם האָט דער אַסימילאַציאָנס־אידעאַל אויפ'ן שענדליכסטען אופן באַנקראָטירט.

די שבחים פאַר דער אַסימילאַציע וואָס האָבען נאָך נאָר ניט לאַנג געקלונגען אַזוי הויך זענען איצטער עפּעס אַנשטומט גע־וואָרען. אין דער ליטעראַטור מאַכען די אַסימילאַטאָרען אַ שווייג וועגען די טובות, וואָס זייער אידעאַל דאַרף ברענגען מיט זיך, אָדער ציעהען גאָר אַרויף אויף דער אַסימילאַטאָרישער פּראַקטיקע אַ ריין נאַציאָנאַליסטישען מאַנטעל. אָבער אין דעם לעבען האָבען זיך נאָך ניט אויסגענומען די שירים ותשבחות לכבוד דער אַסי־מילאַציע, דער עיקר אין יענע שיכטען פונ'ם פאָלק, וואָס הויבען ערשט איצטער אָן אַראָבטרייסלען פון זיך דעם מיטעלאַלטערליכען שלאָף, פאַר וועמעס אויגען עס הויבען ערשט איצטער אָן פאַנאַנ־דערצושפּיעלען זיך די רויזען־פאַרבענע האָריזאָנטען פון דעם אַל־געמיין־מענשליכען פּראָגרעס און וועמעס אויערן עס ווערן בעו־כשוף'ט פון די גלענצענדע צוזאָגען, מיט וועלכע די אַסימילאַ־ציע טרעט צו זיי צו.

זיי מוז מען אוועקשטעלען אויג אַנטקעגען אויג קודם כל מיט יענעם „ביטערען אמת“, אַז די אַסימילאַציע האָט ניט נאָר ניט אָבגעשאַפט, ניט נאָר ניט שוואַכער געמאַכט דעם אַנטיסעמיטיזם,

נאָר אז זי האָט איהם אין זעהר א גרויסער מאָס פערשטאַרקט און אז אנדערש האָט זי ניט געקאָנט ווירקען אין דעם פרט, ווייל דער טרויעריגער רעזולטאַט פון איהר ווירקונג האָט גענומען ארויסוואַקסען פון איהר אייגענער טבע.

קודם כל מוז מען זיך נעהענטער צוקוקען צו די פאַקטען גופה, וואָס זיי אליין רעדען שוין א גענוג קלאָרע שפּראַך.

דער אנטיסעמיטיזם איז ניט געבליעבען בעגרעניצט אויף די אזוי גערופענע רעאַקציאָנערע לענדער. גראָד אין די פּראָגרעסיווסטע, — דייטשלאַנד און פראַנקרייך, — האָט זיך אין דעם לעצטען פערטעל פון דעם געבילדעטען נייענצעהנטען יאָהרהונדערט ארויס געריסען, ווי פון א וואולקאַן, א געפעהרליכער אנטיסעמיטישער פייער־שטראָם. און צו די טהעאָרעטישע פיהרער פון דעם אנטיסעמיטיזם האָבען געהערט ניט נאָר אונוויסענדע רעאַקציאָנערען, נאָר מענשען גראָד הויך־געבילדעטע און גאַנץ ראַדיקאַלע אין אַלע אנדערע פראַגען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. די נעמען פון א וו. מאַרר, ברונאָ בויער, אויגען דיוהרינג אין דייטשלאַנד און ראָשפאָר אין פראַנקרייך בעווייזען, אז דער ראַדיקאַלער געדאַנק איז ניט קיין שמירה פאַר דעם אנטיסעמיטיזם.

און נאָך וויכטיגער איז פאַר אונז, סאָציאַליסטען, צו וויסען און צו געדענקען, אז אפילו דער סאָציאַליסטישער געדאַנק איז ניט אַלע מאָל א שמירה אנטקעגען דעם אנטיסעמיטיזם. די פּראָווינציעלע סאָציאַליסטישע פּרעסע אין ענגלאַנד און פראַנקרייך איז עד היום ניט פריי פון שנאה צו אידען. „אנשי שלומינו“ פון די אסימיליאַטאָרען וויסען דאָס גאַנץ גוט, מאַכען אָבער א שוויינ וועגען אָט דעם זעהר צוגעפוילטען ענין. אויך וואָלט מען געקאָנט אָנפיהרען א היבשע צאָהל נעמען פון סאָציאַליסטישע „גדולים“, ביי וועמען עס רופט זיך נאָך אָב פון צייט צו צייט די אנטיסעמיטישע מוטער־מילך.

אָבער ניט וועגען דעם ווילען מיר היינטיגעס מאָל רעדען. די אַלע פאַקטען וואָלטען נאָך אפשר געקאָנט אויסגעטייטשט ווערן ווי שיריים, איבערבלייבניסען פון א היסטאָרישער פּעריאָדע, וואָס האַלט אין פערשווינדען. יוען אפילו יעדער מוז צוגעבען, אז אזעלכע „שיריים“ ווערען ניט ווייניגער וואָס א יאָהר, נאָר וואַק־

כּען זיך פֿאַנאַנדער וואָס אַ יאָהר אַלץ מעהר. עס איז דאָ אַן אַנ־דער פֿאַקט, אַ נ י י ע ר, וואָס רופֿט אַרויס אין אונז נאָך טרויעריגערע געדאַנקען איידער דער אַלטער אַנטי־סעמיטיזם.

כמעט אין אַלע לענדער פֿון דער אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישער ציוויליזאַציע האָט זיך, נעבען דעם „געמיינעם" אַנטיסעמיטיזם פֿון דער אַלטער צייט, אַרויסגעבילדעט אַן איידעלערער סאָרט פֿון דעם זעלביגען מין: דער אַזוי אָנגערופֿענער אַ־ס ע מ י ט י ז ם.

וואָס איז די נפֿקא־מיניה צווישען איהם און דער אַלטער רשעות? דער אונטערשייד צווישען זיי איז טעאָרעטיש אַ תהום, אָבער אין דער פּראַקטיקע זענען זיי אַ צווילינג, אויפֿגעזאָהרט פֿון איין און דעמזעלביגען גיפֿטיגען מקור.

דער אַלטער אַנטי־סעמיטיזם איז געווען פּעראַינטערע־סירט, — און ער איז נאָך אין דעם עד היום, — צו פֿערשווארצען אונז אין די אויגען פֿון דער וועלט. קיין בלבול, קיין נאַרישע באָבע־מעשה איז פֿאַר איהם ניט געווען צו שלעכט, ער זאָל זיך בע־נוצען מיט דעם אין דעם קאַמף אַנטקעגען אונז. דער גאָר ווילדער מין פֿון יענעם אַנטי־סעמיטיזם האָט זיך איצטער אַזוי רייך פֿאַ־נאַנדערגעוואַקסען ביי די העלדען פֿון דער „שווארצער מאה" אין רוסלאַנד, וואָס שטעלען זיך ניט אָב פֿאַר דער שווידערהאַפֿטער דערקלערונג, אַז ד אָ ס א י ד י ש ע פֿ אָ ל ק ג ע ה ע ר ט נ י ט צ ו ד ע ם מ ע נ ש ל י כ ע ן מ י ן. הערט מען זיך איין אין זייער שילדערען דעם אידישען מהות, — און די פֿינסטערע מאַסען פֿון דעם רוסישען פֿאָלק הערען זיך ג ו ט איין אין דעם — מוז מען קומען צו דער מסקנא, אַז דער איד איז אַ מין בריה, וואָס איז צונויפֿגעוועבט פֿון מענש און שד און איז מעהר שד, איידער מענש, „אידישע קינדער ווערען געבאָרען בלינד", האָט ניט לאַנג אַ רוסישער גלח דערקלעהרט אין קלויסטער פֿאַר זיינע צוהערער „כּדי זיי זאָלען ווערען זעהענדיג, מוז מען זייערע אויגען בעשמירען מיט קריסטליך בלוט". דער ציעל, וואוהין די „שוואַר־צע מאה" ציעלט איז קלאָר. אידען זענען ניט קיין מענשען, נאָר ווילדע האַלב מיסטישע ברואים, וואָס האָבען מיט כּשוף אָנגעצוי־גען אויף זיך אַ מענשליך געשטאַלט, כּדי צו קאָנען לעבען צווישען מענשען און צו קאָנען תמיד אָנטהאָן זיי שאָדען. און דעריבער איז

גאָר ניט קיין עבירה, ווען מען דערשלאָגט אַ אידען, אדרבה, עס איז אַ מצוה איהם קורע־כרע־זיין און שענדען זיין טויטען גוף.

דער עם־הארץ'ישער, נאאיווער אנטיסעמיט נעהמט אויף דעם דאָזיגען אַנטיסעמיטישען גלויבען בתמימות, אין דער פשוט'ער פשטות פון אַ פינסטערען אַבערגלויבען. דער געבילדעטער אנטיסע־מיט קאָן, פערשטעהט זיך, ניט צוגעבען, דער איד זאָל געהערען צו דעם זעלביגען קלאַס האלב־גשמיות'דיגע ברואים, ווי צ. ב. די לעג־ענדען אין די וועהר־וועלף פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע. ער האָט געשטודירט נאטור־וויסענשאַפטען און ווייס, אַז קיין וועהרוועלף זענען ניטאָ. אָבער אויף דעם גרונד פון דיזעלבינע נאטור־וויסענ־שאַפטען האָבען די ראַזאָנאַוום און די מענשיקאָווס פון דער „נאָ־וואָיע ווערעמיא", אויפגעמונטערט דורך די ארבייטען פון אַזעלכע טיעפע און טאַלאַנטפולע דענקער, ווי טשעמבערלען און דיוהרינג, אויפגעבויט אַן אַנטראָפאָלאָגישע טעאָריע, וואָס שליעסט „וויסענ־שאַפטליך" אויס דעם אידען פון דעם כלל־מענש. זיי האַלטען־אויף דעם פינסטערען פאָלקס־גלויבען אין דעם האלב־טייוועלישען כאַ־ראַקטער פון דעם אידישען מהות, ווייל ער איז אַ ס י מ ב אָ ל פון זייער אייגענער פאָרשטעלונג וועגען אונז, אָדער ריכטיגער, פון יענער פאָרשטעלונג, וועלכע זיי פלייסען זיך אריינצוברענגען אין די מוחות פון דער געבילדעטער געזעלשאַפט.

גאַנץ אַנדערש דער אַ־סעמיטיזם. טעאָרעטיש און אין די עפּענטליכע דערקלעהרונגען זייגע איז ער בשום אופן ניט קיין פיינד פון דעם אידישען פאָלק. דער מענשליכער כאַראַקטער פון דעם אידען ווערט קיין מאָל ניט אָבגעלייקענט און זיין רעכט אויף אַ מענשליכען לעבען קיין מאָל ניט אָבגעפרעגט. און ער איז אויך ווייט דערפון צו דערקלעהרען דעם אידען פאר אַ ניעדעריגערען מין מענש. עס זענען דאָ אַ־סעמיטען, ווי צ. ב. די ענגלישע, וועמעס געדאַנקען עס ווערען ארויסגעזאָגט פון דעם בעקאַנטען, באמת טאַ־לאַנטפולען שריפטשטעלער טשעסטערטאָן, וואָס האַלטען פון דעם אידענס מענשליכע מעלות דוקא אַן עולם ומלואה. „איהר זייט קלוגע מענשען, טאַלאַנטפולע מענשען, מיט אַ רייכען בעשאַפערישען זשעני", זאָגען זיי צו אונז. „אַליץ, וואָס איהר נעהמט איבער פון אַ

פרעמדען פאלק און פון א פרעמדער קולטור, בלייבט ביי אייך ניט ליעגען, ווי אין א לעדיגער כלי. איהר זייט א לעבעדיגער, ענער־גיע־פולער ארגאניזם מיט אייגענע אריגינעלע בעשאפונגס־מעטאדען און דעריבער ווערט אלץ, וואס דרינגט אריין אין אייער נשמה, איי־בערגעגאסען אין אייער אייגענעם בעשאפערישען פורעם, און עס גשהען ארויס פון דארטען קולטור־פראדוקטען, וואס בעצייכענען אונזער אויג דורך זייער אריגינאליטעט און פראכט"...

וואס פאר א ליעבע־פולע קאמפלימענטען! קלינגט דאס ניט ווי דער ריינסטער פילאסעמיטיזם?

ציעהט אויף א ווייליע! הערט זיך א ביסעל טיעפער אריין אין דער סימפאניע פון די נייע שירים ותשבחות, און אייער אויער וועט באלד ארויסהערען דעם ברום־באס, וואס אקאמפאנירט די מע־לאדיע מיט אן אייגענארטיגען מאטיוו.

"און דעריבער", ברומט דער באס, "זענט איהר, אידען, — אידען און ניט קיין ענגלענדער; אידען און ניט קיין דייטשען; אידען און ניט קיין פראנצויזען. און דעריבער, קאנען מיר ניט צו־לאזען, אז דער אידישער גייסט זאל ווערען דער אויבערהאר אויף דער ענגלישער, דייטשער אדער פראנצויזישער קולטור. און איהר דארפט קיין פעראיבעל ניט האבען, וואס מיר פראטעסטירען, ווען מיר זעהען, וואס פאר א געוואלטיגע ראלע די אידען האבען גענו־מען שפיעלען אין דער פאליטישער פיהרונג פון אונזערע לענדער, אין דער פרעסע, אין דעם טהעאטער, אין דער וויסענשאפט".

עס איז ניט דא דער ארט, פאנאנדערצופלויבען זיך, אויף ווי־פיעל די ארגומענטאציע פון דעם א־סעמיטיזם, שטימט צונויף מיט דעם אמת. איצטער איז פאר אונז וויכטיג ארויס צו ברענגען נאר צוויי זאכען:

ערשטענס, אז די רעזולטאטען פון דעם נייען א־סעמיטיזם זענען ניט א סך דערפרעהענדער פאר אונז, איידער די רעזולטאטען פון דעם פשוט'ען, "געמיינעם" אנטי־סעמיטיזם, און צווייטענס, אז דער נייער צוואוקס פון אנטי־סעמיטישער ענערגיע אין דער לעצטער צייט איז א דירעקטער פועל־יוצא פון דער אידישער אסי־מילאציע.

געוויס, דער א־סעמיט וועט קיין מאָל, — לכל הפחות, עפענטליך, — ניט געבען זיין האנד די רייך־בלוטיגע אנטי־סעמיטען. ער וועט אפשר נאָך אליין ארויסטרעטען מיט א הארבען פראָטעסט אנטקעגען די פיהרערס און מאכערס פון א בלוט־בלבול. ער וועט אפשר ניט צולאָזען, מען זאָל שמעלער מאכען די בירגערליכע רעכט פון די אידישע איינוואוינער און פערצאמען אויפ'ן געזעצליכען וועג די אָדער יענע פראָפעסיע פאר אידען. אָבער ער וועט געבען, ווי פראָפ. זאָמבארט, אן איידעלע אנצוהערעניש די אידען, אז זיי זאָלען זיך אליין ניט רוקען, וואוהין מען דארף ניט. און אין נאָך א גרעסערער מאָס וועט ער מסכים זיין צו א שטילען, איידעלען, געזעלשאפטליכען באָיקאָט אנטקעגען די אידען, אויף אלע פעלדער פון דעם פאָליטישען, געזעלשאפטליכען און קולטורעלען לעבען. און דער דאָזיגער באָיקאָט אָרגאניזירט זיך שטיל און פיין, אויף אן איידעלען שטייגער אומעטום אין דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט: אין פראנקרייך אזוי גוט ווי אין דייטשלאנד און האָלאנד; אין ענגלאנד אזוי גוט ווי אין אמעריקע.

אמת, דורך דעם שטילען באָיקאָט האָבען דערווייל די א־סעמיטען זעהר ווייניג איינגעטהאָן פאר זייער זאך. זיי האָבען אפשר אביסעל שווערער געמאכט דעם אידען דורכצושפּארען זיך מיט די איילענבויגענס צו דעם בעזעצטען טיש. אָבער פון די אלטע פּלעצער, פון די שוין איינגענומענע פּאָזיציעס האָבען זיי דעם אידען ניט ארויסגעשטופּט.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס איינעגע א־סעמיטען, איידעלע, געבילדעטע, אָבער מיט אביסעל א לעבעדיגערען טעמפעראמענט, פערליערען סוף־כל־סוף די געדולד. זייער גאנצע איידעלקייט און געבילדעטקייט פערפליעהט פּלוצים ווי רויך און זיי הויבען זיך אן צו זידלען ווי רוסישע שכורים. אזא מין פּאסאזש האָט ניט לאנג פאר אונזערע אויגען געטראָפען מיט די געיבעלטע ראדיקאלע פּוילען, ניעמאָיעווסקי און סוויענטאָכאָווסקי; זייער א־סעמיטישע ראליע האָבען זיי ניט געקאָנט אויסהאלטען ביז'ן סוף. אויף א שטילען, געזעלשאפטליכען באָיקאָט, ווי דאָס האָבען

אַזוי גלענצענד דורכגעפיהרט זייערע ברידער אין פּרייסיש־פּוילען, ווי דאָס הויבען אָן דורכצופיהרען זייערע ברידער אין גאַליציען, האָבען ביי זיי, כּמשמעות, כּוחות אויסגעפעהלט, — און דער שטילער באָיקאָט איז אַריבער אין אַ ליאַרעמדיגען, און דער פּוילישער אַנטי־סעמיטיזם האָט געמוזט אַנטפּלעקען זיין אמת'ן אַנטי־סעמיטישען פּרצוף.

און — ווער ווייס? אפשר וועט דעם אידישען אַנטיסעמיטיזם אויך אין די געבילדעטסטע לענדער דערעסען לסוף דער אידישער מוסר, וואָס ער הערט נוט אויף צו זאָגען דער געבילדעטער אידישער געזעלשאַפט, און וועט פון דעם שטילען פּאַסיווען באָיקאָט אַריבער צו דעם ליאַרעמדיגען, טעהטיגען, בעת איהם וועט קלאָר ווערען, אַז אויף אַן אַנדער אופן קאָן מען נים פאַרטיג ווערען מיט די אידען אין דער ליטעראַטור, דער קונסט, דעם טהעאַטער און די אַלע אַנדערע ליבעראַלע פּראָפעסיעס. על כּל פּנים, איין זאַך איז קלאָר: אין דער אַלטער צייט איז נאָר דער הענדלער־שטאַנד און די גלחים־וועלט געווען אָנגעזאַפּט מיט שנאה צו אונז. די געבילדעטע און ליבעראַלע מענשען זענען געווען אונזערע העלפער און בעשיצער. איצטער האָט זיך דאָס בילד שטאַרק פערענדערט: צו דעם שאַרפער געוואָרענעם אַנטיסעמיטיזם פון דער אַלטער וועלט איז צוגעקומען אַ נייעם, — דער אידען־האַס און דער אַנטיסעמיטיזם פון די געבילדעטע און ליבעראַלע, טיילווייז אויך פון די ראַדיקאַלען און די סאָציאַליסטען.

און אויך דאָס איז קלאָר: דער אַנטיסעמיטישער און אַנטי־סעמיטישער קאַמף פון דער ניט־אידישער אינטעליגענץ אַנטקעגען דער אידישער אינטעליגענץ פון די ליבעראַלע פּראָפעסיעס האָט ניט געקאָנט געבוירען ווערן, איידער דער אַסימילאַציאָנס־פּראָצעס האָט זיך אַריין געריסען אין אונזער לעבען, און האָט געמוזט אַרויס־וואַקסען נאָר אַ דאַנק דעם דאָזיגען פּראָצעס.

כּל זמן דאָס אידישע פאָלק האָט געלעבט זיין אייגענעם קולטורעלען לעבען, האָבען זיינע קינדער ניט געקאָנט קאָנקורירען אין דער פרעמד און דעריבער האָבען גראָד די געבילדעטע קלאַסען, די פערטרעטער פון די אַזוי גערופענע „ליבעראַלע" פּראָפעסיעס,

געקאָנט זיין ליבעראַל צו אונז און פערטיידיגען אונז פון די בייזע אָנפאַלען פון דעם אַנטיסעמיטישען המון און פון די רעאַקציאָנערע עלעמענטען. איצטער אָבער האָט אויך דאָס רוב פון די געביל־דעטע גענומען שפּיהרען אויף דער אייגענער הויט די מאַכט פון דער אידישער קאָנקורענץ און אונטער דער השפּעה פון דעם האַר־טען עקאָנאָמישען קאַמף איז זיי פּלוצלונג קלאָר געוואָרען דער געהאַנק, אַז די קולטור־גיטער, וואָס ווערען בעשאַפען פון דער אי־דישער אינטעליגענץ פאַר זייער פאָלק, טראָגען אויף זיך אַ צו קלאָרען שטעמפּעל פון דעם אידישען זשעני און אַז, בעת זיי קעמ־פען אַנטקעגען דער „אידישער אויבערמאַכט" אין דעם גייסטיגען לעבען, פערטיידיגען זיי ניט נאָר זייער אייגענע פערזענלעכע עקאָ־נאָמישע אינטערעסען, נאָר אויך די גאַנצקייט פון זייער פאָלקס־גייסט, די ריינקייט פון זייער פאָלקס־שאַפען.

עס איז אַ קנאַפּע טרייסט, וואָס דער געבילדעטער אַ־סעמעטיזם איז אַ סך איידעלער און ציוויליזירטער אין די פאָרמען פון זיין אַרויסטרעטען אַנטקעגען אונז, איידער די אַלטע רשעות. וואָלט ער געקומען אָנשטאָט דעם פריהערדיגען אידען־האַס, וואָל־טען יעמאָלט אונזערע אַסימילאַטאָרען אדרבה געקאָנט מיט די פינ־גער טייטען אויף די מאַכט פון דעם פּראָגרעס און מיט פרייליגער התפּעלות אַרויסשרייען: „זעהט, דער אַנטי־סעמיטיזם האָט שוין פערלאָרען זיין ווילדען כאַראַקטער; זיינע פאַרבען זיינען אָבגע־בלאַסט, דער גיפט איז וואַסערדיג געוואָרען. באַלד — באַלד און ער וועט אין גאַנצען פערשווינדען". אמת, צו פריידיגער התפּעלות וואָלטען זיי אויך יעמאָלט קיין רעכט ניט געהאַט, ווייל די נייע אַנטי־פּאַטיע צו אידען האָט זיך בעוויזען אין אַזוינע קרייזען, וואָס זענען אין די פּליטער־וואָכען פון דעם ליבעראַליזם געוועזען אין גאַנצען פריי פון אַ וועלכער עס איז שנאה צו אונז. און די גאַנצע שמחה, — אויב זי וואָלט געקאָנט האָבען אַ ברעקעל רעכט אויף עקזיסטענץ,—מוז אין גאַנצען פערוואַנדעלט ווערן אין טרויער, ווען מען דערמאָהנט זיך, אַז דער אַ־סעמיטיזם איז געקומען ניט אָנ־שטאָט דעם אַנטיסעמיטיזם, נאָר ווי אַ נייער צוגאָב צו איהם, — אַ צוגאָב, וואָס שוואַכט בשום אופן ניט אַב זיין מאַכט, נאָר אדרבה

פערשטאַרקט זי צו אַ גרויסער מאָס, אַ דאַנק דער אויטאָריטעט פון די געבילדעטע קלאַסן, וואָס גיבן אין לעצטער ליניע אַרויס אַ הסכמה אויף זיין פּראַקטישען פּראָגראַם, ווייל דער אַ־סעמיטיזם שיידט זיך אָב פון דעם המון־אַנטיסעמיטיזם נאָר אין דער „דזשענטעלמענישקייט" פון דעם וועג, ניט אין דעם ענד־ציעל, וואָס איז ביי ביידע ריכטונגען דערזעלביגער: „דער איד זאָל זיך געהן געזעגענען פון ווּאַנען ער איז געקומען"...

און ווי געזאָגט: איבערנעהמען די אחריות, אַז דער אַ־סעמיטיזם וועט אייביג בלייבען אין די גרעניצען פון איידעלקייט און פיינע מאַניערען קאָן אויך קיינער ניט. און דעריבער קאָנען מיר איהם בשום אופן ניט בעטראַכטען ווי אַ שמירה אַנטקעגען דעם אַנטיסעמיטישען באַציל. פונקט פערקעהרט! דער אַ־סעמיטיזם איז אַ פּלאַנץ־ערד, אויף וועלכען יענער פיבער־באַציל קאָן זיך שנעל פאַנאַנדערפּרוכפּערען גאָר אומגעריכטערהייד, עיין פּוילען!

אויף אַזאַ'ן אופן קאָן נאָר אַ בלינדער ניט איינזעהען, אַז די אַסימילאַציע האָט דעם אַנטי־סעמיטיזם ניט נאָר ניט אָבגעשוואַכט, נאָר אדרבה, אין אַ געפערליך גרויסען מאָס פערשטאַרקט.

וואו איז דאָ געלעגען דער פעהלער פון דעם אַסימילאַציאָנס־אידעאַל?

זיין גרויסער טעות איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט קיין ברעקעל אהנונג ניט געהאַט פון יענע געזעצען, וועלכע הערשען אין אַ צווישען־פעלקערליכען לעבען. אויפגעוואַקסען אויף דעם קאָסמאָפּאָליטישען געדאַנק, אַז אַלע פעלקער וועלען זיך ווען עס איז צונויפגיסען אין איין־איינציגער, דורכאויס גלייכער מענשהייט און אַז אין יענער צייט וועט קיינער ניט שפּיהרען דעם אונטערשייד פון פאָלק צו פאָלק, ווייל פון אַלע אַזעלכע אונטערשיידען וועט קיין זכר ניט בלייבען,—אַ געדאַנק, וואָס איז, אגב, דורך־און־דורך פאַלש, — האָט זיך דעם אַסימילאַטאָר געדוכט, אַז שוין איצטער איז אַריינגעטרעטען אין לעבען זיין גילדערנע משיח־צייט. אָבער עס איז נאָך אַ גרויסע שאלה, צי וועט ווען עס איז קאָנען מקוים ווערן דער קאָסמאָפּאָליטישער אידעאַל.

עס זענען דאָ אַ סך טעמים, וואָס מאַכען אונז גלויבען, אַז

אזא „אידעאַלער" צושטאַנד, ווען אַלע פעלקער וועלען פערליערען זייער נאַציאָנאַלע אָריגינאַליטעט און אויסגעמישט ווערן אין איין צימעס־טאָפּ, וואָלט נאָר ניט געווען קיין איבעריג גרויסער גליק פאַר דער מענשהייט. און עס זענען דאָ נאָך מעהר טעמים, וואָס צווינגען אונז אָנצונעהמען, אַז מיט דער ענטוויקלונג פון דער דעמאָקראַטישער פרייהייט אין דעם לעבען פון די פעלקער און מיט דער דורכפיהרונג פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט אין דעם לעבען פון דער מענשהייט אַזוי, אַז קיין איין איינציגער טייל איהרער וועט ניט האָבען קיין איין ברעקעל איבערוואָג איבער אַן אַנדער טייל, וועט גאָר קיין פאָלק ניט קאָנען אַרויף געהן אויפ'ן זין אַרויסצושפּרינגען פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער הויט און אַריין צו שפּרינגען אין אַ פרעמדער הויט. יעדעם פאָלק וועט זיך קאָנען פיהלען גוט און פריי אין זיין אייגענער נאַציאָנאַלער אַטמאָספערע און ממילא וועט יעדעם פאָלק קאָנען וואַקסען, ווי אַ בוים אין דער הויך, קיינעם ניט שטערענד אין דער ענטוויקלונג און פון קיינעם ניט געשטערט. אויף אַזאַ'ן אופן וועט די פערוואַנדלונג פון די פעלקער אין אַ מחנה יונים, וואָס האָבען אַלע איין פּנים, ווערען אַ קולטורעלע אוממעגליכקייט און וואָס ווייטער די פעלקער וועלען פּראָגרעסירען אין זייערע קולטורען, אַלץ ווייטער וועט די מענשהייט ווערן פון דעם קאָסמאָפּאָליטישען ענד־ציעל.

אָבער בנוגע דער אידישער פראַגע און דעם אַנטיסעמיטיזם דאַרף מען גאָר ניט בליקען אַזוי ווייט אין דער צוקונפט אַריין. אין וואָס די צוקונפט פון די פעלקער זאָל ניט בעשטעהן, איין זאַך איז זיכער, אַז ביז עס וועט קומען די נחמה, קאָן אַרויס די נשמה. דערווייל איז די מענשהייט גאַנץ געוויס צושפּאַלטען אין אייגענע פעלקער, וואָס מוזען, ווען זיי שטויסען זיך צונויף אויף איין ענגען פּלאַץ, פיהרען אַ ביטערען קאַמף פאַר דאָס ביסעלע לופט און זונען־שיין, וואָס מען קאָן נאָך האָבען אין דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. און ווי אַלע מאָל אין דעם האַרטען עקאָנאָמישען קאַמף איז „כל דאלים גבר", — ווער עס איז שטאַרקער, יענער איז דער מיוחס, און ווי אַלע מאָל און אומעטום אין אַזעלכע פעלען מוז די מאַיאָריטעט סוף־כל־סוף גובר זיין די מינאָר־

ריטעט. און כל זמן זי איז ניט מנצח דעם מעוט, מוז זי פיהרען פאַסטעגען איהם אַ קאַמף און פערביטערן איהם די יאָהרען.

אַזוי לאַנג ווי די אידישע מינאָריטעט האָט געפיהרט איהר עקאָנאָמישען קאָנקורענץ־קאַמף נאָר אויף דעם פעלד פון האַנדעל און מלאכות, האָט זי געהאַט אַנטקעגען זיך נאָר דעם אַלטען סוחריש־קליין־בירגערליכען אַנטי־סעמיטיזם, וואָס האָט מיט בלוטיגע אותיות פערשריעבען אויף אונזער רוקען די געשיכטע פון אונזערע רדיפות אין דעם מיטעלאַלטער און די נייערע צייטען. דערפאַר זענען די אינטעליגענטע פראָפעסיעס געוועזען מעהר אָדער וועניגער פריי פון נאַציאָנאַלען האַס צו אונז, ווייל מיר אַליין האָבען זיך ניט געשטופט אַהין, ווייל מיר האָבען קיין ברעקעל מגע ומשא ניט געוואָלט האָבען מיט זייער קולטור.

די אַסימילאַציע האָט דאָ אין גאַנצען איבערגעביטען די לאַגע. אַ דאַנק איהר, האָבען מיר זיך געקאָנט אריין רייסען אין אַלע פאָזיציעס, וואָס דער געבילדעטער אייראָפּעער האָט אויסגעבויט, — אריין רייסען זיך מיט יענעם אימפעט און ליאַרעם, וואָס איז שוין די טבע פון אונזער אידישער ענערגיע, — אריין רייסען זיך און פערנעהמען אַלע בעסטע ערטער און אַרויס־שטופען דעם שוועבערען און נאָך פערשרייען זיינע טענות מיט דעם גרויסען שקר, אַז מיר זענען גאָר קיין אידען ניט, אַז מיר זענען אַקוראַט אַזעלכע גוטע פראַנצויזען, רוסען, דייטשען, ווי ער אַליין.

איך וויל, איהר זאָלט זיך אַ ביסעלע אָבשטעלען אויף דעם פונקט. די אידישע אינטעליגענץ וואָלט געקאָנט אַרויס מיט דער אָפענער פאָדערונג, מען זאָל „מאַכען אַ וואַרע" פאַר איהר און אָבדרוימען אַ פלאַץ צוליעב איהר פשוט מחמת דעם טעם, וואָס מיר אַלע זענען מענשען, וואָס עס איז ניטאָ, לחלוטין ניטאָ קיין נפקא מיניה צווישען איך און פראַנצויז און ווייל יעדער מענש האָט אומעטום אַ רעכט צו נעהמען פון דעם לעבען דאָס וואָס ער קאָן, אַלע איינס וואו ער וואוינט: אין פאַריז אָדער האָצעפּלאָץ. שטילערהייד, ביי זיך אין האַרצן האָט די אידישע אינטעליגענץ טאַקי געגלויבט אין דער דאָזיקער אַבסטראַקט־מענשליכער, קאָסמאָפּאָליטישער פאָדערונג. אָבער זי האָט צו גוט געפיהלט, אַז מיט זינגען שירה לכבוד

דעם סתם־מענשלעך אין זיינע רעכט אויף דער וועלט וועט מען ניט אַ סך אויספיהרען ביי אַ פאָלק, וואָס האָט נאָך ניט פערלאָרען און האָט ניט געקאָנט פערליערען דעם נאַטירליכען נאַציאָנאַלען עגאָאיזם און וואָס האָט אויף די אַלע קאָסמאָפּאָליטישע שעהנע פראַזען געמוזט ענטפערן מיט ברייטקייט און העזה: „יע: „מענש"! אָבער — קודם איך, דער פראַנצויז און ערשט דערנאָך דו, דער ניט־פראַנצויז און — וואַרט, זיי מוחל, אויף דעם „דערנאָך"!

דעריבער האָט די אידישע אינטעליגענץ אַזוי גיך פערביטען די קאָסמאָפּאָליטישע אידעאַלען אויף די אַסימילאַטאָרישע, ד. ה. אויף פרעמד־נאַציאָנאַלע, זי האָט זיך געפּלייסט אין דער אַסימילאַציע נאָך אַריבער־צו־פראַנצויזען דעם פראַנצויז און איז אַריין געפאַלען אויך מיט איהר שטים אין דעם אַלגעמיינעם כאָר:

„געוואַלד! קודם — מיר, די פראַנצויזען! און פון די פראַנצויזען קודם יענע, וואָס קאָנען גלענצען מיט זייערע פראַנצויזישע מעלות און — — — אַט האָט איהר אונז אויבען־אָן"!

אַט דער אינעווייניקסטער שקר, וואָס איז אַזוי בולט אַרויסגעטרעטען אין דעם דרייפוס־פּראָצעס, וואו אַ איד האָט זיך אַליין און די גאַנצע וועלט געוואָלט איינגשמועסן, אַז ער איז ניט קיין איד, נאָר אַ פראַנצויז,—האָט דער דרייפוס־שקר, וואָס שטעקט אין יעדער אַסימילאַציע, איז געווען די אמת'ע אורזאַך פון דעם דרייפוס־פּראָצעס, וואָס איז אַ סימבאָל פאַר אַלע יענע ביטערע גיפטיגע פירות, וועלכע מוזען אַרויסוואַקסען פון דעם אַסימילאַטאָרישען געוועקס.

לאָמיר זיך ניט לאָזען אָבנאַרען מיט דעם, וואָס אין דעם דרייפוס־פּראָצעס, ווי אין דעם ביילים־פּראָצעס, איז כמעט די גאַנצע געבילדעטע געזעלשאַפט געשטאַנען אויף אונזער זייט און וואָס אין ביידע פּראָצעסען איז דער טריומף סוף־כל־סוף געווען אויף אונזער זייט.

ערשטענס ווערט דאָ אונזער שמחה אין ביידע פּרטים אָבגעשוואַכט מיט דעם ווערטעלע „כמעט": כמעט די גאַנצע געבילדעטע געזעלשאַפט, אַ חוץ די ראַשפּאָרס, די פראַנסואַ־

קאפּעס, סיקאָרסקי'ס. עס וועט דאָך גענוג טרויעריג, ווען מען גיט א טראכט, ווי שטארק דער אנטי־סעמיטיזם איז איינגעוואָרצעלט אין דער מאָדערנער געזעלשאפט, אז אפילו אמת געבילדעטע, געלערנטע און אויך ראדיקאל דענקענדע מענשען (ראספּאר!) קאָנען ווערן א קרבן פון א בליגדען האס צו אונז, וואס מאכט זיי גלויבען וועגען אונז די אונגלויבליכסטע פערברעכענס. זיי זענען לפי ערך ניט פיעל, די דאָזיגע געבילדעטע עהרליכע אנטי־סעמיטישע פאנאטיקער, ביי וועמען די רשעות האט אויפגעפרעסען דעם לעצטען בראָק קלאָרען שכל. אָבער ווי ווייניג זיי זאָלען ניט זיין, ווייזען זיי אן, ביז צו א וועלכער מדרגה עס קאָן אנוואקסען דער פּראָטעסט אנטקעגען אונז ביי א טייל פון דער געבילדעטער געזעלשאפט אין דעם סוף נייעצעהנטען און אנהויב צוואנציגסטען יאָהרהונדערט.

און אויך דער טריאומף, וואס איז אויסגעפאלען אויף אונזער חלק אין די צוויי וועלט־בעריהמטע יודא־פאבישע פּראָצעסען, איז געווען לײדער כמעט א טריומף. דאס געבילדעטסטע פראנקרייך האט אקוראט אזוי ווייניג געהאט דעם מוטה אפיציעל צו דערקלעהרען אונשולדיג דעם אונשולדיגען אידען, ווי ווייניג דאס ווילדע רוסלאנד האט געהאט דעם חשק אראבצושווענקען יעדען שפּרענקעלע חשד אין עלילת־דם פון דעם גאנצען אידישען פאָלק.

והשנית, ווערט אונזער פרייד, וואס די גאנצע געבילדעטע געזעלשאפט שטעלט זיך פאר אונז איין, אין גאנצען פערטונקעלט, ווען מיר דערמאָהנען זיך, אז די געבילדעטע געזעלשאפט ווערט אויפגערודערט גאר יעמאָלט, ווען עס ווערן אנגעגריפען בנוגע צו אונז די עלעמענטארסטע יסודות פון דעם עפענטליכען דין ומשפט, ווען די בעשולדיגונגען אנטקעגען אונז שטייגען אריבער די לעצטע מאסען פון אומגלויבליכקייט און אכזריות און ווען די אנגרייפער געהערען צו דער רעאקציאָנערער מאכט, מיט וועלכער די ליבעראלע און ראדיקאלע געזעלשאפט האלט אין גוטען מוט פאר א מצוה אבצורעכענען זיך אין דער עפענטליכקייט. די טויזנטער קליינע נגישות, וואס ווערען, אין די גרעניצען פון דעם הערשענדען געזעץ, בעגאנגען אנטקעגען אונז אין דעם טאג־טעגליכען לעבען,

אפילו פון דער געבילדעטסטער געזעלשאפט, רודערן ניט אויף קיינעם'ס בעליידיגטען יושר. זיי ווערען אויפגענומען ווי די נאטירליכסטע ערשיינונגען פון דעם עקאנאמישען קאנקורענץ־קאמף, און ניט איין טוט, — וואס זאג איך „א טוט"... ניט איין „שאק געבילדעטע ליבעראלען רייבט זיך שטילערהייד די הענד, ווען א אידישער גדול ווערט ערגעץ־וואו אראבגעשליידערט פון א פיעדעסטאל אדער ניט צוגעלאזען צו א פיעדעסטאל, וועלכען ער האט פערדיענט, און קריצט עפענטליך מיט די צייהן, ווען עס גיט זיך איין א אידישען גדול דורכצושטופען זיך דורך דער מחנה פיינדליכע קאנקורענטען צו א שטיקעל בכבוד'ען פלאץ. און וואס מעהר אידען עס שטופען זיך, — א דאנק דער אסימילאציע, — דורך יענער מחנה, אלץ מעהר ר ײ ב ו נ ג ע ן מוזען פארקומען צווישען דער אידישער מינאריטעט און דער ניט־אידישער מאיאריטעט, אלץ מעהר פונקען פון אנטי־סעמיטיזם אדער א־סעמיטיזם מוזען אנגעזאמעלט ווערען אין דער ניט אידישער געזעלשאפט, וואס ווארטען נאר אויף א גינסטיגער געלעגענהייט כדי ארויסצורייסען זיך אין א העלדישען אנטי־סעמיטישען פלאם. און עס איז פסיכאלאגיש גאנץ פערשטענדליך, ווען די רציחה צו אונז שטייגט אין דעם זעלבינען גראד, אין וועלכען עס שטייגט דער ש ק ר, וואס העלפט דעם אסימילאטאר צום זיעג, דער שקר, מיט וועלכען ער וויל איינשמועסען די גאנצע וועלט, אז ער איז גאר ניט קיין איד, נאר א פראנצויז, א רוס, א פויל.

אין דערינען איז געלעגען דער הויפט־טעות פון דעם אסימיליאציאנס־אידעאל: ער האט פערגעסען, אז די איצטיגע מענשהייט איז איינגעטיילט אין פעלקער; אז עס איז ניטא קיין מענשהייט, וואס זאל ליעגען ערגעץ־וואו דרויסען פון זיי; אז וויבאלד איך שפרינג ארויס פון מיין אייגענער נאציאנאלער הויט, מוז איך אהיין שפרינגען אין א נאציאנאלער הויט פון אן אנדער פאלק און אז יענעמ'ס הויט קאן ווערען צו ענג פאר אונז ביידען און אז ער געהט דעריבער פון הויט ארויס...

דער גלענצענדער צוזאג פון דעם אסימיליאציאנס־אידעאל אבצושאפען דעם אנטי־סעמיטיזם, האט דעריבער גענומען באנקראָ־

מירען. מיט יעדען טאג פון דעם פערשארפטען גלות־חושך צאהלען מיר איצטער פאר זיינע חובות און מיט יעדען טאג פון אונזער חושך'ען גלות־לעבען קריעכען מיר אריין אין אלץ וויטערע שול־דען, וויל די אסימילאציע האלט דערווילע נאך אין האקסען און אבשטעלען זי אין גאנצען איז א זאך, וואס איז אפשר לחלוטין אין גלות אונמעגליך.

ניט פיעל גליקליכער איז די אסימילאציע געווען מיט איה־רע אנדערע צוויי צוזאגען: אויפהויבען דעם קולטור־מעמד פון די אידישע מאסען און אויסגלייכען די מענשליכע געשטאלט פון דעם אידען, וואס איז באמת אין א כך פונקטען פערהויקערט געווארען „אין דעם קויט און מיסט פון לעבען".

מיר קאנען זיך דא, לײדער, ניט אבשטעלען באריכות אויף די צוויי זעהר וויכטיגע פונקטען פון אונזער אינווענינסטער ווידער־געבורט. זיי מוזען ביידע ארום גערעדט ווערען ברייטליך אין א בעזונדער ארבעט און דערביי מוז מען קלאר פאנאנדערקלויבען זיך אין דעם עניו, וואס אזוינס מיר האבען צו פערשטעהן אונטער דעם נאמען „פראגרעסיווע קולטור" און אין וואס אזוינס בע־שטעהט די פערמענשליכונג פון דעם מענשען. מיר מוזען זיך דא דעריבער בענוגענען ניט מעהר ווי מיט א פאר בעמערקונגען.

ווען איך רעד וועגען אויפהויבען די קולטור פון די אידישע מאסען, מיין איך אװעקשטעלען זיי אויף יענער הויך פון מ א־ ד ע ר נ ע ר ב י ל ד ו נ ג א ו ן מ א ד ע ר נ ע ם מ ע נ ש ל י כ ע ן פ ר א ג ר ע ס, וואס איז איצטער דער־גרייכט געווארען פון דעם פרייען פארשענדען מענשליכען גייסט אויף אלע פעלדער פון דעם מענשליכען וויסען און שאפען. געוויס איז אין דער איצטיגער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט אין גאנצען אויסגעשלאסען, די ארבייטענדע און פערטהאנענע שיכטען פון דעם פאלק זאלען האבען צייט און חשק צו קלעטערען צו יענער הויך. עס איז דעריבער אויך פאר מיר, ווי פאר יעדען איינעם, וואס האט ארייגעבליקט אין די געזעצען פון דעם איצטיגען לעבען, שוין לאנג געווארען קלאר, אז דאס גרויסע פראבלעם פון צופיהרען די מאסען צו דער אלמענשליכער פראגרעסיווער קולטור קאן אין גאנ־

צען פערענטפערט ווערן נאר יעמאלט, ווען אנשטאט דעם קאפיטא־ ליזם וועט אנהויבען הערשען אין דעם לעבען דער סאציאליזם.

אבער שוין איצטער, אין די גרעניצען פון דעם קאפיטאליס־ טישען סיסטעם, קאן אין די מאסען דערוועקט ווערען א חשק צו בילדונג און אויפקלעהרונג. אויך זיי קאנען אויפגעוועקט ווערען פון דעם אפאטישען שלאף און דערגרייכען אלע העכערע מדרגות פון קולטור און פראגרעס, יעדער לויט דער עקאנאמישער לאגע, אין וועלכער ער געפינט זיך, און לויט די פעהיגקייטען און טא־ לאנטען, מיט וועלכע ער איז פון נאטור אויס געבענשט. און ניט נאר קאן אין זיי דערוועקט ווערען דער חשק, ער מוז אין זיי דערוועקט ווערן, ווי נאר זיי הויבען אן מיט אפענע אויגען צו בליקען אויף זייער לאגע און צו קעמפען פאר א בעסערע צו־ קונפט: די בילדונג איז איינער פון די שארפסטע און זיכערסטע כלי־זין, מיט וועלכע א מאדערן פאלק פיהרט זיין טאג־טעגליכען קאמף פאר א בעסערן לעבען.

עס קאן אבער ביי א פאלק ניט געמאלט זיין קיין קולטורעלע ענטוויקלונג אהן קולטור־שאפערס און קולטור־טרעגערס. ווי גרויס עס זאל ניט זיין די השפעה פון דעם פאלק אויף יענע געבענשטע זיהן זיינע, וואס בעשאפען פאר איהם קולטור אדער טראגען זי פאנאנדער אין די פערבארגענסטע ווינקעלעך, — אהן זיי, אהן די דאזיגע זיהן ריהרט זיך די קולטור ניט פון ארט. זיי וואקסען אויס פון פאלק, זאפען זיך אן מיט מאדערנער בילדונג, מיט די אדער יענע אלגעמיין־מענשליכע אדער רייך־נאציאנאלע אידעאלען און קעהרען זיך אום צום פאלק, לאזען אין איהם אריין גאנצע שטראמען פון נייע בעגריפען און אידעען, רודערן אויף זיין קרי־ טישען נערוואנס און לאזען איהם ניט פערגליווערט ווערן אין די פארמען פון דעם אלטען קולטורעלען לעבען.

איצטער לאזט מיך אייך פרעגען: ווי רעכענט איהר, וואס מוז זיין דער קולטור־מצב פון'א פאלק, ביי וועמען יעדע קולטור־ בעשאפענדע אדער קולטורטרעגערישע קראפט, ווערט, ווי נאר זי בעוויזט זיך אין לעבען, אוועקגעריסען פון'ם פאלק? איך רעכען: דער ענטפער דארף זיין ניט שווער. אזא פאלק קאן ניט מאכען

קיין איין שריט פאָרויס אויף דעם וועג פון דעם פּראָגרעס. דאס פּאָלק מארשירט ניט אויף דעם וועג פון דעם פּראָגרעס, ווי די מתנה סאָלדאטען: פוס אין פוס און אלע אין איין טעמפּא. דער ערשטער שריט פון א פּאָלק אין דער קולטור בעשטעהט גראָד אין דעם, וואס ער ברענגט ארויס פון זיך די מוטהיגערע, די קליגערע, די ערשטע אָנהויבער, וואס ווירקען שוין נאָכדעם אויף די צוריקגעבליעבענע. קוים בעשאַפט איהר אָבער אזא לאגע, אז די מוטהיגערע אָנהויבער מוזען פערלאָזען דאס פּאָלק און אוועק אין דער פרעמד, אזוי מוז די היים בלייבען אָרעם אין שאַפענדע און קולטור־טראָגענדע קרעפטען און די קולטור זיינע מוז אָנהויבען פערגליווערט ווערן.

א קולטור אָבער, וואס געהט ניט פאָראויס, קאן ניט בלייבען שטעהן אויף אן אָרט: זי געהט צוריק. זי איז ווי א שטעהענד וואסער, וואס מוז פריהער אָדער שפּעטער פערזומפּט ווערן און פערוואקסען ווערן מיט ווילדען גראָז.

אין אזא לאגע געפינט זיך די קולטור פון די אידישע מאסען, א דאנק דער אסימילאציע. בעת די אסימילאציע איז נאָך געווען דער איינציגער בעל־הבית אויף די אידעאלען פון דער אינטעליגענץ און דארטען וואו זי פיהרט נאָך עד היום איהר אויבערהערשאפט ביד רמה, איז די קולטור פערוואנדעלט געוואָרען אין אזא פערוואקסענעם שטעהענדיגען זומפּ, ווייל ווי נאָר עס פלעגט אויפגעוועקט ווערען אין פּאָלק א וואסער עס איז טאלאנט, א וואסער עס איז שאַפענדע קראפט, אזוי פלעגט זי מוזען פערלאָזען דאס פּאָלק און אריין גיעסען איהר גאנצע ענערגיע אין דעם קולטור־באסיין פון דער הערשענדער פרעמד.

בנוגע צו דעם קולטור־מעמד פון דעם פּאָלק אונטער דער השפעה פון דעם אסימילאציאָנס־אידעאל דארף מען פאנאנדערשיידען צוויי אָרטען פון לענדער.

ערשטענס בענעגענען מיר דאָ אזעלכע מדינות, ווי די מעריב־אייראָפּעאישע, וואו דער אסימילאציאָנס־פּראָצעס האָט זיך שוין געענדיגט פאר דער גאנצער אידישער בעפעלקערונג, וואו סאי די געבילדעטע קלאסען, סאי די פּאָלקס־מאסען האָבען אָנגענומען

די פרעמדע שפּראַך און די דרויסענדיגע פאָרמען פון דעם לעבען. דער טיפּ פון אַזאַ לאַנד איז האָלאַנד, און דער כאַראַקטער פון דער אידישער קולטור איז דאָרטען אַזאַ: די מאַסע פון דעם פאָלק וואוילען דאָס רוב אין גרעסערע אָדער קלענערע גהעטאָס (אין האָלאַנד וואוינט כמעט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אין צוויי גהעטאָס: דעם אַמסטערדאַמער און דעם ראָטערדאַמער). זיי זענען דאָס רוב שטאַרק אידישליך פרום, דאָס וואָס מען רופט פ ל אַ קע ן - פ ר ו ם. דאָס הייסט, פון דעם ווירקליכען פ ע ר ש ט ע ה ן די אידישע רעליגיע קאָן דאָרטען גאָר קיין רייד ניט זיין. דער אידישער גלויבען איז ביי זיי פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ סכום פון מנהגים און דינים, אָפט מאָל גאַנץ משונה'דיגע, ווי צ. ב. די האָלענדישע איינטיילונג פון געפעס אין מילכיגע, פליישיגע, פאַרעווע און פ י ש י ג ע, אָדער די האָלענדישע „מצוה" צו גאָלען די באָרד ערב יום־כפור וכדומה. פון אַ וועלכען עס איז ג י י ס ט י ג ע ן לעבען אין די קהילות, לאָז זיין, אפילו אין אַ פרום־רעליגיעזען זין, קאָן מען דאָרטען קיין שפור ניט געפינען. און פון דער אייראָפּעאישער קולטור האָבען זיי אריבערגענומען נאָר די גאַנץ אויבערפלעכליכע גאַסען־ציוויליזאַציע.

אויך די רבנים און די כלי־קודש פון יענע לענדער שטעהען אין זייער בילדונג דאָס רוב ניט העכער איידער די מאַסען. מען איז דאָרטען שטאַרק מסופק, צי דער רב נעהמט זיך פאַר זיין משרה אויס דעם אינעווייניגסטען גלויבען און דער איבערגעגעבענקייט צו זייער יודענטום, ווי דאָס טרעפט נאָך זעהר אָפט ביי די פאַסטאָרען און גלחים פון די קריסטליכע סעקטען, וואָס געהען דינען אין זייער אמט „לשם שמים". דער אידישער סטודענט בעטראַכט די רבנות ווי אַ פּראָפעסיע, און מען דאַרף שוין זיין אַ גוטער לאַ־יוצלה אין אַלע אַנדערע ווּיסענשאַפטען און ליבעראַלע בעשעפטיגונגען, איינער זאָל אויסקלויבען פאַר זיין פאַך די אידישע טהעאָלאָגיע.

מיט דעם גייסטיגען לעבען און דעם קולטורעלען מעמד פון דער קהילה קאָן אַזאַ „ראַבינער" זיך נים אינטערעסירען, און אַלץ וואָס ער וואָלט געקאָנט געבען דער קהילה, איז אַ פאָר פאַס־

ריאטישע פראפעטן וועגן דער גרויס פון זייער געבענשטען לאנד און א פאר זיס־זויערע ליבע־צוזאגן אויף דער גרויסער וועלט־מיסיע פון דעם יודענטום, פון וועלכער ניט די קהילה, ניט דער רב הויבען ניט אן צו פערשטעהן „מאי דקא אבלי הבצין" און וועלכע, דעם אמת געזאגט, ליעגט זיי אלעמען אין דער לינקער נאגע (ווייל פון פיאות איז דאך דא אבגערעדט).

און עס איז דערביי קיין גרויסע נפקא מיניה ניט צווישען דעם ארטאדאקסישען יודענטום און דעם רעפארמירטען. איןביידע איז דער לעבעדיגער רעליגיעזער גייסט שוין פון לאנג אן פערשוואונדען: פון דעם רעפארמירטען יודענטום האט מען איהם לכתחילה ארויסגעטריעבען און פון דעם ארטאדאקסען האט ער זיך ביסלעכווייז אויסגעוועפט. געבליעבען איןביידען איז נאר דער טויטער גוף פון צערעמאניעס, דינים און אבערגלויבענס, פון וועלכע עס שלאגט אויף א מייל דער ריח פון צופוילטקייט.

און די אידישע אינטעליגענץ? וואו איז זי? וואו זענען די בעסערע אידישע מוחות, די שארפע קריטישע קעפ, די איידעלע אידישע הערצער, די העלדען פון דער אידישער אומרוה, וואס ווירקען אומעטום, ווי א פערמענט, וואס קאנען קיין מאל ניט פערטראגען קיין פערגליווערטקייט און פוילקייט?

זיי זענען דא, די אידישע שטורעם־גייסטער, אבער זוכט זיי ניט אין דעם גהעטא. לויט דער אינעווענייגסטער לאגיק פון דער אסימילאציע, טאהרען זיי זיך דארטען ניט געפינען, טאהרען זיי דארטען ניט לאזען אריין שטראהלען זייער אויפרודערנדען גייסט. די טהעאריע פון דער אסימילאציע האט זיי געלערנט, אז עס איז ניטא קיין אידיש פאלק, אז עס איז נאר דא א אידישע אמונה. און וויבאלד זיי האבען זיך שוין איגוועניג בעפרייט פון דעם יודענטום, טאהר מען גאר פון זיי ניט פערלאנגען, זיי זאלען זיך נאך ווייטער אינטערעסירען מיט דער קולטור־מדרגה און דעם גייסטיגען צושטאנד פון יענע האלענדער, פראנצויזען, דייטשען אדער איטאליענער, וואס זענען נאך געבליעבען שטעקען אין די הייהלען פון דעם אלטען גלויבען.

זיי, די אידישע טאלאנטען און זשעניען, האבען אנדערע

אויפגאבען פאר זיך, אײדער ארומפלאָנגען זיך מיט די פאר צעהענדליג טויזענט „אודליאקעס" פון די גהעטאָס. זיי זענען בערופען ווייטער אויסצובויען און צו פערבעסערן די קולטור פון „זייער" פאָלק, ד. ה. פון יענעם ניט־אידישען פאָלק, צו וועלכעז זיי זענען צוגעשטאנען; זיי האבען די מיסיע צו לערנען דעם פראנצויז און דעם האָלענדער, ווי אזוי מען דארף זיין אן עכטער פראנצויז און אן עכטער האָלענדער. שכר למוד בעקומען זיי געלד און מאכט און א קלינגענדען שם. און מאכט זיך גאר ניט זעלטען אן אנטי־סעמיטישער שפיי אין פנים אריין ווי א צונאָב, ווישט מען זיך אָב און מען טרייסט זיך מיט דעם אויסרייד, אז דאָס האָט ניט דער גוי געשפיען דעם אידען אין פנים, נאָר דער רעאקציאָנער דעם פּראָגרעסיסט און אז מיט דעם נצחון פון דער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג וועלען אלע רעאקציאָנערע שפייערס פערשווינדען.

בינו לבינו בלייבט די קולטור פון די אידישע מאסען אין דער היים, א דאנק דעם אנטלויפען פון דער אידישער אינטעליגענץ אין דעם צושטאנד פון א זומף, און א דאנק דעם אריינדרינגען פון דער אידישער אינטעליגענץ אין דעם לאגער פון דער ניט אידישער וועלט, ווי מיר האבען געזעהען, די שנאה צו אונז פאנאנדערגעברענט אלץ מעהר און מעהר.

א גאנץ אנדער פראָצעס בעמערקט זיך דאָרטען, וואו די אסימילאציאָנס־אידעאלען האבען נאָך ניט דורכגעדרונגען דאָס גאנצע לעבען פון דעם פאָלק, וואו די גרויסע אידישע מאסען האבען, ווי אין די סלאווישע לענדער און אין אמעריקע, נאָך ניט פערלאָרען ניט זייער שפראך, ניט זייער ארט לעבען. דאָרטען ווערט דער זומף־צושטאנד אלץ מעהר און מעהר פערשוואונדען. און עס הויבען אן אין דער לעצטער צייט צו שלאָגען לעבעדיגע קולטור־קוואלען, ארויסגערופען פון יענער גרויסער קולטורעלער ארבייט, וואָס די אידישע אינטעליגענץ האָט דורכגעפיהרט אין די לעצטע 25—30 יאָהר. א גרויסער טייל פון יענער ארבייט איז געטאָהן געוואָרען פון דער אידישער נאציאָנאל־געזאָנענער אינטעליגענץ וואָס האָט זיך אין יענער צייט גענומען בעווייזען. אבער

פאַר נאָך אַ גרעסערען טייל דאַרפען מיר דאַנקען — — טאַקע די פּראָגרעסיווע אַסימילאַטאָרען גופא. יע, דאָס מוזען מיר מודה זיין פול און גאַנץ: אַ גרויסער טייל פון די אַסימילאַטאָרען האָט אויפגעהויבען דעם קולטור־מעמד פון די מאַסען און פונדעסטוועגען איז דאָס ניט קיין בעוויז אַנטקעגען אונזער געדאַנק, אַז די אַסימיליאַציע ווירקט שעדליך אויף דעם מעמד פון דער פאָלקס־קולטור, נאָר אדרבה, אַ בעוויז פאַר דער ריכטיגקייט פון אונזערע רייד.

געוויס האָט דער ראַדיקאַלער אַסימיליאַטאָר, וואָס האָט אין דער אידישער שפּראַך געפּרעדיגט דעם אידישען פאָלק, אַז עס איז ניטאָ קיין אידיש פאָלק און קיין אידישע שפּראַך, אָבגעריסען אַ סך גייסטיגע קרעפטען פון דעם פאָלק און אַרייַנגעוואָרפען זיי אין דער פרעמד, וואו זיי האָבען, — מיט לפי ערך ווייניגע אויסנאַהמען,— דעם פרעמדען וועניג גענוצט און אונז געטהאָן אַ סך שאָד. אָבער די פּראָגרעסיווע פּראָפּאַגאַנדאַ גופא האָט, ניט קוקענדיג אויף איהר אַסימילאַטאָרישען אידעאַל, אָנגעהויבען אויפוועקען די האַלב פערשלאָפענע מוחות פון די מאַסען, וואָס האָבען געמוזט בלייבען אין דער היים, פאַנאַנדערברענען אין זיי די תשוקה צו אַ העכערען, פרייערען און שעהנערען קולטורעלען לעבען, וועלכע זיי האָבען אַנדערש ניט געקאָנט בעפרידיגען, סיידען אין אַן אייגענער אידישער פאָרם. עס איז בעשאַפען געוואָרען די אידישע ליטעראַטור, די אידישע זשורנאַליסטיק, דער אידישער טהעאַטער, וואָס ווי שפּל עס זאָל נאָך עד היום ניט זיין זייער מדרגה, שטעהען זיי שוין טורעם־הויך איבער יענער גייסטיגער אַטמאָספערע, אין וועלכער עס האָבען געלעבט די פאָלקס־מאַסען פון די עלטערע דורות. בעשאַפען האָבען זיי די אידישע אַסימיליאַטאָרען, אָבער ניט אַ דאַנק דער אַסימיליאַציע און ניט אַ דאַנק זייערע אַסימיליאַציאָנס־אידעאַלען, נאָר דוקא למרות דער אַסימיליאַציע און למרות דעם הייליג געהאַלטענעם אידעאַל.

די אידיש־לעבענדע, אידיש־רעדענדע און אידיש־שרייבענדע אַסימיליאַטאָרען האָבען אין דעם פּרט געשפּיעלט די ראָליע פון יענער קראַפט, וואָס „תמיד דאָס שלעכטע וויל און תמיד דאָס

גוטע שאַפט". מיט דעם שטראָם פון אַלגעמיין־מענשליכער בילדונג און אויפקלעהרונג, וואָס זיי האָבען אין אַ אידישער פאָרם אַריין געגאָסען אין די מוחות און די הערצער פון דעם פאָלק, האָבען זיי אויפגעוועקט דעם מענטשן אין דעם אידען און אין דערזעלביגער צייט דעם אידען אין דעם מענשען. ניט נאָר האָבען זיי ניט דערנעהענטערט די מאַסען צו דער פרעמדער שפּראַך און סמילאַ צו דעם פרעמדען לעבען, נאָר זיי האָבען בעשאַפען די שטאַרקסטע מחיצה, וואָס בעשטעהט (און זאָל בעשטעהן) צווישען פאָלק און פאָלק: אַן אייגענע (ווען אפילו אָרעמע) קולטור אין אַן אייגענער שפּראַך. ניט נאָר האָבען זיי ניט אויסגעגראָבען די אידישע וואָרצלען און אַריבער געפלאַנצט זיי אין אַ פרעמד פעלד, נאָר זיי האָבען אויסגעגראָבען קאַנאַלען, וואָס זאָלען בעוואַסערען און שפּייזען דאָס אייגען אידישע פעלד מיט די קולטור־עלעמענטען פון דער פרעמד, און דער פועל־יוצא פון זייער ארבייט איז געווען אַזאַ, אויף וועלכען זיי האָבען זיך לגמרי ניט געריכט און פון וועלכען זיי מעגען זיך רייסען די האָר פון קאָפּ פאַר עגמת־נפש: זיי האָבען אוועקגעלעגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ נייעם אייגענעם פראָגרעסיווען לעבען פון דעם אידישען פאָלק אין גלות... אין אַזעלכע לענדער, ווי רוסלאַנד, גאַליציע און רומעניע, וואו נאָר די העכערע, געבילדעטערע קלאַסען האָבען זיך אַסימילירט, וואו די גרויסע מאַסען האָבען נאָך אָבגעהיט זייער שפּראַך און זייער נאַציאָנאַלען לעבען, האָט זיך דער אַסימילאַציאָנס־אידעאַל פערפלאָנטערט אין אַ ממה נפשך, וואָס מוז אויף אַלע פעלען פיהרען צו זיין באַנקראָט.

ממה נפשך! בענוגענט זיך גיט די „אַסימילאַציע" מיט פּראָפּאַגאַנדאַ און אפּיקורסישע רייד, נאָר אַסימילירט בפועל, ד.ה. רייסט אָב הדרך איהר ארבייט גאַנצע שטיקער פון פאָלק און מאַכט זיי, לויט דער שפּראַך און אַלע פאָרמען פון דעם לעבען, גלייך צו דער אַרומיגער בעפעלקערונג, איז יעמאָלט ציהט זי אָב פון פאָלק אַלע כוחות, וואָס וואָלטען קאָנען ווירקען אויף איהם, און ער ווערט פערגליווערט אין זיינע אַלטע פאָרמען אונטער דער השפּעה פון זיינע צדיקים, רבנים, בעלי־שם'ס און אַנדערע אונז גוט־בעקאַנטע

כלי קודש פון אַמאָל. דאָס פאָלק ווערט יעמאָלט פערזוכט אין אַלטער רעאַקציאָנער־נאַציאָנאַלער פאָרם, וועלכע קיין פּראָגרעסיוו־מענשליכער געדאַנק פון דער פרעמד קאָן ניט דורכרייסען.

אַלאַ וואָס דען? דער אַסימילאַטאָר האַלט זיך ניט איין. עס צופּט איהם בעהן צום פאָלק גופא, פרעדיגען אין דער שפּראַך פון דעם פאָלק זיינע אַלגעמיין־מענשליכע אָדער אַסימילאַטאָרישע אידעאַלען. יעמאָלט געווינט ער טאַקי אַ גרויסע השפּעה אויף די מוחות און די הערצער פון די פּראָגרעסיווע שיכטען פון דעם אידישען פאָלק, — דער עיקר, דער אַרבייטערשאַפט, — אָבער זיין פּראַקטישע אַרבייט געהט להיפך צו זיין טהעאָרעטישען אידעאַל. ער פּ ר ע ד י ג ט פרעמדע קולטור און פרעמדע שפּראַך און ב ו י ט אַן אייגענע קולטור אין אַן אייגענע שפּראַך. און דער רעזולטאַט איז, אַז דאָס פאָלק וואַכט אויף און הויבט אָן לעבען אין אַ פּראָגרעסיווער פאָרם, אָבער פאָרט אַ נאַציאָנאַל־אידישער.

סוף־כל־סוף מוז דער דאָזיגער א י נ ע ו ו ע נ י ג ס ט ע ר ו ו י ד ע ר ש פּ ר ו ך צווישען דעם אַסימילאַציאָנס־אידעאַל און דער ריין נאַציאָנאַלער, ווען אפילו אַנטי־נאַציאָנאַליסטישער פּראַקטיק, ווערען קלאָר אפילו פאַר דעם פערביסענסטען אַסימילאַטאָר, און אויב זיינע אויגען זענען נאָך פערקלעפּט מיט דעם אַלטען אַסימילאַטאָרישען פּאַפּ, יענעם העלפט די בעוואוסטזיניגע פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע פּראָפּאַגאַנדאַ פון דעם בונדיסט, דעם פּועלי־ציון, דעם גלות־נאַציאָנאַליסט אויפרייסען זיינע אויגען — און די אַסימילאַטאָרישע אידעאָלאָגיע באַנקראָטירט אויך אין דער טעאָריע.

אַזוי אָדער אַזוי, — אָבער דער צוזאָג פון דער אַסימילאַציע, אַז זי וועט אויפהויבען דעם קולטור־מעמד פון די מאַסען, מוז בלייבען אומערפילט, דער „וועקסעל”, וואָס זי האָט אין דעם פרט אַרויסגעגעבען, מוז ווערען „פּראָטעסטירט”. טריאומפירט די אַסימילאַציע אין דער ווירקליכקייט, יעמאָלט שטאַרבט אָב דאָס קולטורעלע לעבען פון די אידישע מאַסען, נעהמט זי זיך אָבער באמת פאַר הויבען דעם קולטור־צושטאַנד פון דעם פאָלק, יעמאָלט קאָן זי ניט פערטרייבען די גייסטער, וועלכע זי מוז אַרויסרופען זי ווערט אַליין איינגעשלונגען פון דער געבוירענער קולטור, עס

[illegible] איהר [illegible] אחר כשר'ע נשמה און זי ווערט מגולגל אין א פראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם.

דער לעצטער פאַל איז געווים דער פרעהליכסטער רעזולטאַט פון דער אַסימילאַציעס באַנקראָט. דערפאַר איז אין דעם דריטען צוזאַג איהרען, אין דעם פּרט פון אויסלייטערען די אידישע נשמה, וואָס איז אַזוי פערשטויבט געוואָרען אין דעם חושכ'דיגען גלות־לעבען, — דער רעזולטאַט פון איהר באַנקראָט שוין גאָר ניט קיין געהויבענער און ניט קיין פרעהליכער.

מיר ריהרען דאָ אָן אַן אייטערנדע וואונד אין דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק. מיר האָבען דאָ אין זין יענעם מהות מענש, וואָס די פּראַקטישע אַסימילאַציע אָדער דאָס שטרעבען צו איהר האָט בעשאַפען.

געווים מוזען מיר קודם כל מודה זיין, אַז איינצעלנע אַסימילירטע אידען האָבען בעוויזען פאַר דער וועלט מוסטערען פון מענשען, פאַר וועלכע עס ווילט זיך בויגען די קניע. איך מיין דאָ, דער עיקר, יענע אמת'ע העלדען, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט אַרויס געשטעלט אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף, דער סאָציאַליסטישער טהעאָריע און אין דער בעשאַפערישער אַרבייט אויף אַלע פעלדער פון דער מענשליכער פּראָגרעסיווער קולטור. מיט אַזאַ מהות מענש האָבען מיר זיך ניט וואָס צו שעמען, אדרבה, עס איז דאָ, באמת, מיט וואָס צו זיין שטאָלץ. איך מוז אויך צוגעבען, אַז די שפּעטערדיגע הורות פון דער אַסימילירטער אינטעליגענץ האָבען אַרויסגעבראַכט ניט ווייניג גאַנץ נאָרמאַלע מענשען, מיט וועלכע מיר האָבען פון דעם פּסיכאָלאָגישען שטאַנדפּונקט אַ רעכט דורכאויס צופרידען צו זיין.

אָבער לאָמיר זיך ניט לאָזען פערבלענדען די אויגען מיט יענע איינצעל־פעלען. קוקט זיך בעסער צו צו די גרויסע מחנות פון יענע קריעכער און זיך־דורכשטופּערס, וואָס פילען אָן די לעהר־אַנשטאַלטען, די פּרעסע, דאָס טהעאַטער און דאָס פרעמדע געזעלשאַפטליכע לעבען; צו יענע זיך אַסימילירנדע אָדער זיך נאָר וואָס אַסימירטע, פאַר וועמען די פרעמדע קולטור איז ניט אַ פעלד פאַר אידעלע טהעטיגקייט צוליעב דער מענשליכער ענטוויקלונג, נאָר אַ קאַמפּפּלאַץ פאַר אַן עגאָאיסטישער קאַריערע, אַ געיעג־פעלד נאָך געלד,

מאַכט, אַ קלינגענדען נאָמען, אַ בכבוד'ען אָרט צווישען די רייכע, זאַטע, מעכטיגע פון דעם פרעמדען פאָלק. וואו אין דער גאַנצער וועלט וועט איהר געפינען נאָך מעהר „הינטישע פעל", איידער גראַד ביי דער חברה סטודענטען, אַדוואָקאַטען, דאָקטוירים, ליטעראַטען, קינסטלער און רייכע „נגנאַציאַנטען", וועלכע די אַסימילאַציע זיצט אוים אַ דור נאָך אַ דור! ווי דאָס שטופט זיך מיט די עלענבויגענס! ווי דאָס טרעט אומברחמנות'דיג דעם שוואַכערען! ווי דאָס קריעכט דעם אַנדערען אין די גרגרת אַריין! ווי דאָס בעט זיך און חנפה'ט זיך און קויפט זיך אונטער ביי דעם שטאַרקערען! ווי דאָס לעקט די הענד און ווידעלט מיט'ן עק, אַ סך ערגער, איידער דער הייגע'שער „הונט מיט הינטישע געדאַנקען!".

דאַרף איך אייך דערמאָהנען די שמד־מגפה, וואָס האָט ניט לאַנג אַזוי העפטיג געשניטען אין רוסלאַנד, די מגפה, פון וועלכער מען איז נאָך עד־היום ניט פטור געוואָרען?

איך האָב ניט איינמאָל אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג און איך מוז אויך דאָ אָפען און קלאָהר ערקלעהרען, אַז יעדער איינער, וואָס זאָגט זיך אָב על פי עהרליכען אינעווענינסטען גלויבען פון דעם יודאאיזם און נעהמט אָן על פי ערליכען אינעווענינגסטען גלויבען וועלכע אמונה איהר ווילט, פערליערט קיין ברעקעל רעספעקט ניט אין מיינע אויגען און אויב זיינע נייע געדאַנקען לאָזען איהם בלייבען טריי צו די נאַציאָנאַלע האָפענונגען פון דעם אידישען פאָלק און אויב ער ערציהט זיינע קינדער אין דיזעלביגע נאַציאָנאַלע האָפענונגען, איז ער מיר אַ טרייער ברודער גלייך מיט אַלע אַנדערע ברידער מיינע פון מיין פאָלק.

אָבער וועלכער שוטה וועט זיך לאָזען איינשמועסען, אַז צווישען די פיעלע טויזענטער גע'שמד'טע פון די לעצטע יאָהרען אין רוסלאַנד וועט זיך געפינען, לאָז זיין, איין פראָצענט פון אמת־גלויביגע קריסטען!

און ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? איך גלויב גאַנץ זיכער, אַז אויב אפילו צווישען דער אידישער יוגענד וואָלטען זיך איצטער געקאָנט געפינען מענשען, וועמעס רעליגיעזער גלויבען האָט אינוועניג אין האַרצען בעקומען אַ קריסטליכע פאָרם, וואָלטען

קיין איינער פון זיי, דוקא אוים טרייהייט צו זייער אמת קריסטלי־בען גלויבען, גראד איצט ניט געקאנט ארויסטרעטען פון יודענטום, ניט געטארט אריבער צום שמד, מחמת דעם פשוט'ען טעם, ווייל דאס וואלט געהייסען, ווי מען האט דאס שוין לאנג געזאגט, פער־לאזען דעם לאגער פון די פערפאלגטע און אריבער אין דעם לאגער פון די פערפאלגענדע, פערלאזען די דולדער און אנטלויפען צו די פייניגער, — א חטא, וואס קיין אמת'ער תלמיד פון ישו דעם נוצרי וואלט זיך קיין מאל ניט געקאנט מוחל זיין.

ניין! איך קאן מיר ניט פארשטעלען, אז אפילו א י נ ע ר פון די טויזענטער גע'שמד'טע זאל האבען אנגענומען דעם פרעמדען גלויבען מיט'ן גאנצען הארצען. דאס זענען געווען און דאס זענען גאנץ פשוט'ע היגטישע נאטורען, וואס וועלען אייך טאטע־מאמען פערקויפען, די אייגענע נשמה אויסשפייען, אבי צו־צושלאגען זיך צו דעם טאפ ליגזען, צו וועלכען זייער נשמה רייסט זיך מיט אזא האסטיגען אימפעט; דאס זענען פשוט'ע צ י ג י י נ ע ר, וואס האלטען, ווי יעדער ציגיינער, אז יענע רעליגיע איז די בעסערע, פאר וועלכע מען גיט מעהר חזיר־שמאלץ.

ווער האט אבער ארויסגעבראכט די דאזיגע חזיר־שמאלץ־נא־טורען, אויב ניט די אסימילאציע? אויב ניט דער כרען פאנאנדער־צורייסען אלע ווענד, וואס טיילען אב דעם אידען פון דעם ניט־אידען, וואס גיבער צו־צופאסען זיך צו דער פרעמדער סביבה אזוי, אז זי זאל גאר ניט בעמערקען, אז אין איהר דרינגט אריין עפעס פרעמדעס און צולעגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט ווי אין דעם פאטערס וויינגארטען?

אט דאס וועלען וואס גיכער ווערען „אוים איד”, וואס גיכער ווערען אין אלץ גלייך צו דעם פרעמדען מוז זיין פערבונדען מיט דעם שטרעבען וואס טיעפער צו בעהאלטען דאס אייגענע, צו פער־לייקענען עס, צו פערלייגען עס פאר זיך אליין אדער לכל הפחות פאר דעם פרעמדען. אויף אט דעם אינווענייגסטען שקר, אויף דעם חוצפה'דיגען ליגען אז „איך בין ניט איך, נאר דו” איז אויפגעבוים די גאנצע טהעאריע און די גאנצע פראקטיקע פון דער אסימילאציע און ווי יעדער ליגען, וואס גנב'עט זיך אריין אין דער נשמה, האט אויך דער שקר פון דער אסימילאציע געמוזט, ווי א ווארעם, אויס־

עסען אין איהר דאס געפיהל פון געזונטע מענשליכע חשיבות, פון דעם אייגענעם ווערטה.

קאנען מיר באמת שטארק פעראיבעל האבען אויף דער אנטיסעמיטישער כאראקטעריסטיק, וועלכע מיר געפינען ביי א סך עהרליכע שונאים אונזערע (מיר האבען דאך געווים אויך עהרליכע שונאים), וואס מאלט אונז דעם אידענס נשמה, בעדינקט אין גאנצען מיט אייטעלקייטע וואונדען? זיי האבען פארמוליר: דאס, וואס זיי האבען אנגעטראפען אין זייער לעבען, און אין זייער לעבען האבען זיי געזעהן דעם רעליגיעזען משומד אדער דעם קולטור־משומד, די צופוילטע נשמה מיט איהר „הלעיטני" נאך דעם מאטעריעלען און געזעלשאפטליכען ערפאלג, מיט איהר סריעכען אין שטויב פאר דעם שטארקען און דער אויפגעבלאזענער גדלות פאר דעם שוואכען.

אמת, די דאזיגע צופוילטקייט בעמערקט זיך נאר אין דעם ערשטען אדער העכסטענס אין דעם צווייטען דור פון די אסימילירטע אידען. די דורות, וואס ווערען אויפגעצאהרט אין דער שוין אסימילירטער אידישער סביבה, וואקסען אויס מיט א סך א נארמאלערער און חשוב'ערער פסיכיק. דער אינווענינסטער סוביעקטיווער שקר איז אין זיי פערשוואונדען. זיי פיהלען זיך באמת ווי רוסען, פוילען, דייטשען, פראנצויזען. אבער דער א ב י ע ק ט י ו ו ע ר שקר פון דער אסימילאציע בלייבט אויך דא. די ארומיגע וועלט גיט זיי פריהער אדער שפעטער צו פיהלען, אז זיי לעבען אין א גרויסען טעות. אויף יעדען שריט און טריט בעווייזט זי זיי, אז „דו ביסט דו און ניט איך", און אין דער אויסגעגלייכטער, נארמאלער מענשליכער נשמה פון די שפעטערע אסימילירטע דורות, דערהויפט ביי די איידעלסטע עקזעמפלארן פון זיי, וואקסט אויס די ט ר א ג ע ד י ע פון דעם אסימילירטען אידען, וואס איז מיט זיין גאנצען הארצען צוזאמענגעוואקסען מיט דעם פרעמדען פאלק און דער פרעמדער קולטור און ביי וועמען דאס לעבען הויבט מיט אמאל אוועק אלץ, וואס איז איהם אזוי ליעב און אזוי טהייער, — די טראגעדיע פון דעם בן־מלך, וואס דערוויסט זיך אין איין שיינעל־שווערען פריה־מארגען, אז ער איז א „פערביטענער", וועמען האט על פי טעות אויפגעצאהרט ווי א פרינץ...

ווי עקעלהאפט איז קאמיש עס איז — ביי דאס רוב זיך אפי־

מילירענדע — דער פאָרם פון דער אַסימילאַציע אין דעם ערשטען דור, זיזוי ערנסט און טיעף טראַגיש איז דער בראָך אין דער נשמה פון דעם אונשולדיג אַסימילירטען, בעת עס עפענען זיך איהם אויף די אויגען אויף זיין ווירקליכער נאַציאָנאַלער לאַגע און אויף דער רעאַליע, וועלכע ער שפיעלט אין דעם פרעמדען לעבען. שוואַכערע נאַטורען געהען אַרויס געבראָכען פון יענעם טראַגישען קאָנפליקט אין דער נשמה: זיי ווערען היסטעריש, אָדן אַ ברעקעל אינהאַלט אין לעבען. באַלד שפּיעלען זיי חוצפה'דיג דעם אויף צו־להכעיס פויל, דעם אויף צו־להכעיס דייטש; באַלד ווידער ווערען זיי נער־ווען אויף צו־להכעיס אידען, וואָס דערעסען יעדען איינעם מיט זייער שטענדיגען קליינליכען אידישען ראַסען־שטאָלץ. דאָס רוב בלאַגעט זיך אום ווי שאָטענס מיט צונויפגעפרעסטע ליפען, מיט אַן אייביגער וואונד, בעהאַלטען טיעף אין דער ברוסט, און נאָר ווענ־גע, די שטאַרקערע, די מוטיגע געהען אַרויס בשלום פון יענער טראַגעדיע, ווען זיי געפינען ווידער דעם וועג צו זייער פאָלק, ווען זיי פערבינדען ווידער זייער לעבען מיט דעם גאַנצען היסטאָרישען גורל פון זייער אומה. ערשט יעמאָלט הויבט ווידער אָן אָטהעמען פריי זייער ברוסט, גלייכט זיך אויס זייער רוקען, און די נשמה געפינט איהר יסוד און איהר רוהיגען האַלט.

אַזוי האַלט דאָס די אַסימילאַציע אויך דעם דריטען צוואַג איהרען — אויסגלייכען די פּסיכיק פון דעם אין גלות פערהויקער־טען אידען. אין איהר אָנהויב בעדעקט זי די נשמה מיט בייזלען און אייטערנדע קרעץ, אין איהר מיטען פערוויקעלט זי די אויסגע־היילטע נשמה אין אַ טראַגישען קאָנפליקט מיט זיך גופא און דער וועלט און אין דעם סוף, ווען די נשמה קומט ווידער אַ געלייטער־טע צו זיך, איז שוין יעמאָלט — אַ סוף צו דער אַסימילאַציע...

באַנקראָט אין דעם פונקט פון אַנטיסעמיטיזם; באַנקראָט אין דעם פונקט פון קולטורעלע ענטוויקלונג; באַנקראָט אין דעם פונקט פון בעשאַפען אַ בעסערען מהות מענש, — אָט דאָס איז דער סך־הכל פון דער אַסימילאַציע.

איך וויל בשום אופן ניט לייקענען, אַז דער אַסימילאַציאָנס־פעריאָד פון דער אידישער געשיכטע האָט אונז פיעל גוטעס גע־בראַכט. עס איז בכלל ניטאָ קיין פעריאָדע איז אַ געשיכטע פון אַ

פאלק, וואס זאלען זיין „כולו חייב”, לויטער פינסטערניש און צער. אבשעצען דאס גוטס, וואס די אסימילאציע האט געבראכט דעם אידישען פאלק, — דאס האלט געמאכט ווערען אין א בעזונדערער היסטארישער אויספארשונג. דא אבער האבען מיר נאך צו פערשטעהן, פאר וואס די אידעאלען פון דער אסימילאציע האבען געמוזט פערבלאסט ווערען אויף אונזער גייסטיגען הימעל, און פארוואס עס האט זיך געמוזט אנהויבען א נייער פעריאד אין דער געשיכטע פון דעם אידישען פאלק, וואס טרעט קודם כל ארויס אין א העפטיגען קאמף אנטקעגען דער אסימילאטארישער צייט...

איך האף, אז אפילו דאס ווייניגע, וואס איך האב אנגעריהרט וועגען דעם ענין פון אנטיסעמיטיזם, פאלקס-קולטור און אידישע פסיכיק, מוז מאכען קלאר יעדען איינעם, פאר וואס מיר לויפען צוריק פון יענעם וועג, אויף וועלכען מיר האבען געגלויבט צו דערגרייכען די העכסטע אידעאלען פון דער מענשליכער ענטוויקלונג און פאר וואס מיר שטויסען זיך צונויף מיט דעם אסימילאטאר ברוסט אנטקעגען ברוסט. אבער ניט פון די פראגרעסיווע אלגעמיין-מענשליכע אידעאלען אנטלויפען מיר און ניט צוריק אין די אלטע הייהל ארייין ווילען מיר ארייינשטויסען די, וואס זענען נאר וואס אנטלאפען פון דארטען. מיר זוכען אן א י ג ע נ ע ם וועג פאר דער פראגרעסיווער ענטוויקלונג פון דעם אידישען פאלק, פאר דער פערווירקליכונג פון אויפקלעהרונג און סאציאליסטישע גערעכטיגקייט אין אלע ווינקעלעך פון זיין לעבען, — אן א י ג ע נ ע ם וועג, ווייל דער אלטער וועג פון אסימילאציע, אויף וועלכען מיר האבען פריהער געזוכט דעם אידעאל, האט אונז דערפיהרט ביז צו א תהום, וואו עס לויערט די גלות-שלאנג מיט איהרע דריי קעפ: דעם פערשארפטען אנטיסעמיטיזם, די פערהויקערטע אידישע קולטור, די צוקראכענע אדער צובראכענע אידישע נשמה.

און אויף דעם נייעם אייגענעם וועג פון קאמף אנטקעגען אסימילאציע, פון שאפען א פראגרעסיווע אלגעמיין-מענשליכע קולטור אין אן אייגענער אידישער פארב רופען מיר אלעמען, וועמען עס איז ענג אין דער אלטער הייהל...

דער נייער וועג איז נאך ניט אינגאנצען אויסגעטרעטען. עס

דר. ח. זשיטלאווסקי

געהען נאך אן ספסוקים וועגען דעם, וואהין ער וועט סוף־כל־סוף פיהרען: צו אן אייגענער פראגרעסיווער קולטור אין די גלות־לענדער? צו אן אייגענער היים ערגעץ־וואו אין דעם וועלטען־רוים? צו דער ווידערגעבורט פון אונזער אלטער היים אין ארץ־ישראל? צו דער פערווירקליכונג פון אלע דריי מעגליכקייטען? עס געהען נאך אן די אלטע צוועהטיגטע און פארפלאנטערטע ספקות, אבער פון זיי, פון אלעמען לייכט שוין ארויס, ווי א זון, דער קלארער אמת:

דער ערשטער בעדינג צו שטעלען זיך אויף דעם נייעם וועג, איז פערלאזען דעם אלטען. דער קאמף אנטקעגען דער אסימילאציע אין טהעאריע און פראקטיק, אנטקעגען אלע איהרע אפענע און בע־האלטענע פארמען, אין וועלכע זי טרעט ארויס אדער גנב'עט זיך אריין אין אונזער לעבען, איז דער ערשטער בעדינג פאר אונזער קאמף פאר דער ווידערבעלעבונג פון דעם אידישען פאלק, פאר דער פערענטפערונג פון דער אייביגער אנגעוועהטיגטער אידישער פראגע. מיר מוזען ווידער ווערען סאלידאריש מיט דעם געשיכט־ליכען גורל פון אונזער פאלק; ווידער אנהויבען שפינען דעם פאדים פון זיין נאציאנאלער ענטוויקלונג; פערזיכערען איהם א רוהיגען, נארמאלען, פראגרעסיווען לעבען אויף אייגענע אידיש־נאצ־יאנאלע יסודות; ארבייטען פאר זיין אריינטרעטען אין דער משפחה פון דער פראגרעסיווער מענשהייט, ווי א גלייכבערעכטיג־טער ברודער צווישען ברידער; פאר זיין ווייטערדיגער נאציא־נאלער ענטוויקלונג אין מענשליכער ווערדע און חשיבות.

(ערשינען אין א בעזונדער בראשור, ארויסגעגעבען פון דעם פועלי־ציון פערלאג: „נייע וועלט", וויען, 1914).

# די ענטוויקלונג פון דעם נאציאנאל־בעוואוסטזיין

דער נאציאנאליזם, — דער בעוואוסטזיין פון אן אייגענעם נאציאנאלען „זעלבסט", די ליעבע צו דעם אייגענעם פאלק און די איבערגעבענקייט צו זיינע אינטערעסען, — איז אזוי אלט, ווי די עקזיסטענץ פון איינצעלנע, פערשידענע פעלקער, און וועט דויערן אזוי לאנג, ווי לאנג עס וועלען נאך זיין פעלקער אויף דער וועלט, ד. ה. אזוי לאנג, ווי עס וועט זיין א קולטור־שאפענדע מענשהייט.

אבער ווי אייביג דער נאציאנאליזם זאל ניט זיין פאר דער מענשהייט, האט זיך זיין מהות געביטען פון עפאכע צו עפאכע. גראד אין דער איצטיגער צייט לעבט ער איבער איינע פון זיינע מערקווירדיגסטע מעטאמארפאזען. עס ווערט געבוירען א *נייער נאציאנאליזם*, פון וועלכען די אלטע וועלט האט קיין בעגריף ניט געהאט, און וואס וועט אין דעם משך פון די קומענדע דורות ווערען דער הערשענדער אומעטום.

פעלקער זענען לעבעדיגע ארגאניזמען, און בעשרייבען אלע סימנים, לויט וועלכע איין פאלק קאן זיך אבשיידען פון אן אנדער פאלק, איז אקוראט אזוי אונמעגליך ווי אויסצורעכענען אלע אייגענשאפטען, דורך וועלכע איין לעבעדיגער מענש איז פערשידען פון אן אנדער לעבעדיגען מענשען.

אט האט איהר צוויי ברידער, אזוי ענליך איינער צו דעם אנדערען, ווי א צווילינג, און פונדעסטוועגען זענען זיי צוויי ארגאניזמען און ניט איינער. קוקט איהר זיך געניער צו, וועט איהר געוויס געפינען א וואסער'ן עס איז חילוק צווישען זיי, לאז זיין אין דער ארט, ווי זיי פערקעמען די האר, אדער ווי זיי געהען ארום נאך יונגע דאמען. אבער ניט אט דער חילוק מאכט זיי פאר פערשידענע אינדיווידען. זיי זענען סאי ווי סאי בעזונדערע ארגאניזמען, מיט א חילוק אדער אהן א חילוק.

געוויס, טאר מען די אנאלאגיע צווישען פעלקער און לעבע־

דינע ארגאניזמען ניט טרייבען צו ווייט. אבער אין איין פונקט שטימען זיי אודאי איין: ווי עהנליך צוויי פעלקער זאלען ניט זיין איינער צו דעם אנדערען, האבען זיי יעדערער א בעזונדערען נאציאנאלען זעלבסט־בעוואוסטזיין: אז ניט וואלטען זיי קיין צוויי פעלקער ניט געווען.

אט דער נאציאנאלער זעלבסט־בעוואוסטזיין קאנצענטרירט זיך צו פערשיידענע צייטען און אונטער פערשיידענע אומשטענדען ארום פערשיידענע גרונד־פרינציפען. דער בעשטימטער גרונד־פרינציפ ווערט אזוי צו זאגען דער טרעגער פון דעם נאציאנאלען זעלבסט־בעוואוסטזיין. ער איז דער מיטעל־פונקט פון דעם נאציאנאלען לעבען, דער „קדשי־קדשים" פון דעם פאלק, וואס שיידט איהם אב פון אלע אנדערע פעלקער און רופט ארויס צו זיך דעם ענטהוזיאזם און איבערגעבענקייט פון אלע פאלקס־קינדער.

גאר אין דער גרייז־גראהער צייט איז אט דער גרונד־פרינציפ פון דעם נאציאנאלען זעלבסט־בעוואוסטזיין געלעגען אין דעם רעליגיעזען גלויבען. פעלקער וואלטען אויך יעמאלט געווען פערשיידענע פעלקער, אין וואס זיי זאלען ניט האבען געגלויבט אפילו ווען זיי וואלטען אלע געהאט איין און דיזעלביגע אמונה.

אבער, לויט די קולטורעלע אומשטענדען פון יענער גרייז־גראהער עפאכע, האט יעדעס פאלק געהאט זיין גלויבען, זיין גאט אדער זיין קרייז פון געטער, זיין קולט, זיין ארט צו דינען גאט און אין דעם גלויבען זיינעם האט ער געזעהען דעם בולטסטען סימן פון זיין פאלק, אן „אייביגען" סימן וואס טיילט איהם אב פון אלע אנדערע פעלקער.

פאלק און גאט איז געווען כמעט איין־און־דיזעלביגע זאך. „דיין פאלק איז מיין פאלק, דיין גאט איז מיין גאט", זאגט רות צו נעמי, ווען זי געהט זיך „אסימילירען" מיט דעם אידישען פאלק. די שפראך האט אין יענער צייט נאך ניט געשפיעלט קיין ראליע פון א „נאציאנען־בילדענדען פאקטאר". מואב, עמון, צור, צידון און ישראל — אט די אלע פעלקער, וואס האבען געפיהרט אזא הארטנעקיגען נאציאנאלען קאמף צווישען זיך.

האבען גערעדט אויף איין און דעמזעלביגען לשון, די העברעאישע שפראך, די „שפת העברים“, אדער די „שפת כנען“.

זייער פערשיידענער נאציאנאלער זעלבסט־בעוואוסטזיין האט זיך אויסגעדריקט אין זייערע פערשיידענע נאציאנאלע געטער. האט איין פאלק גובר געווען דעם אנדער פאלק, האט דאס געהייסען, אז איין גאט האט גובר געווען דעם אנדער גאט. „אויך מיט די געטער זייערע וועל איך זיך איבערעכענען“, זאגט דער אידישער גאט צו זיין פאלק, ווען ער זאגט איהם צו, מנצח צו זיין זיינע שונאים.

די קאנצענטרירונג פון דעם נאציאנאלען זעלבסט־בעוואוסטזיין ארום דער אייגענער רעליגיע איז שוין ארויסגעוואקסען אין א צייט, ווען די פעלקער האבען נאך ניט געוואוסט פון אייגענע לענדער און האבען ארומגעוואנדערט, ווי יעגער אדער פיה־פיטערער: דער גאט איז נאך ניט געווען צוגעבונדען צו א וועלכען עס איז ארט. ער האט געלעבט אין דער מיט פון א פאלק, וואס האט איהם ארומגעפיהרט מיט זיך, וואוהין עס פלעגט געהן.

שפעטער, ווען די פעלקער זענען געווארען זיצהאפט, איז, א דאנק דער רעליגיע גופא, אויסגעוואקסען א נייער גרונד־פרינציפ ארום וועלכען עס האט זיך געגומען קאנצענטרירען דער נאציאנאלער זעלבסט־בעוואוסטזיין: דער פרינציפ פון דעם אייגענעם לאנד.

מיט דעם איבערגאנג פון א וואנדער־צושטאנד אין א זעצהאפטען, זענען די פאלקס־געטער צונויפגעוואקסען מיט די ארטסגעטער. דער גאט פון דעם בוים, אדער דעם בארג, אדער דעם טייך איז אויך געווארען דער גאט פון דעם פאלק, וואס האט זיך בעזעצט לעבען זיי. צוריק איז דער גאט פון דעם פאלק געווארען דער אויבערהאר פון דעם לאנד, וואס דאס פאלק האט איינגענומען. עס וואקסען איצטער צונויף די בעגריפען „גאט“ און „לאנד“, ווי פריהער זענען געווען (און א לאנגע צייט געבליבען) צונויפגעוואקסען די בעגריפען „גאט“ און „פאלק“.

דאס לאנד ווערט בעטראכט, ווי א מתנה פון דעם גאט. און דער לאגיק פון יענער צייט איז געלעגען דער געדאנק, אז פעלקער האבען ניט דערפאר פערשיידענע געטער, ווייל זיי לעבען אין פער-

שיידענע לענדער, נאר דערפאר האבען זיי פערשיידענע לענדער, ווייל זיי בעלאנגען צו פערשיידענע געטער.

אט קלארסטען האט דעם געדאנק ארויסגעזאגט דער אידישער שופט יפתח אין זיין שליחות צו דעם מלך פון די בני־עמון (דארט זיין: מואב), וואס האט געוואלט ציעהען אין קריעג אנטקעגען די בני־ישראל: „וואס דיך האט געמאכט ארבען כמוש, דיין גאט, דאס זאלסט דו ארבען, און אלע, וואס אונז האט געמאכט ארבען יאהועה, אונזער גאט, דאס וועלען מיר ארבען".

די צונויפשמעלצונג פון גאט און לאנד אין דעם נאציאנאלען זעלבסט־בעוואוסטזיין איז צו א צייט געווארען אזוי שטארק, אז מען האט גאנץ זיכער געמאגט זאגען: אין וועמעס לאנד איך לעב, צו יענעמס גאט איך דיען. דוד בעקלאגט זיך פאר שאול'ן, פאר וואס מען פערטרייבט איהם פון דער אייגענער היים, „פון יאהועה'ס ארב" (נחלת ה') און מען צווינגט איהם „צו דיענען פרעמדע געטער" (לאמר לך עבד אלהים אחרים).

די ליעבע צו דעם אייגענעם לאנד איז נאך ניט געשטאנען אין דעם צענטער פון דעם נאציאנאלען זעלבסט־בעוואוסטזיין. זי איז געווען א צוריקגעשטראהלטער געפיהל פון דער ליעבע צו דעם אייגענעם גאט, ווי אויך די ליעבע צו דעם אייגענעם גאט איז אין תוך אריין ניט געווען קיין אנדער זאך, ווי נאר א צוריקשטראהלונג פון דער ליעבע צו דעם אייגענעם נאציאנאלען זעלבסט.

אבער ביסלעכווייז האט זיך דער נאציאנאלער בעוואוסטזיין בענומען בעפרייען פון דעם רעליגיעזען עלעמענט און וואס ווייניגער ער האט זיך געקאנט צונויפבינדען מיט דעם „אייגענעם גאט", — אלץ מעהר האט ער זיך געמוזט צונויפגיסען מיט דעם אייגענעם לאנד

די ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען געדאנק איז אריבערגעשפרונגען די מאזע פון נאציאנאלע רעליגיעס. אין דער וועלט פון דער גריכיש־רוימישער ציוויליזאציע, פון וועלכער עס שטאמט אב אונזער מאדערנע קולטור, רייסט זיך אריין די אוניווערסאל־מענשליכע אמונה, וואס איז אויסגעארבייט געווארען פון אונזערע אידישע נביאים און וואס איז, ביי די תלמידים פון ישו דעם נוצרי,

אין גאנצען אבגעריינגט פון א וועלכן עס איז נאציאנא-לען עלעמענט.

דאס קריסטענטום, ווי די צוויי אנדערע אוניווערסאלע רעלי-גיעס, דער מאהאמעדאניזם און דער בודהיזם, האבן געמאכט אונ-מעגליך, אז דער נאציאנאלער זעלבסט-בעוואוסטזיין פון די פעלקער זאל זיך איינשליסען אין דער נאציאנאלער רעליגיע.

כמעט אלע פעלקער האבן זיך, א דאנק דער מאכט פון דעם געדאנק (מיט דער הילף פון דעם שווערד) געמוזט אבזאגען פון זייערע נאציאנאלע געטער און אמונות. זיי האבן שוין ניט גע-קאנט זאגען: „אונזער פאלק, — דאס איז אונזער גאט, דאס איז אונזער גלויבען", ווייל זיי אלע האבען געבויגען זייערע קעפּ פאר דעם וועלט גאט, וואס איז איינער פאר אלע פעלקער. און ווען אפילו יעדעס פאלק האט די אוניווערסאלע רעליגיע איבערגעארבייט אויף זיין אייגענעם שטייגער, אריינגעגאסען אין איהר זיין אייגענעם נאציאנאלען כאראקטער, האט איהר אלגעמיין-מענשליכער כאראק-טער פארט נישט געקאנט דערלאזען, אז זי זאל ווערען דער צענטר פון דעם נאציאנאלען זעלבסט-בעוואוסטזיין, און דער נאציאנאליזם הויבט זיך אן מיט נאך א גרעסערער מאכט איינצושליסען אין דער ליעבע צו דעם אייגענעם לאנד.

„מיין פאלק, — דאס איז מיין לאנד!" ווערט דער אינווע-ניגסטער לאזונג פון דעם נאציאנאל-געפיהל. דער רעליגיעזער פעריאד פון דעם נאציאנאל-בעוואוסטזיין געהט איבער אין א פּ א ט ר י א ט י ש ע ן, וואס איז נאך דער הערשענדער עד היום.

אבער שוין וואקסט ארויס אין דעם בעוואוסטזיין פון די פּראג-רעסיווע פעלקער א נייער פּרינציפּ, וואס שטופּט אב אן א זייט דעם פּאטריאטישען, ווי די פאטערלאנדס-ליעבע האט פערביטען מיט זיך די ליעבע צו דעם אייגענעם נאציאנאלען גאט.

1-טען אויגוסט, 1915.

# אַלטער און נייער נאַציאָנאַליזם

אין דער אַלטער גריוז־גראָהער צייט, האָבען מיר געזאָגט, איז דער נאַציאָנאַליזם געווען אַ רעליגיעזער. „מיין פאָלק, — דאָס איז מיין גלויבען"; אַזוי האָט מען געקאָנט פאָרמולירען דעם תוך פון דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין.

די רעליגיע איז געווען דער סימן, וואָס האָט אָבגעטיילט איין פאָלק פון דעם אַנדערען; די רעליגיע איז געווען דער צעמענט, וואָס האָט פערבונדען אַלע קינדער צו איין פאָלק; זי איז געווען דער הייליגער אוצר, וועלכען יעדערער האָט געטראָגען אין זיין ברוסט, פאַר וועלכען מען האָט זיך מוסר נפש געווען, וועלכען מען האָט בעשאַרפט אָבהיטען פון פערשווינדען און איבערגעבען בירושה צו די קומענדיגע דורות.

דער רעליגיעזער גלויבען האָט אָבער געקאָנט שפּילען אַזאַ ראָליע אַזוי לאַנג, ווי עס זיינען געווען נאָר נאַציאָנאַלע רעליגיעס, אַזוי לאַנג ווי יעדעס פאָלק האָט געקאָנט זאָגען: „ילך איש בשם אלהיו ואנחנו בשם אלהינו נלך", „זאָל זיך יעדער געהן אין נאָמען פון זיין גאָט, מיר וועלען געהן אין דעם נאָמען פון אונזער גאָט".

די ענטוויקלונג פון דעם רעליגיעזען געדאַנק האָט אָבער געפיהרט דערצו, אַז „פאָלק" און „רעליגיע" האָבען נאָר אין אויסנאַהמס־פעלען געקאָנט צונויפגעשמאָלצען ווערען אין איינעם. עס זיינען אויסגעוואַקסען אוניווערזעלע רעליגיעס, וואָס טרעטען אַרויס מיט דער פּרעטענזיע, אַז זיי זענען אַלגעמיין־מענשליכע אמת'ען, פון וועלכע קיין מענש טאָהר זיך ניט אָבזאָגען. די רעליגיעס האָבען זיך ווייטער צושפּאָלטען אין איינצעלנע סעקטען און ריכטונגען, מיט דיזעלבע אוניווערסאַלע, אַלגעמיין־מענשליכע פּרעטענזיעס.

דער רעזולטאַט האָט געמוזט זיין, אַז איין רעליגיע האָט אַרומגענומען אַ סך פעלקער און איין פאָלק האָט אַרומגענומען עטליכע רע

ליניעס. אַלע פעלקער, וואָס האָבען אויסגעביטען זייער פריהערדיגען נאַציאָנאַלען גלויבען אויף אַ העברעאישען, אַן אוניווערסאַלען, האָבען ניט געקאָנט אין דער נייאַנגענומענער רעליגיע זעהען דעם סימן פון זייער נאַציאָנאַליטעט. ווי היילי עס איז פאַר זיי ניט געווען דער נייער גלויבען, האָט ער פאָרט ניט געקאָנט ווערען אַ נאַציאָנאַלער הייליגטהום; דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבעוואוסטזיין האָט געמוזט אויסגעפינען אַן אַנדער פּרינציפּ, וואָס זאָל קאָנען בעטראַכט ווערען פאַר דעם סימבאָל פון דער נאַציע, פאַר דעם הייליגען אוצר, וועלכען דאָס פאָלק דאַרף אָבהיטען און איבערגעבען בירושה צו זיינע קינדער.

דאָס אייגענע לאַנד איז געוואָרען דער צענטר פון דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין. „מיין פאָלק, — דאָס איז מיין לאַנד, צוליעב מיין לאַנד וועל איך מיך מקריב זיין; צוליעב זיין גרויס און צוליעב זיין רוהם וועל איך לעבען און שטאַרבען". אַט דאָס איז געוואָרען דער לאָזונג פון דעם איצטיגען, פּאַטריאָטישען נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט פעראייניגט אַנהענגער פון פערשיידענע גלויבענס אין דעם געפיהל פון פאָטערלאַנדס-ליעבע.

אָבער אויך אַט דער, לפי ערך נייערער, נאַציאָנאַלער פּרינציפּ דערלעבט איצטער קולטור-היסטאָריש זיינע לעצטע יאָהרען. דיזעלבינע טעמים, וואָס האָבען געטריבען דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין צו בעפרייען זיך פון דער רעליגיע, הויבען איצט אָן צו טרייבען איהם, ער זאָל זיך בעפרייען פונ'ם פּאַטריאָטיזם, ווייל אַקוראַט אַזוי גוט, ווי עס קאָנען איצטער ניט צונויפפאַלען אין איינעם „פאָלק" און רעליגיע", אַזוי ווערט אַלץ שווערער, אַז עס זאָלען צונויפפאַלען אין איינעם „פאָטערלאַנד" און „פאָלק".

דער פּאַטריאָטיזם גופא טרייבט דערצו, אַז עס זאָלען פאַנאַנדערגעשפּאָלטען ווערען די בעגריפען „נאַציע" און „פאָטערלאַנד". אין מיין ליעבע צו מיין אייגענעם לאַנד ליעגט שוין דאָס שטרעבען צו מאַכען עס גרעסער, אַרויפצוצווינגען זיין מאַכט אויף אַנדערע פעלקער און לענדער. וואָס גרעסער עס ווערט מיין „פאָטערלאַנד", אַלץ מעהר פרעמדע פעלקער געהען אין איהם אַריין, און אַלץ וועניגער ווערט מיין לאַנד אַ סימן פון מיין פאָלק. ס'איז אמת, אַז פאַר דעם הערשענדען פאָלק הערט דאָס לאַנד ניט אויף צו זיין אַ סימן

פון זיין נאַציאָנאַליטעט, אפילו, ווען אין איהם וואוינען אַ סך אַנ־
דערע פעלקער. דער רוס איז אַ רוס ווייל ער שטאַמט פון רוסלאַנד,
און צו זיין „מאַטושקאַ רוס" געהערען מאָסקווע און וואַרשע און
טיפליס און אָדעס. אָבער דער אַרמעניער פון טיפליס קאָן שוין
ניט זאָגען: איך בין אַן אַרמעניער דערפאַר, ווייל איך שטאַם פון
רוסלאַנד. אויב „פאַטערלאַנד" זאָל ווערען דער מהות פון נאַציאָ־
נאַליטעט, יעמאָלט מוזען אַלע אַנדערע פעלקער פון וועלכען עס
איז לאַנד פערליערען זייער נאַציאָנאַלען מהות, אַ חוץ, פערשטעהט
זיך, דעם הערשענדען פאָלק.

אָבער אויך דאָס הערשענדע פאָלק איז ניט אַלע מאָל אין גאַנ־
צען ביי זיך אין דער היים. דייטשען וואוינען אין דייטשלאַנד,
רוסלאַנד, שווייצאַריע און עסטרייך (איך רעכען דאָ ניט אַמעריקאַ,
ווייל איך האַלט מיך נאָך אַלץ פאַר מיין אַלטען כלל: „אין מביאין
ראיה מאַמעריקאַ"). פראַנצויזען וואוינען אין פראַנקרייך, בעלגיען
און שווייצאַריע. אַלע פראַנצויזען זיינען קינדער פון איין פאָלק,
אָבער זיי זיינען פאַנאַנדערגעריסען געוואָרען דורך דעם פּרינציפּ
פון „פאַטערלאַנד".

וואָלט זיך די מענשהייט געקאָנט אַזוי איינאָרדנען, אַז יעדעס
פאָלק זאָל האָבען זיין איינען לאַנד, און קיינער זאָל ניט וואוינען
אין דער פרעמד, וואָלט יעמאָלט „נאַציאָנאַליזם" און „פאַטריאָ־
טיזם" אַלע מאָל געקאָנט געהן האַנד אין האַנד. אָבער ווענען אַזאַ
אוטאָפּיע קאָן מען גאָר ניט חלום'ען און עס וואָלט אויך ניט געווען
קיין איבעריגס שענער חלום. מען קאָן ניט פאַנאַנדערדרייסען די
ערד אויף שטיקלעך און צוטיילען זי צווישען פערשיידענע פעל־
קער. מענשען האָבען אַ רעכט צו וואוינען, וואו זיי ווילען, וואו עס
פּאַסט פאַר זיי בעסער, און זיי האָבען אַ רעכט אויף זייער נאַ־
ציאָנאַליטעט, וואו זיי זאָלען ניט זיין.

יע, אַ סך אַ שענערער חלום איז, — און אפשר גאָר ניט אין
גאַנצען אַ חלום, — אַז מיט דעם נאַציאָנאַלען „פאַטערלאַנד" זאָל
פּאַסירען דיזעלביגע זאַך וואָס מיט דעם נאַציאָנאַלען „גאָט". פון
די נאַציאָנאַלע געטער איז אויסגעוואַקסען איין גאָט פאַר אַלע פעל־
קער; און פון די „פאַטערלענדער" קאָן אויסוואַקסען א י י ן
„פאַטערלאַנד" פאַר דער גאַנצער מענשהייט, — די מוטער ערד!

עלנבלפנים זייגען די איצטיגע „פאַטערלענדער" א צופעליגע זאַך, און די גרעניצען פון א לאַנד קאָנען אַלץ שווערע און שווערער צונויפפאַלן מיט די גרעניצען פון א פאָלק.

דאָס נאַציאָנאַלע בשוואוסטזיין מוז דעריבער אויסקלייבן א נייעם פּרינציפּ, ארום וועלכען ער זאָל זיך קאָנען קאָנצענטרירען, און אָט דער נייער פּרינציפּ פאַר דעם נאַציאָנאַלען זעלבסט-בעוואוסטזיין האָט אין די זעכציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט פּראָקלאַמירט פאַר דער וועלט דער מאָדערנער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם.

דער סאָציאַליסטישער גרונד-פּרינציפּ פאַר דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין איז — די שפּראַך און די קולטור-אוצרות, וואָס ווערען געזאַמעלט און געשאַפען אין דער שפּראַך.

אין די פּרינציפּען דערקלערונגען, וואָס דער ערשטער „אינטערנאַציאָנאַל" האָט ארויסגעלאָזען, געפינען מיר אויך אזא דערקלערונג.

„עס דאַרפען ניט זיין קיין אַנדערע נאַטירליכע גרעניצען, א חוץ די גרעניצען פון דער שפּראַך, קיין אנדער נאַציאָנאַלע אָבגעזונדערטקייט א חוץ די, וואָס ווערט בעשאַפען דורך די פּראָדוקטען פון אן אַלגעמיינער ליטעראַטור." („דער פאָרבאָטע", 1871, נומ. 3. פערגלייך מיין ביכעל: „דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע", ז. 16).

עס פערשטעהט זיך, אז דער סאָציאַליזם האָט דעם נייעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ ניט פון די פינגער אויסגעזויגען. ער איז שוין לאַנג געווען אין לעבען און ארום איהם האָט זיך שוין לאַנג גענומען קאָנצענטרירען דאָס נאַציאָנאַלע בעוואוסטזיין פון יענע פעלקער, וואָס האָבען ניט געקאָנט בויען זייער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ ניט אויף דעם יסוד פון דער רעליגיע, ניט אויף דעם יסוד פון אן אייגענעם פרייען לאַנד.

די טשעכען, צום ביישפּיל, האָבען שוין מיט א פינף-הונדערט יאָהר צוריק, אין הוס'עס צייטען פערשטאַנען, אז זייער נאַציאָנאַלער לעבען האָט ניט קיין ממשות, האָט ניט קיין היילינגטום, פאַר וועלכען יעדער איינער זאָל זיך מקריב זיין, אויב זיי זאָלען ניט אָנהויבען צו פערגעטערען זייער פאָלקס-שפּראַך, וויל אויף פּאָליטישע

זעלבסטשטענדיגקייט האָבען זיי ניט געקאָנט רעכענען, און אין זייער רעליגיע האָבען זיי זיך ניט אָבגעשיידט פון אלע אנדערע סאָטאָליקען.

אויך די יידישע ראַדיקאַלע משכילים פון דעם סוף אכטצעהנ־טען און דעם אָנהויב נייַנצעהנטען יאָרהונדערט, וואָס זיינען פרעמד געוואָרען צו זייער רעליגיע, און וואָס האָבען נאָך וועניגער, איידער ווער עס איז אַן אַנדערער, געקאָנט טראַכטען וועגען אַן אייגען לאַנד, האָבען זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם ה ע ב ר ע א י ש, ווי אָן א נייעם היילינטהום, וואָס זאָל פערבינדען אלע קינדער פון דעם אידישען פאָלק צו איין אייגהייטליכען אָרגאַניזם.

שפּראַך, — און די ליטעראַטור אין דער שפּראַך, — איז איצ־טער שוין אומעטום געוואָרען דער נאַציאָנאַלער גרונד־פּרינציפּ פאַר אלע יענע אונטערדריקטע פעלקער, וואָס קעמפּפען פאַר זייער נאַציאָנאַלער גלייכבארעכטיגונג אין עסטרייך, רוסלאַנד און אַלע אַנדערע פיעלפעלקערליכע מדינות.

דער סאָציאַליזם האָט אויפגענומען דעם נייעם נאַציאָנאַליס־טישען פּרינציפּ, דער עיקר דערפאַר, ווייל ער איז דער איינציגער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ, וואָס געהט ניט נאָר ניט להיפוך צו די פאָדערונגען פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס, נאָר וואָס איז, אדרבה, ענג אויסגעבונדען מיט דער פּראָגרעסיווער ענטוויק־לונג פון א וועלכען עס איז פאָלק: וואָס רייכער די שפּראַך און וואָס רייכער די אוצרות, וואָס זענען אָנגעזאַמעלט אין איהר, אלץ העכער איז די קולטור־מדרגה פון דעם פאָלק.

בוי איך מיין נאַציאָנאַליזם אויף דער רעליגיע, אָדער איבער־הויפּט אויף א וועלכער עס איז „נאַציאָנאַלער אידעע”, יעמאָלט מוז איך אריינלעגען אין חרם אַלע קינדער פון מיין פאָלק, וואָס קאָנען ניט אָננעהמען יענע רעליגיע, ניט יענע „נאַציאָנאַלע אי־דעע”.

בוי איך מיין נאַציאָנאַלן זעלבסטבעוואוסטזיין אויף א בע־שטימטען לאַנד, יעמאָלט מוז איך זיך אָבזאָגען פון יענע קינדער מיינע, וואָס פאָהרען פון איהם ארויס, אָון. ווייל איך זיין קאָנסער־קוועגט, מאָר איך ניט אריינלאָזען קיין קינדער פון א „פרעמדען” פאָלק אין „מיין” היים.

ווערט אָבער מיין נאַציאָנאַליזם בעגרינדעט אויף מיין שפּראַך און אויף דער קולטור אין מיין שפּראַך, איז יעמאָלט בעגרעניץ איך ניט קיינעמ׳ס געדאַנקען־פרייהייט און מיין נאַציאָנאַליטעט ווערט אונאָבהענגיג פון דעם צופעליגען לאַנד, אין וועלכען איך וואוין.

דער נייער נאַציאָנאַליזם — דער שפּראַך־נאַציאָנאַליזם — ווערט איצטער געבויט פון אַלע פעלקער. אָבער זיין פולע הערשאַפט אין לעבען וועט אריינטרעטען ערשט יעמאָלט, ווען עס וועלען אָבגעשאַפט ווערען די „שטאַאַטען" און ווען דער בילדונגס־צושטאַנד פון די פעלקער וועט זיך אויפהויבען אויף אַזאַ מדרגה, אַז זיי וועלען אָנהויבען צו פערשטעהן, אַז „שפּראַך און ליטעראַטור" פערדיענען צו ווערען הייליגטימער פאַר א פאָלק אין א סך אַ גרעסערען גראַד, איידער די רעליגיע אָדער דאָס פאַטערלאַנד.

בוי איך מיין נאַציאָנאַלען זעלבסטבעוואוסטזיין אויף אַ בעמען די רעליגיע מוז בלייבען אַ פּריוואַט־זאַך, זיין געצוואונגען איינצופונדעווען זייער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ אויף דעם יסוד פון אן איינגענעם לאַנד מיט פּאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט. אין דעם לאַנד גופא אָבער וועלען זיי מוזען אָנווענדען אַלע זייערע כחות, כדי וואָס רייכער צו ענטוויקלען זייער שפּראַך און זייער ליטעראַטור און אָנפילען זייער נאַציאָנאַל־בעוואוסטזיין אַט מיט דעם נייעם פּראָגרעסיווען פּרינציפּ.

4-טן אויגוסט, 1915.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

# הענרי בערגסאָן און דער נאַציאָנאַליזם

---

אין דער ענגלישער פּרעסע איז אָבגעדרוקט אַן אינטערעסאַנטער אינטערוויו פון סענאַטאָר אַלבערט בעווערידזש מיט איינינע גדולים פון פראַנקרייך וועגען דער פראַגע: פאַרוואָס פראַנקרייך פיהרט דעם קריעג. צווישען די גדולים געפינט זיך אויך דער אידישער פילאָסאָף הענרי בערגסאָן, וועמעס נאָמען עס איז אין דער לעצטער צייט געוואָרן בעריהמט איבער דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

בערגסאָן'ס מיינונגען וועגען דעם איצטיגען קריעג זענען שוין אַפּטמאָל איבערגעגעבען געוואָרען אין דער טעגליכער פּרעסע, אויך אין דער אידישער. זיי בעשטעטיגען אַן איבעריגען מאָל די כאַראַקטעריסטישע ערשיינונג פון דעם איצטיגען קריעג. יעדער „פּאַטריאָט פון זיין פאַטערלאַנד" האַלט, אַז אין דעם קריעג איז שולדיג דער צד שכנגד, און אַז די מלחמה, וואָס זיין לאַנד פיהרט, איז אַ מלחמת מצוה, ווייל איהר צוועק איז—פערטיידיגען די הייליגסטע אינטערעסען פון דער מענשליכער ציוויליזאַציע און קולטור. עס פערשטעהט זיך, אַז די דאָזיקע הייליגע אינטערעסען זענען אימער געשטעלט געוואָרען אין געפאַהר דורך דער עגאָאיסטישער פּאָליטיק פון דעם געגנער.

דער עקאָנאָם בעלייכט דאָס מיט די נויטען פון דער אַלגעמיין מיט דער בעדערפנים פון אַ לאַנג־דויערנדען וועלט־פריעדען, דער פילאָסאָף מיט די פאָדערונגען פון די העכערע אידעאַלעגימער, פאַר וועלכע די מענשהייט קעמפט אין איהר פּראָגרעסיווען גאַנג.

איך בין לײדער ניט בעקאַנט מיט אַלע מיינונגען פון אַלע „גדולים", וואָס זענען פערעפענטליכט געוואָרען אין דער פּרעסע וועגען דעם איצטיגען קריעג. אָבער עס וואָלט מיך ניט געוואונדערט,

ווען מען וואָלט מיר דערצעהלט, אז צווישען די אינטערוויואירטע בעריהמטקייטען געפינען זיך אויך אויטאָריטעטען אין דער מאטעמאטיק, אָדער אין דער מוזיק, אָדער אין דער מאַסאזש־קונסט אָדער אין שאך־שפּיעל, וואָס האָבען פון דעם שטאנדפּונקט פון זייער וויסענשאַפט אָדער קונסט באוויזען, פאר וואָס זייער פאטערלאנד האָט זיך געמוזט אריין ווארפען אין קריעג און פאר וואָס די אינטערעסען פון זייער פאך, וואָס איז אזוי וויכטיג פאר דער מענשהייט, זענען אזוי ענג צונויפגעבונדען מיט'ן נצחון פון זייער פאטערלאנד.

און איך וואָלט גרייליך געוואָלט בעקאַנט ווערען מיט אזעלכע אינטערוויו'ען. וויסען וואָלט איך לכתחילה געוואוסט, אז דער צונויפבונד פון זייער ליעבלינגס־פאך מיט דעם איצטיגען קריעג וואָלט זיך ארויסגעשטעלט אַן אויסגע'מוח'טער, פון פינגער אויסגעזויגענער פּלפּול. אָבער אגב אורחא וואָלט איר מסתמא בעקאַנט געוואָרען מיט אַ אינטערעסאנטער מיינונג פון אַ פאכמאַן וועגן זיין פאך.

ווער רעדט, אז מען האָט פאר זיך ניט אַ מומחה אין מאַסאזש אָדער שאך־שפּיעל, נאָר אַ ריעז פון דער אַלעסאַרומנעהמענדער פילאָסאָפיע, און דערצו נאָך איינעם, וואָס טראָגט דעם נאָמען בערגסאָן, קאָן מען אודאי זיין זיכער, אז וואָס פאר אַ נאַר... (איך האָב שיעור ניט געזאָגט: „נארישקייטען”!), אז וואָס פאר אַ משונה'דיגע געדאנקען ער זאָל ניט ארויסזאָגען וועגען דעם שאָדען, וואָס דייטשלאַנד וואָלט אָנגעטאָן דער מענשהייט, ווען פראַנקרייך זאָל עס ניט האָבען געכאַפּט ביי דער האַנד, וועט ער פון דעסטוועגען אגב אורחא ענטוויקלען אַן אינטערעסאַנטע אַלגעמיינע פראַגע.

דאָס מאָל האָט בערגסאָן פערבונדען זיינע געדאַנקען וועגען דייטשלאַנד'ס אומרעכט און פראַנקרייך'ס יושר מיט דער פראַגע וועגען דעם נאַציאָנאַליטעטען־פּרינציפּ אין דער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג, — אַ פראַגע, וואָס איז טעאָרעטיש נאָך עד היום אַ ברענענדיגע פאר דעם שרייבער פון די שורות און פאר אַ סך פון אונזערע לעזער.

מיר וועלען דעריבער, אויף וויפיעל מעגליך, ארויסלאָזען בערגסאָן'ס בעשולדיגונגס־אקט אַנטקעגען דייטשלאַנד און זיינע שבחים פאר זיין ליעבען פאטערלאַנד און ארויסנעהמען פון דעם אינטערוויו נאָר יענע שטעלען, וואָס האָבען אַ דירעקטע שייכות צו דעם נאַציאָ־

נאַלען פּראָבלעם: די מיינונג פון אַ בערגסאָן וועגען דעם ענין איז לכל הדעות ווערטה, זי זאָל אויסגעהערט ווערען.

„מיר דענקען", זאָגט בערגסאָן, און אונטער „מיר" פערשטעהט ער: „מיר די פראַנצויזען", — „מיר דענקען, אַז יעדע נאַציע, וואָס האָט ענטוויקעלט אַ קולטור, האָט אויפגעטאָן עפּעס ווערטפולעס פאַר דער גאַנצער מענשליכער ראַסע. לאָז דייטשלאַנד אָנהאַלטען איהר קולטור און ענטוויקלען זי; אָבער לאָז אויך פראַנקרייך אָנהאַלטען איהר קולטור און ענטוויקלען זי. אַט די מאַניפעסטירונג פון דער מענשליכער ענטוויקלונג פון פאַרשיידענע געזיכטס־ווינקלען בעציי־כענט דעם פּראָגרעס. עס וואָלט אָבער געווען שלים פאַר דער וועלט, ווען איין סיסטעם זאָל ווערען אוניווערסאַל און דאָס שלימע ווערט דורכגעפיהרט איבער געוואַלד".

„מיר, פראַנצויזען, גלויבען, אַז ווען אַ פאָלק האָט זיך ענטוויקעלט צו אַ נאַציע, האָט דאָס דורכדעם בעוויזען זיין רעכט אויף אַ בעזונדערע עקזיסטענץ און אַז דער געדאַנק, דער אידעאַל, די קולטור פון יענער נאַציע, גראַד ווי זיי האָבען זיך ענטוויקעלט, איז אַ בייטראַג צו דער סומע פון דעם מענשליכען אוצר פון גליק. דעריבער זאָגען מיר, אַז קיין נאַציע, קיין חילוק ניט, ווי מאַכטפול זי איז, האָט ניט קיין רעכט און טהוט ניט קלוג, ווען זי צווינגט אַרויף איהר אינטעלעקטועלע הערשאַפט איבער אַן אַנדער נאַציע, קיין חילוק ניט ווי שוואַך אָדער קליין זי זאָל ניט זיין. נעהמט, צום ביישפּיעל עלזאַס־לאָטרינגען. דייטשלאַנד האָט זיך געמיהט אַרויפצוצווינגען איהר געדאַנק און איהרע לעבענס־מעטאָדען אויף עלזאַס־לאָטרינגען. וואָלט דאָס פאָלק פון אַט די פּראָווינצען אָנגענומען יענע דייטשע גייסטיגע און מאָראַלישע הערשאַפט, וואָלט געווען וואויל און פיין, אָבער זיי האָבען דאָס ניט געטאָן. זיי זענען געבליבען פראַנצויזען און זענען פראַנצויזען".

ביי די ווערטער האָט סענאַטאָר בעווערידזש אַוועקגעשטעלט איהם אַ קלאָץ־קשיא, איבער וועלכער דער גרויסער דענקער איז שיער ניט געשטרויכעלט געוואָרען. ער האָט זיך אָבער גאַנץ פיין אַרויסגעדרעהט, לפחות, אין דעם געשפּרעך.

„אויב איך פערשטעה אייך גוט, הערר בערגסאָן", האָט איהם

דער אינטערוויוער אַ זאָג געטאָן, „איז דאָס, וואָס איהר זאָגט, אויך ביי אונז, אַמעריקאַנער, אַ פּרינציפּ; און פון דעסטוועגן האָבען מיר אַריינגענומען אַ גרויסען טייל פון אונזער טעריטאָריע און זיך ניט גערעכענט מיט איהם. האָט איהר ניט געטאָן דאָס אייגענע מיט אייערע בעזיצונגען און קאָלאָניעס — אַלזשיר, מאַראָקאָ און די אַנדערע?"

„מען קאָן ניט זאָגען", האָט געענטפערט הערר בערגסאָן, „אַז דאָס זענען געווען נאַציעס. דאָס זענען געווען קריעגערישע שבטים. ביי זיי איז ניט געווען ניט קיין סאָלידאַריטעט, ניט קיין נאַציאָנאַלער בעוואוסטזיין. זיי האָבען ניט בעוויעזען פאַר דער וועלט די ניצליכקייט פון זייער שטורעמדיג־אומרוהיגען צושטאַנד אפילו פאַר זיי גופא. אונזער טעאָריע ווענען אַ פאָלק, וואָס האָט זיך צונויפגעשמאָלצען אין איינעם אזוי, אַז ער איז געוואָרען אַ קאָלעקטיווע מענשליכע איינהייט, קאָן ניט אַנגעווענדעט ווערען אויף באַנדעס אינדיווידועןן אין אַ צושטאַנד, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען די איינוואוינער פון אַלזשיר, מאַראָקאָ, איידער פראַנקרייך האָט גענומען זאָרגען וועגען זיי".

איך זאָג: הערר בערגסאָן האָט זיך דאָ פיין ארויסגעדרעהט. פריהער האָט ער גערעדט קלאָרע דבורים. אַ נאַציע, וואָס האָט אַ קולטור, מעג די נאַציע זיין ווי קליין און שוואַך, האָט אַ רעכט אויף אַ בעזונדער עקזיסטענץ. קיינער וועט ניט לייקענען, אַז די „באַנדעס אינדיווידועןן" פון מאַראָקאָ, אַלזשיר און די אַנדערע פראַנצויזישע קאָלאָניעס, האָבען, יעדערע בעזונדער, געהאַט זייער אייגענע קולטור, ווייל עס איז ניטאָ קיין גרופּע מענשען אויף דער וועלט, ווי ווילד זי זאָל ניט זיין, וואָס זאָל ניט האָבען קיין קולטור. אַ גרופּע מענשען איז דערפאַר אַ גרופּע פון מענשען און ניט פון חיות, וואָס זי ענטוויקעלט קולטור. די „באַנדעס" אָדער די „קריעגערישע שבטים" האָבען ניט געקאָנט זיין קיין אויסנאַהם פון יענעם כלל. זיי האָבען גאַנץ געוויס געהאַט זייער קולטור און יעדער שבט האָט זיך געמיהט צו פיהרען זיין אייגענע קולטורעלע זעלבסטשטענדיגקייט. דער גאַנצער חטא פון אַט די קליינע פעלקערלעך איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבען זיך "תמיד געריסען צווישען זיך. און וואָס? זענען זיי דערפאַר חייב מיתה? פערליערען זיי דערפאַר

זייער רעכט אויף א נאציאנאלער עקזיסטענץ? קענען דען ניט פאר אזעלכע זאכען ביי די גרויסע, די גאר אנטוויקעלטע נאציעס?

הערר בערגסאן פיהלט, אז זיין ערשטע פארמולירונג פון א פאלק און זיין רעכט אויף עקזיסטענץ, קאן בשום אופן ניט פער־ענטפערן פראנקרייך'ס געוואלדזאמע אנעקסיע פון יענע לענדער און די געוואלדזאמע ארויפצווינגונג פון דער פראנצויזישער קול־טור אויף יענע שבטים. דעריבער שטעלט ער ארויס נייע סמנים פון ט נאציע, נייע בעדינגונגען פאר נאציאנאלע רעכט. „א נאציע", זאגט ער, „איז א קאלעקטיווע מענשליכע איינהייט, וואס איז געקו־מען צו סאלידאריטעט און צו א נאציאנאלען בעוואוסטזיין". די בעפעלקערונג אין די פראנצויזישע קאלאניעס איז אבער בעשטא־נען פון „באנדעס אינדיווידוען", „קריעגערישע שבטים".

בערגסאן'ס תירוץ, קאן זיין, איז ריכטיג פאר זיך, ווי אן ענטפער אויף א שאלה, וואס איז א נאציע? ער האט אבער קיין ברעקל וואג ניט, ווי אן ענטפער אויף דער פראגע, וואס סע־נאטאר בעווערידזש האט אוועקגעשטעלט.

ערשטענס, איז י ע ד ע ר ש ב ט, ווי קליין און שוואך ער זאל ניט זיין, א קאלעקטיווע מענשליכע איינהייט, וואס האט סאלי־דאריטעט און א נאציאנאלען בעוואוסטזיין, ד. ה., דאס בעוואוסט־זיין פון דעם, אז ער איז פאר זיך א „מענשליכער קאלעקטיוו", וואס שיידט זיך אב סאי פון דער גאנצער מענשהייט, סאי פון אנ־דערע שבטים אין איין לאנד. און צווייטענס — ווייס דען ניט בערגסאן, אז אלע גרעסערע נאציעס האבען זיך אנטוויקעלט פון אזעלכע איינצעלנע שבטים? און אויב פאר איהם איז אזוי טייער די עקזיסטענץ פון יעדער נאציע, וואס קאן ארויסברייננגען אן איי־גענע קולטור, האט ער געדארפט פראטעסטירען אנטקעגען דעם, וואס פראנקרייך האט פערכאפט יענע לענדער און וויל מיט גוואלד אבשטעלען ביי יענע שבטים דעם פראצעס פון צונויפוואקסען אין א גרעסערען נאציאנאלען קאלעקטיוו.

עס איז שוין אבער אן אלטער כלל: כמעט אלע פראגרעסיווע נאציאנאליסטישע טהעארעטיקער ווערען אונטריי צו זייערע איי־גענע טהעאריען, ווי נאר מען הויבט אן צו רעדען וועגען די רעכט פון יענע פעלקער, וועלכע זייער פאלק האט איינגעשלונגען אדער קלייבט זיך איינצושלינגען. וויפיעל יושר און אמת ליעגט אין די

טענות פון די פוילשע נאַציאָנאַליסטען אנטקעגען רוסלאַנד! און ווי ווערען יענער יושר און יענער אמת געטראָטען פון זיי מיט די פיס, ווי נאָר מען ברענגט ארויס די רייד אויף די נאַציאָנאַלע רעכט פון דעם אידישען פאָלק!

נאָר — לאָמיר דאָס מאָל לאָזען אָט די טרויעריגע ערשיינונג אַ זייט. ס'איז וויכטיג פאר אונז בעקאַנט צו ווערען מיט בערג־סאָן'ס מיינונג ניט ווען ער ווערט אַ פראנצויזישער פאַטריאָט און פאלט אראָב פון זיין אייגענער טהעאָרעטישער הויך, נאָר ווען ער בלייבט דער דענקער מיט דעם ברייטען בליק אויף דעם גורל פון דער גאַנצער מענשהייט.

בערגסאָן גלויבט, אז דער הויפּט־פּונקט, פאר וועלכען עס ווערט געקעמפט אין דעם איצטיגען גרויסען קריעג איז דאָס—פּראָבלעם פון „בעזונדערע פערשיידענע ענטוויקלונגען פון בעזונדערע און פערשיידענע פעלקער אנטקעגען דער שטייפער און אומנאַטירלעכער איינפאָרמיגקייט". דאָס איז אַ קאַמף", זאָגט ער, „צווישען פרייהייט און אַבסאָלוטיזם. זאָל אייראָפּאַ און די גאַנצע וועלט ווערען פון איין מין, אָדער זאָלען די נאַציעס, וואָס זיינען פער־שיידען איינע פון דער אַנדערער, אָדער פון וועלכען יעדע שטייגט אריבער די אַנדערע אין אַ וועלכען עס איז פּרט, פּראָגרעסירען אין די נאַטירליכע ליניען פון זייער אייגענער ענטוויקלונג?"

בערגסאָן מאַכט אפשר אַ געוואַלדיגען טעות, ווען ער זאָגט, אז דאָס איז דער פערבאָרגענער פילאָסאָפישער זין פון דעם איצטי־גען וועלט־קריעג. אָבער ער איז בלי ספק גערעכט, ווען ער מיינט, אז דאָס איז דאָס גרויסע פּראָבלעם, וואָס שטעהט איצטער פאר דער מענטשהייט, און עס קאָן אונז נאָר פרעהען, ווען אויך אַזאַ גרויסער דענקער, ווי בערגסאָן, שטעהט צו צו יענעם ענטפער אויף דער פּראָבלעם, וואָס איז אין דער מאָדערנער צייט ארויסגערוקט געוואָרען פון דעם אידישען סאָציאַליזם אין דער געניאַלער טהע־אָריע פון משה העסס און זיינע נאָכפאָלגער — די טהעאָרעטיקער פון דעם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל.

24־טען מאַי 1915.